גראף ל. נ. טאָלסטאָי.

# קאָזאַקען

א קאווקאזער געשיכטע.

איבערזעטצט פון רוסיש דורך

בעל־מחשבות.

מיט אַ פאָררעדע פונ'ם איבערזעצער.



פערלאג „אינטערנאציאָנאַל־ביבליאָטעק".

נױ־יארק     װארשױ

1912.

# טאָלסטאָי דער קינסטלער.

## I.

1852, נאָך קוים 24 יאָהר אַלט האָט טאָלסטאָי פער־עפענטליכט זיין ערשטע קינסטלערישע אַרבייט אין דער רוסישער ליטעראַטור אונטער די ראשי תיבות ל. נ. ט. „די קינדהייט" האָט געהייסען זיין ערשטעס בעלעטריסטישעס ווערק, און דער איינדרוק פון זיין ערשטער פעדער־פּראָבע איז געוועזען אַזוי גרויס, אַז די רוסישע גאון'ישע שרייבער פון יענער צייט, ווי נעקראַסאָוו, טורגעניעוו, גריגאָראָוויטש און אַנדערע האָבען באַלד דערפיהלט, אַז עס וואַכסט אַן'ערשטקלאַסיגער טאַלענט פאַר די רוסישע ליטעראַטור. טורגעניעוו, וואָס איז מיט 10 יאָהר עלטער געוועזען פאַר טאָלסטאָיען, און וועלכער האָט שוין אויסגעפּיעט אַרויסצוגעבען די ערשטע אויסגאַבע פון זיינע אונשטערבליכע „מעמוארען פון אַ יעגער" האָט זיך זאָגאַר אויסגעדריקט, „אַז דער יונקערעל וועט נאָך אַמאָל אונז אַלעמען אַריבעריאָגען".

זייט דאַן זענען פערפלאָסען כמעט 6 צעהנדליג יאָהרען, און דאָס אינטערעס צו טאָלסטאָי'ס קונסט איז נישט פערמינערט געוואָרען ביז צום לעצטען אָטהעמצוג פון זיין לעבען; און אויך איצט ווען די גאַנצע געבילדעטע וועלט האָט זיך שמערצליך בעטייליגט אין דעם טוידעסקאַמף פון געניאַלען מענשען און קינסטלער, האָט נישט אויפגעהערט דאָס אינטערעס, האָט מען נישט אויפגעהערט זיך צו אינטערעסירען מיט די איבריג גע־בליעבענע קונסטווערק פון טאָלסטאָי, ווי „חאַדשי מוראַט", „פאָטער סערגעי" און אַנדערע, וועלכע וועלען אין גיכען וואַהר־שיינליך געדרוקט ווערען צום ערשטען מאָל.

טאָלסטאָי אַלס קינסטלער איז אַריין אין דער ליטעראַטור כמעט אַ פאַרטיגער, אַ רייפער. ווען אויך עס איז אָנגענומען, אַז זיין קינסטלערישע נשמה איז אין גאַנצען צייטיג געוואָרען אין

די 60=ער און 70=ער יאָהרען פון פ. יאָהר ה., ווען ער האָט געשאַפען „קריעג און פריעדען“ (1868) און „אַנאַ קארענינא“ (1873 1876) — דאָך דאָס איז אַלץ גערעדט, ווען מען בעטראַכט טאָלסטאָיען לויט זיינע קינסטלערישע אויפגאַבען, נישט לויט זיינע פעהיגקייטען נאָך צו בעהערשען די קינסטלערישע טעכניק. דען שוין אין די זאַכען, וואָס זענען בעשאַפען געוואָרען אין די 50=ער יאָהרען „די קאָזאַקען“, (1852) „סעבאַסטאָפּעלער ער= צעהלונגען“ (1854=5) שטעהט פאַר אונז דער קינסטלער אויף דער אונבעגרייפליכער הויכקייט פון אַנ'אָריגינעלער קונסט=טעכניק, וואָס נעהמט אַרום אַלץ, וואָס זעהט נאָר אַנ'אויג און דערשפירט אַנ'אויער.

מען מעג זאָגאַר ציעהען אַ פּאַראַלעל צווישען „אַנאַ קאַרענינאַ“ און „די קאָזאַקען“ אויך אין דער קינסטלערישער אויפגאַבע. דען דאָ ווי דאָרטען זעהען מיר האָבען מיר אַ ברייטע עפּישע שילדערונג פון לעבען פון אַ גאַנצער געזעלשאַפט, זייער וואָכענדיגען און יום=טוב'דיגען לעבען, זייער פריידען און ליידען. אויך דאָ, ווי דאָרטען זעהען מיר אַנ'איינגעאַרטיגע מענשליכע געזעלשאַפט ביי דער אַרבייט, ביי דער מנוחה, ביי'ן טאַנץ ווי בי'ן קריעג, ביי'ן טוידעסמוטהיגען געיעג אויף חיות און מענשען, אין שטאַל ביי די קיה, אין די גערטנער ביי'ן וויינקלייבען, הינטער די ברייטע פויערשע אויווענס, וואו עס ברייט זיך אַ געטראַנק פאַר די מענער, נעבען די אַיינגעפאַלענע פאַרקענס ביי די גערטנער, וואו יונגע ליפען קושען זיך און וואו מען ליעבט זיך, הוליעט, שכור'ט און זינגט. אויך דאָ ווי דאָרטען זעהען מיר זיך פערמעסטען טאָלסטאָיען מיט די איילענבויגענע ווי אַ גבר. דאָס בילד, וואָס ער נעהמט זיך מאָלען בעקומט אַ מאָנומענטאַלע גרויסקייט און זיין מאַלער פענזיל סטאַרעט זיך פעסט צוהאַלטען אַ געוואַלטיגען פייזאַש, אָנגעפילט מיט אַ גרויסע צאָהל מענשען פון אַלערליי טיפען, וועלכע קענען פערנעהמען אַ גאַנצען רוסישען שטעדטעל.

מען קען אויך זאָגען, אַז שוין פון ערשטען אַרויסטרעטען האָט ט. זיך געשטעלט די גרעסטע אויפגאַבען פאַר זיין קונסט, 1852

איז ער אַרויס מיט זיין בוך „די קינדהייט״, אָבער אין זיין גייסט איז שוין געווען פערבונדען דאָס ווערק מיט „די יונגעלשע יאָהרען״ און „די יוגענד״, צו וועלכע עס האָט געזאָלט קומען דאָס ווערק „די מיטעלע יאָהרען״, און וואָס איז אויך ערשיענען אונטער אַנדערע טיטלען אין זיינע שפּעטערע ווערק.

זיינע „סעבאַסטאָפּאָלער ערצעהלונגען״ האָבען זיך געשטעלט, טיעפער גענומען, די אויפגאַבע צו שילדערען דעם מענשען אין קריעג נישט ווי אַ נייעם סאָרט מענשען, וואָס האָט זיך אַוועקגעריסען פון זיין געוועהנליכען לעבען אין פריעדענצייט, נאָר ווי אַ אַזוינעם, וואָס בלייבט דער אייגענער בעשטענדיגער, איינמאָל פאַר אַלע מאָל פעסט־געפאָרמ־טער סיי אין קריעג, ווי אין פריעדען. ער האָט דאָרט צו־בראָכען די ברוק, וואָס מענשען האָבען אויפגעשטעלט צווישען פריעדליכען בירגער און קריעגערישען סאָלדאַטען און אָפּיציערען און האָט קינסטלעריש אונז געוויעזען, דאָס דער חלוק צווישען איש חיל, וואָס לאָזט אָב אַ גראַנאַטע און דעם פּשוט'ען מענשען, וואָס קעמפּפט אייביג זיין אינערליכען לעבענס־קאַמף איז נאָר אַנ'אילוזיע, וואָס ווערט בעשאַפען דורך דעם מונדיר און דער ספּעציעלער פּראָפעסיע.

די זעלבע אויפגאַבע אַלזאָ, וואָס מיר געפינען שפּעטער אויסגעפיהרט אין דעם געוואַלטיגען ווערק „קריעג און פריעדען״ זעהען מיר שטעהען פאַר'ן קינסטלער'ס אויגען אין די „סעבאַס־טאָפּעלער ערצעהלונגען״, שוין מיט 15 יאָהר פריהער.

דאָך אַזוי, ווי די אויפגאַבען פון זיין קונסט זענען קלערער געוואָרען מיט די יאָהרען פון קינסטלער, — טרעטען זיי קלערען און געניאַלער אַרויס ערשט אין די שפּעטערדיגע ווערק פון טאָלסטאָי. די טעכניק אָבער זיינע איז געקומען אויף דער וועלט אין דען זעלבינען טאָג, ווען טאָלסטאָי האָט גענומען די פעדער אין דער האַנד.

שוין אין די ערשטע צייכנונגען פון ט. בעוואונדערען מיר די פולקומענהייט פון דער ענטוויקלונג פון זיינע 5 חושים. ט. זעהט מיט דער קלאָרקייט, גענויאינקייט פון אַ חיה אין

מדבר, ער האָט דעם ציטעריגסטען אויער. ער טאַפּט, ער שמעקט דעם טעם פון יעדען עצם אין דער נאַטור, און דאַביי פערמאָגט ער די וואונדערבאַרע גאַבע אין אַלץ צו זעהען דאָס כאַראַקטעריסטישע, טיפּישע, דאָס, וואָס איז צוגלייך אַנ׳עצם פאַר־זיך און צוגלייך פאַר אַ גאַנצען קלאַס מענשען אָדער פאַר אַ גאַנצען מענשענגעלטער.

ווען מיר לייענען „די קאָזאַקען" די ערטערווייז צוזאַמ־פענע כאַראַקטעריסטיק פון יעראָשקען, זעהען מיר דעם יעראָשקען אין זיין גאַנצען אונגעלומפּערטען וואוכס, מיר שמעקען די ריחות פון זיין פערפּאַטשקעטען יעגער־קאָסטיום, מיר פיהלען די אַלטקייט פון דעם שלעפּער דעם יעגער און די גבורה, וואָס ליעגט אין דעם אַלטען קערפּער; מיר זעהען זאָגאַר זיינע ברודיגע פיס מיט די אויסגעדרעהטע פינגער, וואָס קענען אַזוי קונציג אָבנאַרען אַ חיה מיט זייערע שטילע טריט, מיר פיהלען דעם זיס־זויערליכען טעם אויף דער צונג, ווען מיר בעטראַכטען דאָס שטיבעל פון יעראָשקען, קורץ, מיר פיהלען דעם גאַנצען געריך פון אַ גרויסען קלוגען הונד, וואָס האָט זיך צולעגט צו אונזערע פיס. די איידעלע חושים פון טאָלסטאָי און דאָס געטליכע געפיהל פאַר דאָס כאַראַקטעריסטישע אין אַלץ אויף דער וועלט האָט געבראַכט דערצו, דאָס שוין אין זיינע ערשטע ווערק האָט ט. זיך אויסגעצייכענט מיט׳ן דיאַלאָג, ד. ה. אַז אַלע העלדען פיהרען אַ שפּראַכע, וואָס איז נאָר כאַראַקטעריסטיש פאַר זיי, פאַר דעם טיפּ מענשען זייערען. די נאַטירליכע קלאַנגען פון דיאַלאָג סיי אין דער שפּראַך, ווי אין גאַנצען געדאַנקענגעבייי איז מערקווירדיג ביי ט. שוין פון אַנפאַנג אָן, און עס דוכט זיך, אַז דאָס איז אַרויס פאַרטיג אָהן מיה און מאַטערניש, אָהן שום הכנות.

אָבער נישט נאָר דאָס אַליין האָט אויפגעהויבען ט. אַזוי הויך שוין פון זיין ערשטער אַרבייט אָן. איינע פון די הויפּט־סודות פון, ט—ס קונסט ליעגט אין זיין פערהעלטניש צו דער פּערספּעקטיווע: די אַרט ווי ער שטעלט אַ וועק אַ מענש אין רוים און צייט איז אַזוי אָריגינעל, אַז דעם הויפּטשליסעל

אין דעם כשוף פון ט—ס ווערק מוזען מיר זוכען אין זיין קינסט-לערישע אַרט, ווי ער בענוצט זיך מיט דער פּערספּעקטיווע. און אויך דערין זעהען מיר נישט קיין ענטוויקעלונג. שוין פון „די קאָזאַקען" אָן זעהען מיר זי פאַרטיג אין דעם קינסטלערס בליק. די ווייטערדיגע ווערק האָבען זי נאָר ווייניג פערברייט, און די לעצטע ווערק פון ט. האָבען זי נאָר ענגער געמאַכט.

## II.

די פּערספּעקטיווע פון מאַלער איז די פּערספּעקטיווע פון רוים (חלול), פון וואָרט-קינסטלער — רוים-און צייט-פּערספּעקטיווע. דער מאָלער צייגט אונז אַ מענשען אָדער אַנ'אָביעקט (עצם) נאָר צוגעפּאַסט צו איין מאָס, צום חלול. זיין וויכטיגקייט און נישטיגקייט העננט אָב פון רוים, וואָס רינגעלט איהם ארום; וואָס דער רוים—הינטער-גרונד איז גרעסער, אַלץ נישטיגער שיינט פאַר אונזערע אויגען דער אָביעקט; וואָס ענגער און קלענער דער חלול רינגעלט אַרום דעם מענשען אָדער די זאַך — אַלץ בולט'ער און מאָנומענטאַלער טרעט ער אַרויס פאַר אונז. דער וואָרט-קינסטלער זעהט און מאָלט זיין אָביעקט און פּאַסט איהם צו צו צוויי מאָסען. זיין אויג זעהט זיינע צייטליכע פערענדערונגען, זיין בליהען, וואַכסען, וועלקען, זיינע צאָהלאָזע וויבראַציאָנען, קערפּערליכע פערענדערונגען און קוים מערקליכע בעוועגונגען און שנוים. דאַדורך וואָס דער אָביעקט האָט נאָך חוץ זיין בעציעהונג צום רוים נאָך אַ בעציעהונג צו דעם צייט-הינטערגרונד — איז שוין נישט אַזוי לייכט איהם צו מאַכען, דעם עצם, וויכטיג, אָדער נישטיג, ווי דעם מאָלער. וואָס גרעסער און געוואַלטיגער דער מאָלער מאָלט דעם חלול, אַלץ קלענער ווערען די מאָסען פון זיין קונסט-אָביעקט. ווען אָבער דער וואָרטמאָלער שטעלט אַריין ז" זיין אָביעקט, וואָס ער שילדערט, אין אַ גרויסען צייטען-הינטערגרונד — שטעהט ער אין סכנה צו צושטערען די אָרגאַנישע איינינקייט פון דער צייט, קען איהם אָפּט פּאַסירען צו צו-רייסען אין שטיקער דעם „איך" פון אָביעקט דורך שטאַרקע און

נישט נאַטירליכע איבערגעננגע פון איין צייט אין די אַנדערע. אַנשטאָט איין אָביעקט בעקומען מיר אַסך, וועלכע טראָגען נאָר לפנים איין נאָמען, איין האַראַקטער, איין טיפּ אויף זיך. צוגלייך שטעלט זיך דער וואָרטמאָלער אין פאָרוים פאָר אַז ביים לעזער איז אַזוי שטאַרק און גענױט דאָס געפיהל פון אין־סוף פון דער־צייט, ווי פון חלל; און דאָס איז ביים מיטעלען מענשען וועניגער ענטוויקעלט, ווי דאָס געפיהל פון אין־סוף אין רוים. נאָר דורך אַנ׳איינגענעם שטאַרקען געפיהל קען ער דערהויבען דעם לעזער צו זעהען אַזוי די צייט, ווי ער. איז אָבער דער עצם צוגעפּאַסט צוגלייך צו די צוויי מאָסען, איז איהם לייכט צו געבען אַ נישט־טיגען פּנים און עס איז זעהר שווער איהם צוגעבען אַנ׳איינזעהן פון עפּעס אַ מאָנומענטאַלער זאַך. דען אין אין־סוף פון צייט אין רוים בעקומט אַלץ גאָר אַנ׳אַנדער יוערדע, ווערדט עס „כצל עובר, כחרש הנשבר״, וואָס צופאַלט אין מיקראָסקאָפּישע זעמ־דעלעך.

דער וואָרט־מאָלער פיהלט און ווייס דאָס, און נעהמט בכיון קורצע צייטען און אַ פּאַסיגען רוים־הינטערגרונד.

עס איז נישט קיין צופאַל, וואָס די דראַמאַטישע פאָרם פון די אַלטע גריעכען, וועלכע האָבען זיך אויסשליעסליך אינטערע־סירט מיט׳ן מענשען, נישט מיט דער נאַטור, האָט געפאָדערט, אַז די גאַנצע בעגעבענהייט פון אַ דראַמאַטישען פאַל זאָל נישט אַרבייטען מיט אַ לענגערע צייט, ווי איין מעת־לעת. עס איז אייך דערום קלאָר, פאַרוואָס קען נאָר די סקולפּטור געבען מאָנו־מענטאַלע פיגורען, די דאָזיגע קונסט, וואָס רייסט אָב דעם קונסט־אָביעקט נישט גאָר פון דער צייט, נאָר אויך פון רוים. עס איז אויך קלאָר דעריבער, פאַרוואָס ענדע XIX יאָהרהונ־דערט, ווען מען איז געוואָרען מעהר נאַטוראַליסטיש אין דער קונסט איז בעשאַפען געוואָרען די קורצע נאָוועלע, וואו דער מענש פון אַ גאַנצ־יאָהר אין זיין קליינעם מענשליכען מאָס־שטאַב ווערדט צוגעפּאַסט צו עהנליכע קליינע צייט־און רוים־מאָס־שטאַבען.

טאָלסטאָי, דער וואָרט־קינסטלער איז גאוניש דערמיט, וואָס

ער האָט אויפגעשטעלט זיינע קונסט־אָביעקטען אין אַ געוואַלטיגען ראַהם פון אַנ'אונערהערטען צייט־און רוים־מאַסשטאַב. און דערביי האָט ער אונז נאָך בעוויזען דעם קינץ אַ סך פון זיי צו געבען אַ מאָנומענטאַלען פּנים, וואס בלייבט אין זכרון, ווי ביי מאַנכע וועלט־רייזענדער די פּיראַמידען פון מצרים און די זיעבען וועלט־וואונדער.

אָנהויבענדיג פון זיין „קינדהייט" און ענדיגענד מיט זיין „אויפערשטעהונג" זעהען מיר שטענדיג דעם פּאָעטען מיט אַ גרויס־אַרטיגער צייט־פּערספּעקטיווע אין דעם בליק. ער צולעגט זיינע העלדען אין דער אייביג פליהענדיגער, צושטערענדיגער און בויענדיגער צייט און צווינגט זיי, ווי אין אַ לייטערונגס־אויווען, זיך צו וואַרפען, צאַפּלען, קאָנוואולסיוו זיך דרעהען, וואַכסען, בליהען, וועלקען, זיך אויסלייטערען און פערגעהען, ווי די בלעזלעך פון אַ קאָכעדיגען געטראַנק.

דער מענש ווערדט ביי איהם נישט געשילדערט אין איינאיינציגען, האָטש קאָמפּליצירטען, געגענוואַרטס־צושטאַנד, נאָר אין די הויפּט־שנוים פון זיין לעבען; מיר זעהען איהם אַלס קינד אין דער יוגענד פון זיין טהירישע ליידענשאַפטען, אין זיין שפּעטערן לעבענסקאַמפּף מיט פערשיעדענע אויסערע אומשטענדע אָדער מייסטענס מיט'ן אייגענעם געוויסען; מיר זעהען איהם אַ קראַנקען, אַ פערליעבטען, אַ פער'חלש'טען און אַ געגעזעגענדיגען; אַלס גליעד פון אַ פאַרטינען סאָציאַלען געביי און אַלס אַ מענש וואָס גראָבט זיך, חקר'ענט און קעמפּט פאַר אַנ'איינענעם נייעם אידעאַל פון אַ מענשליכען כלל. מיר זעהען איהם אין זיינע בעציעהונגען צו זיך, צו גאָט'ס הויז, צו גאָט און צו לייטען; צו די ערנסטע יום־טוב'דיגע לעבענס־מנהגים, ווען אַ מענש האָט התונה, דערהערט דעם ערשטען געשריי פון זיין לייבליך קינד, בעגראָבט אין דער ערד זיינע נאָהענטע און טייערסטע אויף דער וועלט; קורץ, מיר זעהן טאָלסטאָי'ס העלדען אין אַלע הויפּט־מאָמענטען פון לעבען, וואָס שפּיעלען זיך אָב אין דער צייט.

אין „קריעג און פריעדען" און „אַנאַ קאַרענינאַ" איז די צייט־פּערספּעקטיווע ביי ט—ען געוואָרען דער געוואַלטיגער הינ־

טערגרונד, צוליעב וועלכער די דערמאָהנטע ווערק האָבען זייער גלייבען נישט אין דער וועלט־ליטעראַטור, צייט עס עקזיסטירט די ראָמאַנ־פאָרם.

„קריעג און פריעדען" נעהמען אַרום אַ פעריאָדע פון 15 יאָהר. ווען עס הויבט זיך אָן די געוואַלטיגע עפּאָכע פון רו־סישען לעבען אָנפאַנג 1800, בעקאָנען מיר זיך מיט 2 משפחות, וואָס האָבען שוין אַ פערטיגען אויסגעסטאַלירטען פנים; מיט דער משפחה באָלקאָנסקי, וואָס האָט געהאַט שוין 2 דערוואַכסענע קינדער אַנדריי און מאַריאַ, און מיט דער משפחה ראָסטאָוו, ווען ניקאָלאַי איז נאָך געווען אַ סטודענט און נאַטאַשאַ איז אַלט געווען סך הכל 12 יאָהר. אין 15 יאָהר אַרום האָבען מיר שוין פאַר אונזער בליק צוויי יונגע פאַמיליען מיט קליינע קינדערלעך. מיט אַ גאונישען טאַקט האָט דער קינסטלער אָנגעהויבען זיין פאַ־מיליענ־חראָניק מיט גענוג ערוואַכסענע מענשען, אַז מיר זאָלען זיך קענען מיט זיי פעראינטערעסירען, און געענדיגט האָט ער מיט פאַמיליען־סצענעס, וואו אפילו די עופה'ליך זענען אונז אַזוי ליעב און טהייער, ווייל זיי געהערען צו די משפחות מיט וועלכע מיר האָבען זיך בעקענט און בעפריינדעט אין משך פון די קינסטלעריש־דורכגעלעבטע גאַנצע 15 יאָהר.

אין „אַנאַ קאַרענינאַ" האָבען מיר אַ צייט־פערספעקטיווע פון 10 יאָהר אַנ'ערך. וורָאָנסקי און אַנאַ'ס קינד פון דער פער־באָטענער ליעבע איז שוין אַ היבשער בחור, ווען זיין מאַמע וואַרפט זיך אַרונטער אונטער די רעלסען פון די וואַגאָנעס.

און דאָ און דאָרטען איז די צייט נישט נור כלומרשט אָנ־געדייט, נאָר מיר פיהלען זי אין איהר נאַטירליכען גאַנג, ווי זי שפיגעלט זיך אָב אין איהר גאַנצען לענג מיט איהרע ליכטיגע און טונקעלע זייטען אין זכרון פון אונזער דורכגעלעבטען לעבען.

זי איז נישט די לופטיגע פליעהענדיגע פּוסטקייט, נאָר זי איז אָנגעפּולט מיט האַרטע, קאַנטיגע, ווייכע אָביעקטען, וועל־כע טרעטען אַרויס ליכטיג, דונקעל, גלאַנציג און נעפּעלדיג אין דער אינ־סמשות'דיגער צייט.

אָט די דאָזיגע צייט־פערספעקטיווע ברייננט אַריין אין

ט—ס ווערק דעם סוד פון אַ שיינבאַרען לעבען, וועלכע עס זע־נען נישט בכח נאָכצומאַכען די גרעסטע וואָרט־קינסטלער פון דער ליטעראַטור.

אַזאַ בעציעהונג צו דער צייט איז נאָר מעגליך, ווען דער קינסטלער זעהט אין אָביעקט נישט ווי אַן אימפרעסיאָניסט, וואָס פערפעדטיגט נאָר אין דמיון דעם ערשטען איינדרוק פון אַ זאַך, נאָר ווי אַ גערטנער זיין פלאַנץ, ווי אַ מוטער איהר קינד. ווען פאַר'ן קינסטלער איז דאָס וועזען (מהות) פון דער זאַך און די ענטוויקעלונג פון וועזען אין דער זאַך נישט קיין צוויי געגענזעצע, ווען דאָס פאַרטיגע, און דאָס עמבריאָנאַלע ווערען צוגלייך זעהעריש געפיהלט און ווערען צוגלייך האַרציג געליעבט, וועקען אין גייסט די אייגענע נייגיער אין פער־אינטערעסירען מיט דער אייגענער שטאַרקער קראַפט — דענ־סאָלסט איז ערשט מעגליך אַזאַ טיעף געפיהל צו דעם גאַנג פון דער צייט.

### III.

חוץ די צייט־פערספעקטיווע פערוואונדערט אונז אין ט—ס קונסט די אַרט און ווייזע, ווי ער לאָזט אונז שפירען די אַט־מאָספערע פון פערשיעדענע מענשען־און געזעלשאַפטס־קלאַ־סען. ט. אַליין, שילדערענדיג ראַבטאָוו'ס משפחה שרייבט: „די ליעבעפולע און משפחה'דיגע אַטמאָספערע פון ראַבטאָוו'ס הויז". נאָר מען דאַרף זיך דערמאָהנען אָן די אַטמאָספערע וואָס פיהלט זיך אין שטוב ביי ספעראַנסקען, די אַטמאָספערע פון טהעאַטער־זאַל, וואו עס איז פלעצליך אַריינגעפאַלען נאַטאַשע, די אַטמאָס־פערע אין שטוב פון אַנאַ'ס מאַן, דעם גרויסען בעאַמטען, די אַטמאָספערע פון וואַגאָן אין „קרייצערסאָנאַטע" און די פון יע־ראָשקען אין די „קאָזאַקען" — אום זיך צו געבען אַ בעגריף, ווי ט. פערשטעהט מייסטערהאַפט צו בעשאַפען אַזוינס, וואָס ליענט געוועהנליך אונטער דער שוועל פון אונזער הכרה. די מענשען, וואָס געהען אַריין אין איינע פון די אַטמאָספערען, אָדער וואָס

געהען אַריבער פון איינע אין די אנדערע פיהלען באַלד די פלעצ־ליכע זעלישע פערענדערונג, און דער לעזער פיהלט דאָס צו־גלייך מיט זיי.

און דערביי געפינט מען ביי טאָלסטאָ׳ען זעלטען אַ פאָלקאָ־מענע בעשרייבונג פון דער מעבליערונג, פון די קאָסטיומען, בכלל פון דעם אויסערליכען אויסזעהען פון דער סביבה, וואו זיינע העלדען פערברייננגען דעם טאָג. און אויך אין דער נישט פאָל־קאָמענער בעשרייבונג צייכענט ער זיך אויס מיט זיינע קירצע קנאַפּע ווערטער, מיט זיין נישט פעראינטערעסירטקייט, ווי ער וואָלט דאָס וועלען וואָס גיכער אָב׳פּטר׳ן. און פונדעסטוועגען טרעט אַרויס מיט אַ גרויסער קראַפט די בעזונדערע אַטמאָספערע פון דער סביבה, וואו ער פיהרט אַריין זיין העלדען. דערגרייכען אָבער דערגרייכט ער עס דורך אַ גאַנץ בעזונדערען אופן, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַר טאָלסטאָיס מאַניער. מאָלענדיג די אויסערליכקייטען פון אַ סביבה, נעהמט ער נאָר דאָס, וואָס מאַכט אַ כאַראַקטעריסטישען איינדרוק אויף די מענשען אין איהר, נאָר דאָס, וואָס איז משפיע אויף׳ן העלדען, נישט מעהר. ט— איען אינטערעסירען נישט די טויטע געגענשטענדע פון אַ סביבה אַן און פיר זיך, ווי פיעלע אַנדערע קינסטלער. זיי בעקומען ביי איהם נאָר דענמאָלסט אַ ווערדע, ווי ווייט זיי שפיעגלען אָב דעם אינעווייניגסטען מענשען פון העלדען, וואָס בענוצט זיך מיט זיי, אָדער וואָס בעקומט פון זיי אַנ׳איינדרוק אַ געוויסען.

אינטערעסאַנט איז, וואָס ביי ט—יען וועט מען נישט גע־פינען קיין בילדער און בעשרייבונגען, וועלכע ער זאָל מאָלען פון איינענעם קינסטלערישען פערגעניגען, וועלענדיג דערביי אַרויס־שטעלען זיין אייגענעם קינסטלערישען „איך״. די נאַטור ווערדט געמאָלט ביי איהם שטענדיג, ווען זיין העלד האָט צו איהר אַ כאַראַקטעריסטישע בעציעהונג. ער מאָלט נישט דעם דעמב וואָס שטעהט אין מיטען וועג, אָדער די לבנה־נאַכט, ווען נאַטאַשען און אַנדרעען האָט זיך נישט געשלאָפען, — נאָר ער בעשרייבט דעם איינדרוק פון דער נאַכט אָדער דעם דעמב, וואָס האָט בע־קומען דערפון אַנדריי אָדער נאַטאַשע. דאָס אייגענע זעהען מיר,

ראָס די עראייגנישע אויף'ן קריעגספעלד און די היסטאָרישע בע־
געבענהייטען ווערען נישט דערצעהלט לויט די השגות, וואָס ט.
אַליין האָט זיך געמאַכט דערפון, נאָר לויט די אײנדריקע פון די
מענשען, וואָס האָבען אין זיי אַנטהייל גענומען. די מלחמה ביי
שענגראַבען איז מערהסטיילס בעשריעבען לויט דעם רושם, וואָס
דאָס האָט געמאַכט אויף אַנדרעיען, די אויסטרעליצער — לויט
די אײנדריקע פון ראָסטאָווען, און אַזוי ווייטער. טאָלסטאָי'ס
קינסטלער־איך בעהאַלט זיך הינטער די אָביעקטיווע שילדערונג,
די עראייגנישע ווערען נישט געשילדערט, ווי אין אַ פּראָטאָקאָל,
נאָר לעבענדיג מיט הויט און ביינער, מיט מאַרך און בלוט פון
דעם דאָזיגען חומר, וואָס האָט בעשאַפען דאָס עראייגניש.

און דערין ליעגט טיילוויז דער סוד, פאַרוואָס עס גיעט
זיך איין ט—יען צו בעשאַפען שטענדיג אַ חאַראַקטעריסטישע
אַטמאָספערע, זיך בענוצענדיג אַזוי קאַרג מיט די אויסערע אָב־
יעקטען פון דער סביבה, וואו ער לאָזט אַרוים זיינע העלדען.
צוליעב דער אינעווענינסטער בעציעהונג פון דעם מענשען צו די
שטומע געגענשטענדע אַרום בעקומט דער געגענשטאַנד אַ נשמה,
— אַ נשמה ווי מיר שטעלען זיך דאָס פאָר, — אַ ריינע מענש־
ליכע נשמה. די וואונדערבאַרע לאַנדשאַפט (ז. „קאָזאַקען", צו
גלייך אַ פּראָבע פון ט—ס גאונישער לאַנדשאַפטס־מאָלעריי, ווען
דאָס פערלאַנגט די קונסט־אידעע), די גלענצענדע פיגור פון ווראָנס־
קי, די בעשרייבונג פון אייפערזוכטס־מאָרד אין „קרייצערסאָנאַטע"
האָבען, פאַר זיך גענומען, אַ קליינעם אינטערעס, ווען אין די
אַלע קינסטלערישע געמעלען וואָלטען נישט געפלאָסען די נשמות
פון די מענשען, וואָס האָבען געשפּיעלט אין די בעגעבענהייטען
אַ טהעטיגע ראָלע. טאָלסטאָי בעזיצט דעם כח צו בעשמעקען
די קאַלטע געגענשטענדע מיט דעם פיינעם איידעלען פאַרפיום
פון אַ מענשליכער זעעלע. צוליעב דעם פערליערט דער גרויסער
געגעשטאַנד — דאָס שרעקעדיגע, דער קליינער נישטיגער —
דאָס אָבשטויסענדע, דער קאַלטער פרעמדער — איהר
שווידער, עס בעקומט זיך ביים לעזער אַ נאַטירליכעס רעאַלעס
פערהעלטנים צו דער שטומער נאַטור אַרום, צו די גרעסטע קאָ־

טאַסטראָפען און אונגליקספעלע, ווי צו דעם געוועהנליכען לע-
בענס-אָטהעם פון אַ רוהיגען דאָרפישען לעבען. ביי טאָלסטאָיען
שטעהט דער געגענשטאַנד אין זיין קינסטלער-אויג שטענדיג
אויף'ן צווייטען פלאַן. ער בעקומט נאָר דעמאָלסט אַ ווערט ביי
איהם, ווען ער שטעהט אין וואָס עס איז פאַר אַ בעציעהונג צו
אַ טהעטיגער מענשליכער נשמה. דעריבער גיעט זיך איהם אַזוי
איין די אַטמאָספערע פון אַ שטוב, ווייל די אַטמאָספערע — איז
אייגענטליך די מענשליכע נשמה, וואָס פלאַטערט צווישען די
קאַלטע שטומע געגענשטענדען.

## IV.

טאָלסטאָי איז קיינמאָל נישט געווען, דאָס וואָס מען רופט,
אַ גלענצענדער פראָזאַ-שרייבער. זיין זאַץ אין פערגלייך מיט טור-
געניעוו'ס מוזיקאַלישער פראָזאַ איז זעהר רויה. ער ציעהט זיך
לאַנג און אויסגעבויגען ווי אַ פּאָדקאָווע. די איינפאַכקייט, נישט
געפוצקייט און מאַנכמאָל אונגעלומפּערטקייט פון זיין פראָזאַ-געביי
איז זעהר חאַראַקטעריסטיש פאַר ט—אָיען. אָבער דערביי ציי-
כענט ער זיך אויס מיט אַזאַ זעלטענער קלאָרקייט, מיט אַזאַ
פּלאַסטיק, בנוגע צום געשילדערטען געגענשטאַנד, וואָס מען גע-
פינט דאָס קוים ביי אַנדערע קינסטלער. ווען מען אַנאַליזירט
טאָלסטאָי'ס זאַץ, פיהלט מען, אַז דער קינסטלער האָט ביים שריי-
בען נאָר געזעהען פאַר זיך אַ געוויס בילד; וואָס ער האָט געהאַט
בדעה דאָס צו מאָלען מיט ווערטער. דער קלאַנג פון דעם ווער-
טער-מאַטעריאַל, דער בייקלאַנג, וואָס בילדעט זיך נאָך דעם,
ווי די ווערטער ווערען צוזאַמענגעשטעלט אין די הויפּט-טאָן, וואָס
בעקומט זיך נאָך דעם חבור פון עטליכע פראָזאַ-זאַצען — האָבען איהם
אַ רגע נישט אינטערעסירט. עס דאַכט זיך, אַז די ווערטער פליעסען
אַרויס, ווי פון זיך אַליין, אָהן שום כוונות זיי צו מאַכען אויסגעפוצטער
און מוזיקאַלישער. דערביי נעהמט אַרום דעם געגענשטאַנד מיט די
נישט געקינסטעלטע ווערטער ווי מיט האַרטע פעסטע פינגער,
נישט אויסלאָזענדיג קיין איין שטריך אַ חאַראַקטעריסטישען, וואָס
קען פערשטאַרקען דעם איינדרוק פון געגענשטאַנד, וואָס קען

**איהם מאַכען פלאַסטישער.** ווען מען צעגליעדערט ט—ס אַ זאַך זעהט מען, אַז די ווערטער זענען מאַטהעמאַטיש נויטווענדיג, יעדע־ פון זיי מאַלט אַ בעזונדערען כאַראַקטערנעם שטריך און אַז קיינעם פון זיי איז מעגליך אַרויס צו וואַרפען, ווען מען וויל נישט פערשוועכען דעם פלאַסטישען איינדרוק פון געמאָלטען געגענשטאַנד.

אַלס ביישפיעל קענען מיר ברייננגען איינינע זעצע אַרויסגענומען פון ט—ס ווערק אין די 50 יאָהרען און פון די שפּעטערע, ווען ער האָט שוין געשאַפען זיין „אַנאַ קאַרענינאַ“.

שילדערענדיג אַ קאָזאַצקע סטאַניצע פאַרנאַכט מאָלט ער זי מיט די איינגעלומפּערטע זעצע, וואָס דער לעזער וועט געפינען דאָ אין די „קאָזאַקען“ קאַפּיטעל פינף.

דער אַיינדרוק פון אַנאַ'ס טויט אויף וראָנסקין, אַ צייט לאַנגדערנאָך ווי זי האָט זיך אַרונטערגעוואָרפען אונטער די רעלסען ווערדט געשילדערט אין אַ מעהר עטאַזשיגען זאַץ, ווי למשל: „ביי'ם אָנבליק פון טענדער אין די רעלסען, אונטער דעם איינפלוס פון געשפּרעך מיט בעקאַנט: מיט וועלכע ער האָט זיך נישט בעגעגענט צייט זיין אונגליק, האָט ער זיך מיט אַמאָל דערמאָהנט אָן זי, דאָס הייסט, זיך דערמאָהנט דאָס, וואָס עס איז פון איהר געבליעבען, ווען ער איז ווי אַ משוגענער געלאָפען אין קאַזאַרמע פון דער באַהנסטאַנציע: אויף'ן טיש פון קאַזאַרמע בזיונות'דיג אויסגעצויגען פאַר פרעמדע אַ פערבלוטיגטער גוף, נאָך פול פון אַמאָליגען לעבען; אַ גאַנץ געבליבענער קאָפּ פערוואָרפען אויף הינטען מיט שווערע צעפּ און געקרייזעלטע האָר ביי די שלייפען, און אויף דעם פּראַכטיגען געזיכט מיט'ן האַלבגעעפענטען רויטען מויל אַ פערגליווערטער פרעמדער, רחמנות'דיגער און שרעקליכער אויסדרוק אין די שטאַרע אָפענע אויגען, אַ'נ'אויסדרוק, ווי ער וואָלט מיט ווערטער אַרויסגערעדט דעם פרעמדען וואָרט — מכה דעם, אַז ער וועט חרטה האָבען —, וואָס זי האָט איהם געזאָגט, בשעת זיי האָבען זיך געקריעגט“ (א. ק. 8־טער טייל קאַפּיט. V).

מאָלענדיג אַ גרויסען געוויטער אין דער נאַטור און אין

האַרצען ביי לעווינגען. פליעסען אַרוים ביי ט—איען פאָלגענדע כאַראַקטעריסטישע זעצע, וועלכע דער לעזער וועט געפינען אין „אַנאַ קאַרענינאַ״ 8-טער טייל קאַפּיט. XVII.

אין אַלע די ביישפּיעלען זעהען מיר צוגלייך די אומגעלומ-פּערטקייט פון זאַץ, וואו די וואונדערליכע קונסט, קלאָר בולט, כמעט קערפּערליך וואָרם אַנצוטאַפּען, אַוועקצושטעלען פאַר אונ-זערע אויגען מענשען נאַטור-ערשיינונגען און צושטאַנדען פון אַ נשמה. זיין מאָלער-וואָרט נעהמט אַרום דעם געגענשטאַנד, גאַנץ גלייך וואָס, ווי די באַבעלע, וואָס האָט טויזענד פּיסלעך, מיט אַלע גליעדער. ביי מאָלען פון ווינד זעהען מיר נישט נאָר דעם רעגענ-נעץ, דעם שוואַרצען וואָלקען, — מיר פיהלען אויך די פייכטקייט פון דער רעגענלופט און זענען לעבענדיגע צושויער פון בליץ, וואָס טרעפט אין אַ בוים. אין דעם אומגעלומפּערטען זאַץ, וואו ווראָנסקי דערמאָהנט זיך אָן אַנאַ קאַרענינאַ טרעט אַרוים פאַר אונזערע בליקען די לעבענדיגע שענהייט און איהר טויטער גוף. אין דעם פאַרנאַכט ביי די קאָזאַקען זעהען מיר אַלע דעטאַילען פון דעם פאַרנאַכט, ביז צו די קאָמישע איינ-צעלנהייטען, ווען אַן אַלטער קאָזאַקעל רייסט זיך אָב אַ שטיק קאַפּאָטע, קריעכענדיג איבער אַ פאַרקאַן. נאָר ביי אַ ספּעציעל-אויפמערקזאַמען לעזען בעמערקען מיר די אונגעלומפּערטקייט פון זאַץ. אין דער צייט, ווען דער לעזער איז דורך און דורך אין דער מאַכט פון ט—ס פענזעל איז נישט מעגליך דאָס צו בעמער-קען און דאָס צו פיהלען, ווי עס איז אונמעגליך צו הערען זיינע אייגענע ווערטער ביי אַ טיעפער ערלעבעניש, ווען מיר טיילען דאָס ערלעבעניש מיט אַ צווייטען אין דער ערשטער הייסער מינוט.

אום אָבער צו דערגרייכען אַזאַ איינפאַכקייט און קלאָרקייט פון דער שפּראַך, מוז דער געגענשטאַנד, דעם קינסטלערס האַרץ און בליק אַזוי נאָהענט אָנגרייפען, אַז עס זאָלען שוין פערשווינ-דען אַלערליי כוונות מכח סינטאַקסיס, גראַמאַטיקאַלישע פיינקיי-טען און מוזיקאַלישען ריטהמוס. און דאָס געפינען מיר אין אַ קלאַסישען אופן נאָר ביי ט—איען, וועלכער האָט פעראייניגט אין זיך די צוויי מעלות איינפאַכקייט און קלאָרקייט אין דער

מאָלער־שפראַך, חאָטש זיין גראַמאַטיקאַלישער זאַץ איז אַרויס אַזוי אונגעלומפערט.

און אפשר טאַקע צוליעב די מעלות איז עס אַרויס אַזוי אונגעלומפערט.

אינטערעסאַנט איז, דאָס נאָך פושקינען, דער גרעסטער פּראָזאַאיקער אין דער רוסישער ליטעראַטור, טורגעניעוו, האָט געקרוינט אויף אייביג זיין יונגערען חבר ט—איען מיט די ווערטער „גרויסער שרייבער פון דעם רוסישען לאַנד”, דער אייגענער ט. וואָס איז געוועזען פערליעבט אין דער רוסישער שפראַך, ווי דאַנטע אין בעאַטריטשע, און וואָס האָט גאָר קורץ פאַר׳ן טוידט אין די גרעסטע יסורים געשריעבען אויף איהר דאָס ליידענשאַפטליכסטע ליעבעס־ליעד.

# V.

מאָלכאָי איז געוועזען דער ערשטער און כמעט דער פּאָלקאָמענסטער, וואָס האָט אונז געשילדערט אין דער בעלעטריסטיק די מ אַ ס ע ן, מאַסען־סצענעס און אונז ענטפלעקט די מאַסען־פּסיחאָלאָגיע, סיי אַלס פערברעכערישע מאַסע, סיי אַלס אַ מאַסע, וואָס צופלאַמט זיך און בעגייסטערט זיך פאַר אַ גוטע זאַך.

ביז ט—איען האָט דער וואָרט־קינסטלער גישט געהאַט קיין אויג און קיין טעכניק פאַר די שילדערונגען פון אַ לעבען, וואָס שפּיעלט זיך אָב ביי גרויסע הויפענס־מענשען אויף אַ מאָל. בעקאַנט איז די שוואַכע בעהאַנדלונג פון דער מאַסע ביי שעקספּיערען. אין „יוליוס צעזאַר” אין דער סצענע פון מאַרק־אַנטאָנס רעדע קען מען דאָס בולט זעהען. אין „יוליוס צעזאַר” וואו עס דאַרף פאַרגעשטעלט ווערען די מאַסע מיט איהר חאַראַקטערלאָזיגקייט, לייכטזיניגקייט און גרייטקייט אַלע ווייל זיך צו בעגייסטערען פאַר אַנ׳אַנדער העלדען, קומט אַרויס דער ה ו י פ ע ן ווי פורים־מענשעלעך אויפ׳ן דראָט ביי׳ן קינסטלער.

שטאַרקער, פּלאַסטישער ווי אומעטום טרעטען אַרויס נאַטירליך ביי ט—איען די מאַסען־סצענען אין „קריעג און פריעדען”.

וואו טיילווייז איז דער העלד פון ראָמאַן די מאַסע, „דער גרויסער קרומער", ווי איבסען רופט אָן די מאַסען אין „פּעער גינט". מען דאַרף זיך נאָר דערמאַהנען אָן די סצענען, וועון די סאָלדאַטען געהען אַריבער דעם בריק, אָן בילד, ווען צוריקקעהרענדיג זיך פון שלאַכטפעלד הייבען אָן די סאָלדאַטען צו זינגען ליעדער, אויפמונטערענדיג דערמיט די פערמאַטערטע קריעגער, פערהילבענדיג מיט'ן פויק די קרעכצען פון די פערוואונדעטע, און די מאַסען-אַטמאָספערע פון די סאָלדאַטען ווען זיי פערברייננגען אויף די פעלדער צווישען איין שלאַכט אין אַ צווייטער, קורץ, מען דאַרף זיך אויף אַ רגע רערמאָהנען אָהן די גאונישער מאַסענסצענען פון סאָלדאַטען-לעבען, אום צו פיהלען די קראַפט פון ט—אָס פענזעל, ווען ער שטעלט אַרויס אַלס העלדען די גראָהע סאָלדאַטסקע מאַסע.

נאָר נישט נאָר די מאַסענ-סצענען פון אַ מיליטערישען הויפען-מענשען שילדערט אונז ט. אויב די שווערינגקייט צו שילדערען אַ סאָלדאַטסקע מאַסע איז ווענינער גרויס, ווייל די מאַסע האָט שוין ממילא אַ מיליטערישע דיסציפלין — ווערט די שווערינגקייט געוואַלטיג גרויס, ווען דער קינסטלער האָט צו שילדערען אַ מאַסע פון אַ געוועהנליכען המון, אָהן אַ מונדיר און וואָס איז צוגלייך אַ אויסמישענעש פון אַלערליי קלאַסען און עלטערם. די סצענע פון מאָסקעווער המון נאָך ראַסטאָפּטשינס רעדע, וואו די מאַסע הרג'ט אַוועק אַכזריות'דיג אַנ'אונשולדיגען מענשען איז אַזוי געוואַלטיג, אַז נישט נאָר דער קינסטלער לערנט פון איהר, נאָר אויך געלעהרנטע און לייט פון דער וויסענשאַפט קענען זיך נישט געגוג אָבוואונדערען פון איהר. די סצענע איז אַזוי קונסטפאָל, אַז זי ווירקט שוין ווי דאָס לעבען אַליין און דער קינסטלער, ווי דער געלערנטער שטודירט זי, ווי אַ שטיק וואַרעם לעבען. בעקאַנט איז דאָס דער טאַלענטפולער דענקער נ. ק. מיכאַילאָווסקי האָט בעניצט די דאָזיגע סצענע אַלס פונדאַמענט פאַר זיין בעריהמט ווערק „העלדען און מאַסען", וואו ער האָט צוערשט געפרובט אויפשטעלען אַ געוויסע פּסיכאָלאָגיע פון די מאַסען. נישט מינדער איז בעקאַנט די סצענע פון פויערים-בונט אין באַלקאָנסקים גוט.

מיר האָבען נישט בדעה אויסצורעכענען אַלע מאַסען־סצענען אין ט—ס ווערק. אינטערעסאַנט איז דאָס ט—ס אויג פאַר די מאַסען־סצענען איז שוין געווען שטאַרק אין די ערשטע יוגענד־ווערק זיינע, דאָס בעווייזען זיינע „סעבאַסטאָפּאָלער ערצעהלונגען״; און איז אויך נישט אָבגעשוואַכט געוואָרען ביז צו זיינע שפּע־טעסטע ווערק, ווי דאָס בעווייזט זיין מאַסען־סצענע אין „אויפערשטעהונג״ ווען דער גראָהער המון אַרעסטאַנטען שטעהט פאַר די גראַטעס איינמאָל אַ וואָך זיך צו זעהען מיט קרובים און בע־קאַנטע, ווי אויך די וויטערע מאסען־סצענען ווען גראָהע מענשען אין אַרעסטאַנטען־קליידער ציעהען זיך אויף די עטאַפּען־וועגען,

עס ליעגט נישט אין דער טהעמע צו ווייזען, ווי ט—אָי בעטראַכט די מאַסע, אַלס אַ כלל׳שע סאָציאַלע ערשיינונג. דאָ איז נאָר וויכטיג פעסטצושטעלען, אַז טאָלסטאָי האָט צו־ערשט געצייגט די מאַסע, נישט ווי אַ חבור פון טויזענדער איינצעלנע מענשען, נאָר עפּעס ווי אַ נייע בריה, אַלס אַ ניי־צו־געקומענעם העלד אין מענשליכען כלל, מיט אַ בעזונדערען חאַ־ראַקטעריסטישען פּנים. אַ דאַנק ט—איען האָבען מיר אָנגעהויבען צו זעהען עפּעס אַזוינס, וואָס איז פריהער פאַר אונז פערביי אָהן פאַרבען אָהן אַ חאַראַקטער אָהן אַ פיזאָנאָמיע.

צוליעב ט—איען האָבען מיר בכלל אָנגעהויבען אַנדערש צו זעהען בעשטימטע קלאַסען און געזעלשאַפטס־שטאַנדען. מען דאַרף זיך נאָר דערמאַהנען אין דעם איבערקעהרעניש, וואָס טאָלסטאָי האָט אָנגעמאַכט אין די קעפּ פון לעזער, ווען ער האָט אָנגעהויבען שילדערען דעם מיליטער־שטאַנד מיט דעם נייעם בליק, ווי מיר האָבען דאָס שוין אָנגעוויעזען אויבען. נאָר מיט דער שילדערונג פון די מאַסען־סצענעם האָט ער נישט נאָר אי־בערגעקעהרט אונזער אַלטע השגות, נאָר צוגלייך בעשאַפען גאָר אַ שפּאָגעל נייע השגה וועגען אַ זאַך, וואָס מיר האָבען דאָס נאָך כמעט קיינמאָל נישט בעמערקט. אין דעם נייעם בליק פון ט—איען אויף׳ן סאָלדאַט, אָפיציער — איז ער דער קינסטלער וואָס זעהט טיעפער, ווי אַנדערע פאַר איהם. אין די מאַסען־סצענעם

געמעלען איז ער אָבער דער קינסטלער, דער שעפּער, וואָס מאַכט אַ יֵש פון אַנ'אַין.

.VI

טאָלסטאָי'ס געמעלען האָבען אַ מאָנומענטאַלע גרויסקייט צוגלייך מיט דער געוואַלטיגער רוים-און צייט-פּערספּעקטיווע טרעט ביי איהם ארויס אויף זיי אַ גאַלערעע פון פּאָרטרעטען, וואָס פערוואונדערען אונז מיט דער גענויאיגקייט פון זייער פנים, הלוך, לעבענס-געוואונהייטען א. ז. וו. דערביי בעמערקען מיר דאָס טאָלסטאָי זעהט אין אַלע מיטלען צו מאַכען דעם מענשען און זיין געפעל וואָס וועניגער מאָנומענטאַל. אָהן רחמנות—מיט אכזריות ענטפלעקט ער אין די געשילדערטע מענשען די קלענסטע שוואַכע זייט פון זייער כאַראַקטער. ער בעהאַלט נישט דאָס מינדעסטע, שטעלט זיך פאַר קיין זאַך נישט אָב, און דאָס דערגעהט אַזוי ווייט, אַז ער יאָגט אַרויף אויפ'ן לעזער אַ פחד פאַר די אונפאָל-קאָמענהייטען אין מענשען. אַסך לעזער קענען ט—איען נישט מוחל זיין, וואָס די פראַכטיגע ריינע נאַטאַשאַ פערליעבט זיך אין דעם פוסטען פראַנט קוראַגינען.

„קריעג און פריעדען‟ מאַכט אָפט אַנ'איינדרוק, ווי ער וואָלט געוואָלט פער'מאוס'ען די עפּאָכע פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטען. וואָס זעהען מיר נישט אין דעם געמעל! איינגענומץ, פוסט-קייט, פאַלשקייט, ניאיפ'ערייי און די גראָבקעפיגקייט פון דער נאַנצער דאַמאָליגער געזעלשאַפט. דאָרט זעהען מיר דאָס טעמפּע, פוילע זולל וסובא'דיגע לעבען פון די אַמאָליגער מאָסקעווער עדעל-לייט; די גרעסטע אונאָרדנונג אומעטום, בעזונדערס אין דער אַרמעע אין דער צייט פון קריעג. אויף טריט און שריט זעהען מיר מענשען, וואָס האָבען אויך אין די בלוטיגסטע טעג פון קריעג נאָר זיך און זייער פערזענליכען נוצען אין זינען, צו-ליעב וועלכע זיי זענען מקריב דאָס גליק פון פאָטערלאַנד. מיר בעקענען זיך מיט אַ מחנה פחדנים, שוליאַרעס, גנבים, טרעפען זיך אויף איטליכען טריט אָן מיט די פערגרעבטקייט פון פשוט'ן

פאָלק, קורץ, ט. האָט ווי בכון געמאָלט די מענשען אזוי, אז זיי זאָלען זיין ווייטער אָבגערוקט פון דעם אידעאַלען טיפּ פון אַ מענשליכער נשמה. נאַפּאָלעאָנ'ס פּאָרטרעט און קוטוזאָוו'ס בע־ווייזען דאָס אַם בעסטען.

דער מענש פון טאָלסטאָי איז ווייט, אויפ'ן ערשטען בליק צו פערמאָגען מאָנומענטאַלע אידעאַלע חאַראַקטע־רציגע. אונטער אַלע מונדירען קלאַפּט אין איהם אַ האַרץ פון אַ פּשוט'ן בשר ודם מיט אַלע זיינע מענשליכע שוואַכקייטען און פעהלערען. ווילען מיר זיי מעסטען מיט אונזערע אידעאַלען ווערען אַ גאַנצען פאָלקאָ־מענעם מענשען—שיינען זיי אונז צו זיין קליין און אונסימפּאַטיש,

און דאָך פיהלען מיר אַ טיעפע סימפּאַטיע צו טאָלסטאָי'ס געשטאַלטען. ביי אַלע זייערע פעהלערען זעגען זיי אונז ליעב און אַנגענעהם. מיר האָבען אַ סימפּאַטיע צו יעראָשקען („קאָזאַקען") ווי צו דער פּראָסטיטוטקע קאַטיאַ אין „אויפערשטעהונג". די לעצטע איז אונז צייטענווייז אַזוי ליעב ווי די ריינע נאַטאַשע און די גרויסע וועלט־דאַמע אַנאַ קאַרענינאַ.

און דאָס נעהמט זיך דערפון וואָס ט. האָט אונז געשילדערט געוועהנליכע מענשען, דעם מענשען אין זיינע נאַטירליכסטע ריינס־טע אינסטינקטען, אין זיין אינעווענינסטער נאַקעטקייט, נישט פאַלשעוועןדיג זיין אויסערען און אינערען פּנים צוליעב אַנ'אויסגעטראַכטען אידעאַליזמוס, נישט פערשוואַרצענדיג איהם דעם פּנים מיט דער פאַרב פון סאַטיריקער אָדער אַסקעטען־מאָראַליסטען.

ט. האָט ליעב דעם מענשען ווי אַ קלוגע געצאַהמטע חיה, ווי אַ בערנהאַרדינער הונד, וואָס ער האָט ליעב אַזוי ווי ער איז, נישט וועלענדיג מאַכען פון איהם אַנ'אַנדער העכערעס בעשעפע־ניש. און ליעבען ליעבט ער דאָס בעשעפעניש מיט אַלע פּרטים זיינע: די וואַרעמקייט פון זיין גוף, דעם גלאַנץ פון זיינע אויגען, דעם גערוך פון זיין פעל און דעם ווילעווייז קלונגען, ווילעווייז ווילדען אויסדרוק אין זיין פּנים, וואָס בעוועגט זיך שטענדיג צו־ליעב אַ פערבעהאַלטענער נשמה. און די סימפּאַטיע וואָס מיר פיהלען צו ט—ס געשטאַלטען נעהמט זיך דערפון, וואָס מיר

זעהען די געשטאַלטען מיט די אויגען און פיהלען זיי מיט'ן האַרצען פון פּאָעטען.

אָט אין דעם זין בעקומען זיי פאַר אונז אַ מאָנומענ־טאַלע בעדייטונג, ווייל זיי ערשיינען אין אונזער דמיון (מיט ווענינע אויסנאַהמען, בעזואוחאָוו, לעווין, למשל) אַלס פאַרטיגע פערענדיגטע מענשען־ערשיינונגען, וואָס זענען פאָלקאָמען אין זייער אַרט. פריי פון אונזער קריטיק, העכער פאַר אונזער קריטיק, זיי ווירקען אויף אונז ווי אַ נאַטור־ערשיינונג, וואָס מיר האָבען משיג געווען פון אַלע זייטען און האָבען בעגריפען אַלע איהרע סבות און פערצווייגונגען.

די מאָנומענטאַלע בעדייטונג פון טאָלסטאָי'ס מענשען שטאַרקט זיך נאָך ווען מיר בעטראַכטען זיי מיט די אויגען פון אַ נאַציאָנאַלען רוסען, וועלכע דערקענט אין דעם יחיד ביי טאָלסטאָיען אויך די נאַציאָנאַלע נשמה פון זיין פאָלק. צווישען די געשטאַלט פון בעזואוחאָוו אין „קריעג און פריעדען" און קאַ־ראַטאַיעווען אין איינגענעם בוך לעבט אַ גאַנצע מחנה געשטאַל־טען, וואָס שפּיעגלען אָב אין זיך די בעוועגונג פון אַ פאָלקס־נשמה מיט אַלע זיינע קאַפּריזען און פאַרבען.

בעזואוהאָוו איז די מאָראַליש־גייסטיגע העכסטע נשמה פון דער אויבערשטער קלאַסע ביים רוסען, וועלכע צאַפּעלט זיך שטענדיג צווישען טאָטערישע באַרבאַריי און גאָטס־זוכעריי. ער איז כסדר אָהן אַ ציעל אין לעבען, און אייביג נאָגט איהם דער געוויסען, וואָס גאַהרט נאָך אַ פעסטען לעבענס־ציעל און נאָך פעסטע מאָראַליש־גייסטיגע לעבענס־רעגעלען.

דער פולער קיילעכדיגער קאַראַטאַיעוו דאַגעגען איז דער משל פון דער 100 מיליאָניגער פויערים־מאַסע, וועלכע האָט יאָהר־הונדערטע פערבראַכט אין שקלאַפעריי, שווערע אַרבייט און אין ליידען. זיין לעבענס־פילאָזאָפיע איז שוין אַזוי גלאַט און קיי־לעכדיג ווי זיין קיילעכדיגער פנים און זיין קיילעכדיגער גוף. ער זוכט נישט, איהם נאָגעט שוין נישט. ביי איהם אין האַרצען איז אַלץ קלאָר. דאָס וואָס בעזואוחאָוו זוכט האָט ער שוין לאַנג גע־פונען. ער בעזיצט אַ פעסטע קריסטליכע אמונה, אַ טראָפּעלע

פאַטאַליזמוס און בודהיסטישע לעבענס־גלייכגילטיגקייט, און דאָס ניעט איהם אַ ריטהמוס פון אַ לעבעריגע רוהיגקייט, ווי ביים ציעהען דעם אָטהעם אין שלאָף.

דער רוס זעהט אין די ביידע פיגורען די מאָנומענטאַלע פערקערפערונג פון זיין נאַציאָנאַלען גייסט. אין די „קאָזאַקען" איז נאָך די פיגור פון בעזאוחאָוו'ן אין אָנהויב פון זיין ענטוויקעלונג, אָבער זי איז שוין דאָ, ווי אין אַלע טאָלסטאָי'ס ווערק. דאָרט טראָגט ער דעם נאָמען אָלענין, ווי דער לעזער זעהט.

## VII.

טאָלסטאָי וועט שטענדיג בלייבען פאַר דעם אַנאַליטיקער פון זיין קונסט אַ רעטהעניש. עס דוכט זיך אויס, אַז ער איז נישט נאָר געקומען אַלס פאַרטיגער קינסטלער, נאָר אויך, אַז ער האָט נישט געהאַט פאַר זיך קיין פאָרגעננער. און דער דאָזיגער אַיינדרוק ווערט נאָך שטאַרקער דעריבער ווייל טאָלסטאָי אַליין האָט זיך געפיהלט פאַר'ן ערשטען „אדם" אין דער קונסט און האָט שטענדיג געהאַט ביים שאַפען די איבערציינונג, אַז דאָס וואָס ער זעהט און דאָס וואָס ער מאָלט איז דאָס אַזוי צום ערשטען מאָל געוואָרען געזעהען און געמאָלט. אָט דער אונטערטאָן אין ט—ס שאַפען בע'כשופ'ט אונווילקירליך דעם לעזער, און אויך איהם דוכט זיך אויס, אַז דאָס וואָס ער לעבט איצט דורך מיט'ן פאָעטען האָט נישט געהאַט קיין פאָרגעננער אין דער נאַטור.

און באמת'ן, אין דער צייט, ווען די רוסישע געזעלשאַפט איז געווען צוריסען אויף „אייראָפעער" און „סלאַוואָפילען" און שפעטער דורך די פיעלע סאָציאַליסטישע דעות — איז ט. געבליבען איינזאַם אַליין, נישט לאָזענדיג אַיינדרינגען אַלע די טהעאָריען אין זיין קונסט. ער איז שטענדיג ווי געשטאַנען העכער פון אַלע טהעאָריען און האָט מיט אַ שמייכעל זיך צוגעקוקט צו די איבערפלעכליכע קעמפע פון די פאַרטייען. ער האָט שטענדיג געצייגט, אַז דער וואָרצעל פון אַלץ ליעגט אין דער טבע און

רצון פון מענשען, וואָס שפּרייזען נישט שטענדיג מיט מיט דער אוסגע׳חכמ׳טער טהעאָריע.

טאָלסטאָי אַלס מענש און אַלס קינסטלער האָט געלעבט אַ טאָפּעלטען לעבען: אָדער שטאַרק, ענג אָרגאַניש פערקניפּט מיט דער געגענוואַרט, אָדער מיט דער ווייטער ווייטער צוקונפט, ווען דער מענש, פריי פון אַלע מאַטעריעלע זאָרגען, קעמפפט מיט איין רעטהעניש, מיט דעם אייביגען פּראָבלעם מכח די בע־ציעהונגען פון מענשען צו גאָט.

מיט וואָס פאַר אַ קראַפט ער האָט געגאָסען זיין געגענ־וואַרט ווייזען זיינע בריעף צו פריינד און בעקאַנטע. ווען ט. שטודירט גריכיש, דאַכט זיך איהם אויס, אַז ער איז איצט דער איינציגער, וואָס לערנט גריכיש. ווען ער לייענט די גריכישע קלאַסיקער פרעגט ער: „געוואַלד! פאַר וואָס קען קיין מענש נישט עזאָפּען, קסענאָפאַנטען פּלאַטאָנען און האָמערען?" בשעת ער לייענט דערנאָך שאָפּענהויערען שרייבט ער: „לייענדיג שאָפּענ־הויערען הויב איך אָן צו בעגרייפען, פאַר וואָס זיין נאָמען איז נישט בעקאַנט", און עס פאַלט איהם גאָר נישט איין, אַז ווען ש. איז נישט בעקאַנט טאָלסטאָיען איז נאָך קיין ראיה נישט, אַז ער איז נישט בעריהמט אין דער גאַנצער וועלט. איינמאָל רעקאָ־מענדירט ער אַ בוך דעם פּאָעט פעטען און שרייבט: „אַ בוך, וואָס קיינער האָט נאָך נישט געלייענט, האָב איך דורכגעלעזען די טעג צום ערשטען מאָל און איך הער נישט אויף צו לעזען דאָס ווייטער מיט גרויס התפעלות. דאָס איז „משלי שלמה" און „קהלת"... קורץ, ווען ט. האָט וואָס דורכ־געלעבט אין גייסט פלעגט ווערען ביי איהם אין כח אויסגעמעקט יעדען שאָטען פון אַ פאָרגענגער אָדער פון אַ מענשען, וואָס קען האָבען דאָס אייגענע ערלעבט.

און ווי טיעף ער האָט זיך איינגעלעבט אין אַ ווייטער מענשליכער צוקונפט בעווייזען זיינע פיעל מאָראַליש־רעליגיעזע ווערק, וואָס עס האָבען זיך אָפט פעראייניגט אין זיי דער קינסט־לער־פילאָזאָף און קריטיקער אינאיינעם. פיליכט אין דער וואונ־דערבאַרער פעראייניגונג פון אַזאַ לעבעדיגען געפיהל פאַר די

געגענגיאַרט מיט אַזאַ אַבסטראַקטען געפיהל פאַר די צוקונפט ליעגט דער מיר פון זיין כשוף=קראַפט אויפ׳ן לעזער.

צום שלום וועלען מיר אין קורצ׳ן ווערטער וויזען מיט וואָס פאַר אַ הויכאַכטונג די גרויסע קינסטלערס פון ט—ס צייט האָבען זיך בעצויגען צו זיין קונסט.

טורגעניעוו שרייבט צו טאָלסטאָיען, וואָס האָט אין די לעצטע יאָהרען אויפגעהערט צו שרייבען, חוץ פילאָזאָפיש=רעליגיעזע ווערק, אַ ריהרענדען בריעף פון טויטען=בעט זיינעם. דאָרט רופט ער איהם אָן „גרויסער שרייבער פון רוסישען לאַנד״ און בעט זיך ביי איהם, אַז ער זאָל זיך צוריקקעהרען צו דער קונסט, וואָס ער האָט אַוועקגעוואָרפען צוליעב זיינע רעליגיעזע טהעאָריען.

אין טשעחאָוו שרייבט עטליכע יאָהר פאַר׳ן טוידט זיינעם: „ווען אין דער ליטעראַטור איז דאָ טאָלסטאָי איז לייכט און אַנגענעהם צו זיין אַ ליטעראַטאָר; אַפילו ווען דו ווייסט, אַז דו טהוסט גאָר נישט אויך איז אויך נישט אַזוי שרעקליך, ווייל טאָלסטאָי טהוט שוין אויף פאַר אונז אַלעמען״.

די ביידע בייספּיעלען זענען גענוג, אום צו זעהען, ווי הויך עס האָבען געהאַלטען מאָלסטאָיען די ערשטקלאַסיגע רוסישע קינסטלער.

מען מוז נאָך בעמערקען, אַז ט—ס ווערק לאָזען זיך וואונדערליכערוויז איבערזעצען אין אַלע איינגערמאַסען ענטוויקעלטער שפּראַכען. נישט קוקענדיג, וואָס זיינע ווערק זענען טיעף נאַציאָנאַל, צייכענען זיי זיך אויס מיט אַזאַ קינסטלער=טעכניק, וועלכע איז צוגלייך צוגעפּאַסט צום אויג און אויער פון איטליכער אומה.

# קאָזאַקען.

אַ קאַווקאַזער געשיכטע.

## I.

מאָסקווע איז אײַנגעשלאָפען, זעלטען ווען מען הערט אַ סקריפּען פון רעדער אויף דער ווינטערדיגער גאַס. אין די פענסטער זעהט מען נישט קײן פייער, אויך די לאַמטערנעס זענען אויסגעגאַנגען. פון די צערקוועס טראָגען זיך גלאָקען־קלאַנגען — און זיך פערשפּרייטענדיג איבער דער שלאָפענדיגער שטאָדט דערמאַהנען זיי אָן פריהמאָרגען. אויף די גאַסען איז פּוסט. זעלטען וואו עס קנעט דורך מיט שמאָלע שליטען־פּאַסען דעם זאַמד מיט שנעע אַ ביינאַכטיגער איזוואָזשטשיק, וועלכער, זיך איבערקלייבענדיג פון איין עק אין דער אַנדער עק גאַס, דרעמעלט אַיין, וואַרטענדיג אויף אַ פּאַסאַזשיר. אַנ'אַלטיטשקע געהט אין צערקווע, וואו, אָבשײנענדיג אין די גאָלדערנע ראַמען ברענען רויטליך און צושפּרייט וועכסענע ליכט, נישט סימעטריש צונויפגעשטעלט. די אַרבייטס־לייט הויבען זיך שוין אויף פון די געלעגערס נאָך אַ לאַנגער ווינטער־נאַכט און געהען צו דער אַרבייט.

און ביי די האַרען איז נאָך אַלץ אָווענד.

אין איינע פון שעוואַליעס פענסטער דורך פערמאַכטע לאָדען לייכט נישט געזעצליך אַ פייער־שיין. ביי'ם הויפּט־אײַנפאָהר שטעהען אַ קאַרעטע, אַ שליטען און איזוואָזשטשיקעס צודריקענדיג זיך מיט די הינטער־ווענטלעך. אַ פּאָטשטאָווע טראָיקע שטעהט אויך דאָ. דער דוואָרניק, אײַנגעהילעט און צוזאַמענגעקאָרטשעט, דוכט זיך בעהאַלט זיך הינטער'ן ווינקעל פון הויז.

„און ווען וועט זיך שוין ענדיגען דאָס פּלאַפּלען”, טראַכט דער לאָקיי, מיט אַנ'איינגעפּאַלענעם פּנים, זיצענדיג אין קאָרידאָר. „און אַלץ אויף מיין דעזשורסטוואָ ?!” פון דערבייאיגען צימער הערען זיך שטימען פון דריי יונגע לייט, וואָס עסען אָווענדברויט. זיי זיצען אין צימערעל ביי'ם טיש, אין וועלכען עס געפינען זיך די רעסטלעך פון אָווענדברויט און וויין. איינער אַ קליינינקער, אַ ריינינקער, אַ מאָגערער און אַ מאוסקייט קוקט אויף דעם אָבּ-פאָהרענדיגען מיט פריינדליכע אויגען; דער צווייטער, אַ הויכער ליעגט אָנגעשפּאַרט נעבען טיש, וואָס איז אָנגעשטעלט מיט לעדיגע פלאַשען און שפּיעלט זיך מיט'ן שליעסעלע פון זייגער. דער דריטער אין אַ נייעם פּאָלושובאָק שפּרייזט דורכ'ן צימער, און זיך ווייל'ע-ווייז אָבשטעלענדיג, קנאַקט ער מאַנדלען צווישען די גראָבינקע שטאַרקע פינגער מיט ריינע נעגעל און שמייכעלט. זיין פּנים און די אויגען פלאַמען. ער רעדט מיט היטץ און מיט די הענד, נאָר אַ פּנים ער געפינט נישט קיין ווערטער, און אַלע ווערטער, וואָס קומען איהם אין זינען, שיינען צו זיין ניט געננג אום אויסצודריקען אַלץ, וואָס האָט איהם צוגעשפּאַרט ביים האַרצען. ער שמייכעלט אָהן אַנ'אויפהער.

איצט מעג מען אַלץ זאָגען! — זאָגט דער אָבפּאָהרענדיגער — דאָס הייסט נישט, אַז איך וויל זיך אַרויסווייזען פאַר נערעכט, נאָר איך וואָלט געוואָלט, אַז דו וועניגסטענס זאָלסט מיך פערשטעהען, ווי איך פערשטעה זיך און נישט ווי עס קוקען אויף די זאַכען אָרדינערע נפשות. דו זאָגסט, אַז איך בין שולדיג אַקעגען איהר — ווענדט ער זיך צו דעם, וואָס קוקט אויף איהם מיט פריינדליכע אויגען.

— יאָ, שולדיג — ענטפערט דער קליינער און דער מאוס'ער. און עס דוכט זיך, אַז אין זיין בליק דריקט זיך אויס נאָך מעהר גוטסקייט און מידיגקייט.

— איך ווייס פאַר וואָס דו זאָגסט דאָס, — רעדט ווייטער דער אָבפּאָהרענדיגער, — זיין געליעבט, נאָך דיין מיינונג נאָך, איז אַזאַ גליק ווי אַליין ליעבען און עס איז גענוג אויפ'ן גאַנצען לעבען, ווען דו האָסט עס דערגרייכט.

— יאָ, נענוג, מיין טייערינקער! מעהר וויפיעל מען בעדאַרף, — האָט בעשטעטיגט דער קליינער און דער מאוס׳ער, אַלע ווײַלע עפּענענדיג און פערמאַכענדיג די אויגען.

— נאָר פאַרוואָס זאָל איך אַליין ניט ליעבען! זאָגט דער אָבפאָהרענדיגער, פערטראַכט זיך און קוקט דורכט זיך מיט רחמנות אויף זיין קאַמעראַדען. — פאַר וואָס אַליין נישט ליעבען? עס ליעבט זיך נישט! ניין, זיין געליעבט איז אַנ׳אונגליק, אַנ׳אונגליק, ווען דו פיהלסט, אַז דו ביסט שולדיג, ווייל דו גיעסט נישט דאָס אייגענע און קאָנסט עס נישט געבען. אַ, גאָט מיינער! — ער האָט אַ מאַך געטהון מיט דער האַנד. — ווען חאָטש אָט דאָס וואָלט געטהון ווערען שכל׳דיג, לאָזט זיך גאָר אוים אַ בוידעם, עפּעס אַלץ נישט ווי עס שכל׳ט זיך אונז, עפּעס גאָר אויף אַנ׳איינענעם שטייגער טהוט זיך דאָס. עפּעס ווי איך וואָלט צוגע׳גנב׳ט דאָס געפיהל, און דו טראַכטסט אייך אַזוי, לייקען נישט, דו מוזט אַזוי טראַכטען. און, גלויב מיר, פון אַלע נאַרישע און מאוס׳ע זאַכען, וואָס איך האָב שוין אוי־ספּעיעט אָבטהאָן אין לעבען, איז דאָס דאָס איינציגע, אויף וואָס איך האָב קיין חרטה נישט און קען קיין חרטה נישט האָבען. נישט אין אָנפאַנג נישט נאָכדעם האָב איך זיך אין איהר נישט גענאַרט. מיר האָט זיך געדוכט, אַז ענדליך האָב איך אָנגעהויבען ליעבען, דערנאָך האָב איך דערזעהען. אַז עס איז געווען נישט וועלנדיגערהייט אַ ליגען, אַז אַזוי ליעבען טאָר מען נישט, און איך האָב נישט געקאָנט געהען ווייטער: און זי איז ווייטער גע־גאַנגען. צו בין איך שולדיג אין דעם, וואָס איך האָב נישט געקאָנט? וואָס האָב איך געקאָנט טהאָן?

— נו, איצט אָבער האָט שוין גענומען אַנ׳עק! האָט געזאָגט דער קאַמעראַד, פערוויכענדיג אַ סיגאַר, אום דעם שלאָף צו פערטרייבען. — איינס וועל איך אָבער זאָגען: דו האָסט נישט געליעבט און ווייסט נישט, וואָס הייסט אַזוינס ליעבען.

דער וואָס איז געווען אין פּאָלישובאָק האָט ווידער עפּעס געוואָלט זאָגען, און האָט זיך געחאַפּט פאַר׳ן קאָפּ.

אָבער עס האָט זיך נישט אַרויסגעזאָגט דאָס, וואָס האָט זיך געוואָלט זאָגען.

— נישט געליעבט! יאָ אמת, כ'האָב נישט געליעבט. אָבער עס איז פּאָרט דאָ ביי מיר אַ וואונש צו ליעבען, אַ וואונש, וואָס קען גאָר נישט שטאַרקער זיין! און ווידער אַ מאָל, צו איז פאַרהאַן גאָר אַזאַ ליעבע? אַלץ בלייבט עפּעס נישט פערענדיגט. מילא, וואָס איז דאָ צו רעדען! געפּלאָנטערט, אָנגעפּלאָנטערט אין לעבען, אָבער איצט ווערט דאָס שוין געהמען אַנ'עק, ביסט גערעכט, און איך פיהל, אַז עס הויבט זיך אָן אַ נייעס לעבען.

— וואו דו וועסט ווידער אָנפּלאָנטערן, — האָט געזאָגט דער, וואָס איז געלעגען אויף דער זאָפע און וואָס האָט זיך געשפּיעלט מיט דעם שליעסעלע פון זייגער; נאָר דער אָבפאָהרענדיגער האָט נישט געהערט די בעמערקונג.

— מיר איז אומעטיג און צוגלייך פרעהליך, וואָס איך פאָהר אַוועק, — האָט ער ווייטער געזאָגט, — פאַר וואָס איז מיר אומעטיג ווייס איך נישט... און דער אָבפאָהרענדיגער האָט אָנגעהויבען רעדען נור וועגען זיך, נישט בעמערקענדיג, אַז די אַנדערע איז דאָס נישט געווען אַזוי אינטערעסאַנט, ווי איהם. אַ מענש איז קיינמאָל נישט אַזאַ עגאָאיסט, ווי אין דער מינוט, ווען ער איז פול מיט אַ גייסטיגער התפעלות. איהם דוכט זיך, אַז אין דער מינוט איז נישטאָ אויף דער וועלט קיין שענערע און אינטערעסאַנטערע זאַך, ווי ער אַליין.

— דמיטרי אַנדרעעוויטש, דער פוהרמאַן וויל מעהר נישט וואַרטען — האָט געזאָגט אַנ'אריינגעהענדיגער יונגער פּאַראַבאָק אין אַ פעלץ, אַרומגעבונדען מיט אַ שאַל. — פון 12 אַ זייגער אָן וואַרטען די פערד, און איצט איז שוין 4.

דימיטרי אַנדרעעוויטש האָט אַ קוק געטהון אויף זיין וואַניושע: זיין אַרומגעבונדענער שאַל, זיינע וואָליקעס, זיין פערשלאָפענער פּנים האָבען איהם דערמאָהנט די שטימע פון אַנ'אַנדער לעבען. וואָס האָט איהם גערופען צו זיך, אַ לעבען פון אַרבייט, מאַנגעל און טהעטיגקייט.

— און טאַקע אין דער אמת'ן, זיי געזונד! האָט ער געזאָגט, זוכענדיג אויפ'ן פּעלצעל אַ נישט פערשפּילעטען העקעל.

נישט קוקענדיג אויף די עצה צו געבען דעם פּוהרמאַן אויף בראָנפען, האָט ער אָנגעטהאָן דאָס היטעל און האָט זיך אַוועקגעשטעלט אין מיטען צימער. זיי האָבען זיך איינמאָל צוקושט, צוויי מאָל, זיך אָבגעשטעלט און דערנאָך צום דריטען מאָל זיך צוקושט. דער וואָס איז געוועזן אין פּאָלושובאָק איז צו צום טיש, אויסגעטרונקען אַ באָקאַל, וואָס איז געשטאַנען אויפ'ן טיש, גענומען די האַנד פון קליינינקען און מאוס'ען און זיך צורייטעלט.

— ניין, איך וועל פאָרט זאָגען. מען דאַרף און מען מעג מיט דיר זיין אָפענהערציג, ווייל איך האָב דיך ליעב... דו האָסט זי דאָך ליעב. איך האָב עס אַלע־מאָל געוואוסט... יאָ?

— יאָ, — האָט געענטפערט דער קאַמעראַד און נאָך מילדער שמייכלענדיג.

— און עס קען נאָך געמאָלט זיין...

— זייט מוחל, מען האָט שוין בעפוילען די ליכט אויסצולעשען, — האָט געזאָגט דער פערשלאָפענער לאָקיי, וועלכער האָט צוגעהערט דעם לעצטען שמועס און וואָס האָט געטראַכט: פאַר וואָס רעדען די הערשאַפטען תמיד דאָס איינענע. — אויף וועמענס נאָמען בעפוילען זיי צו פערשרייבען די רעכענונג? אויף אייערען? — האָט ער צוגעלעגט, זיך צוקעהרענדיג צום הויכען, וויסענדיג פאָראויס, צו וועמען מען דאַרף זיך ווענדען.

— אויף מיינעם, — האָט געזאָגט דער הויבער — וויפיעל?

— 26 רובעל.

דער הויכער האָט זיך בעקלערט אַ רגע, נאָר ער האָט גאָר נישט געזאָגט און האָט אַריינגעלעגט די רעכענונג אין קעשענע.

און די צוויי שמועסענדיגע האָבען דערווייל גערעדט זייערס.

— זיי געזונד, דו ביסט אַ וואוילער יונג! האָט געזאָגט דער קליינינקער און דער מאוס'ער מיט מילדע אויגען.

טרעהרען זענען געשטאַנעןביידען אין די אויגען. זיי זענען אַרויס אויף דעם גאָניק אויף דרויסען.

אַך, יאָ! — האָט געזאָגט דער אָבפּאָהרענדיגער, רויט ווערענדיג און זיך ציקעהרענדיג צום הויכען. — די רעכענונג ביי שעוואַליע וועסט דו שוין קוויטירען און נאַכהער שרייב מיר.

— גוט, גוט, — האָט געזאָגט דער הויכער, אָנטהוענדיג די הענדשקעס. — ווי בין איך דיר מקנא! — האָט ער צוגעלעגט גאַנץ אונערוואַרטעט, ווען זיי זענען אַרויס אויף'ן גאָניק.

דער אָבפּאָהרענדיגער האָט זיך געזעצט אין שליטען, זיך איינגעהילעט אין פּעלץ און האָט געזאָגט: „נו, אַדרבה, לאָמיר פּאָהרען", און האָט זיך זאָגאַר אַ רוק געטהאָן אין שליטען, אַקוראַט ווי ער וואָלט געוואָלט מאַכען אַ זיאַרע אין שליטען פאַר דעם, וואָס האָט געזאָגט, אַז ער איז איהם מקנא: זיין שטים האָט געציטערט.

דער, וואָס האָט בעגלייט, האָט געזאָגט: — זיי געזונד, מיטיאַ, דער אייבערשטער זאָל דיר געבען...

ער האָט קיין זאַך נישט געוואָלט, חוץ דעם, אַז יענער זאָל וואָס גיכער אָבפּאָהרען, און דעריבער האָט ער נישט געקענט דערענדיגען זיין ווינשעוואַניע.

מען איז ענטשוויעגען געוואָרען. נאָך אַמאָל האָט עמעצער געזאָגט: „זיי געזונד".

עמעצער האָט געזאָגט: „פּאָשאָל!" און דער פּורמאַן האָט זיך גענומען ריהרען.

— יעליזאַר, דערלאַנג! האָט אַ געשריי געטהאָן איינער פון די בעגלייטער.

די איזוואָזשציקעס און דער קוטשער האָבען זיך אָנגע-הויבען ריהרען, טשמאַקען און אַ רים געטהאָן די לייצעס. די איינגעפראָרענע קאַרעטע האָט אַ גרילץ געטהאָן איבער'ן שנעע.

— אַ וואוילער יונג דער אַליענין, — האָט געזאָגט איינער פון די בעגלייטער, — נאָר אַ מאָדנער חשק צו פּאָהרען קיין קאַווקאַז און נאָך אַלס יונקער? איך וואָלט אַ פּאַלטיניק נישט גענומען דערפאַר. דו וועסט מאָרגען עסען מיטאָג אין קלוב?

— איך וועל קומען אַהין.

און די בעגלייטער זענען זיך צופאָהרען.

דעם אָבפאָהרענדיגען איז געוואָרען וואַרם, הייס אין פּעלץ. ער האָט זיך געזעצט אויף'ן דעק שליטען, זיך פאַנאַנדער־געשפּילעט, און די יאַמסקע צושויבערטע טראָיקע האָט זיך גענומען שלעפּען פון דער פינסטערער גאַס אויף אַ גאַס, פערביי הייזער, וואָס ער האָט נאָך קיינמאָל ניט געזעהען. אָלעגינען האָט זיך אויסגעדוכט, אַז נאָר די, וואָס לאָזען זיך אין וועג, פאָהרען דורך אַזוינע גאַסען. אַרום איז געווען פינסטער, שטיל, אומעטיג, אָבער דאָס האַרץ איז געווען אַזוי פול פון ערינערונגען, ליעבע, חרטה און טרעהרען, וואָס האָבען מאַכל'דיג געדריקט ביים האַלז.

## II.

„איך האָב האָלד! זעהר האָלד! וואהולע! גוט!“ האָט ער גע'חזר'ט און איהם האָט זיך געוואָלט וויינען. נאָר פאַר וואָס האָט זיך פערוואָלט וויינען? ווער זענען די וואהולע? וועמען האָט ער אַזוי האָלד? דאָס האָט ער געגוי נישט געוואוסט. מאַנכמאָל האָט ער זיך פערקוקט אויף וואָס עס איז פאַר אַ הויז און האָט זיך געוואונדערט, פאַר וואָס איז עס אַזוי טשיקאַווע געבויט; מאַנכמאָל האָט ער זיך געוואונדערט, פאַר וואָס דער יאַמשטשיק און וואַניושע, וואָס זענען איהם אַזוי פרעמד, זיצען אַזוי נאָהענט נעבען איהם און זיצען און טרייסלען זיך אינאיינעם מיט איהם, ווען עס טהוען זיך אַ ריס די פערד פון ביי זייט, וואָס ציהען אָן די פערפראָרענע לייצעס, און ער האָט ווייטער גע'חזר'ט: „וואהולע! איך האָב האָלד“, און איינמאָל האָט ער זאָגאַר געזאָגט: „ווי ער דערלאַנגט אַ זעץ! אויסגעצייכענט“. און ער האָט זיך אַליין געוואונדערט אויף דעם, וואָס ער זאָגט אַזוינס, און זיך אַ פרעג געטהאָן: „צו בין איך שכור גאָר?“ אמת ער האָט אויף זיין חלק אויסגעטרונקען אַ צוויי פלאַשען וויין, אָבער נישט דער וויין אַליין האָט געמאַכט די דאָזיגע ווירקונג אויף

אָלעגינען. ער האָט זיך דערמאָהנט אַלע האַרציגע, ווי עס האָט איהם געשיינט, פריינדשאַפט'ס ווערטער, וואָס ער האָט שעמעוודיג, אַזוי ווי אונגעריכט, אַרויסגערעדט פאַר'ן געזעגענען זיך. ער האָט זיך דערמאַהנט דעם האַנד־דרוק בי'ין געזעגענען זיך, די בליקען, דאָס שווייגען, דעם קלאַנג פון שטים, וואָס האָט געזאָגט: „זיי געזונד, מיטיאַ!" בעת ער איז שוין געזעסען אין שליטען, ער האָט זיך דערמאַהנט זיינע אייגענע פיסטע אָפענהאַרציגקייט. און דאָס אַלץ האָט בעקומען פאַר איהם אַ ריהרענדיגע וויכטיגקייט. פאַר'ן אַוועקפאָהרען האָבען נישט נאָר פריינד, קרובים, גלייכגילטיגע, נאָר אויך נישט סימפאַטישע, נים פערגינערס ווי צונויפגערעדט זיך אידם שטאַרקער האָלד צו האָבען, מוחל צו זיין, ווי פאַר'ן ודוי ביים גלח אָדער פאַר'ן טויט. „אפשר איז מיר שוין נישט בעשערט זיך אומצוקעהרען פון קאַווקאַז?" האָט ער געטראַכט און איהם האָט זיך אויסגעדוכט, אַז ער האָט ליעב זיינע פריינד, און עפּעס נאָך עמעצען, און ער האָט אויף זיך רחמנות געהאַט, נאָר נישט די ליעבע צו זיינע פריינד האָט איהם אַזוי ווייך געמאַכט און דערהויבען זיין האַרץ, אַז עס האָט שוין נישט געקענט איינהאַלטען די נאַרישע ווערטער, וועלכע האָבען זיך גערעדט פון זיך אַליין, אויך נישט די ליעבע צו אַ פרויענצימער (ער האָט קיינמאָל נישט געליעבט) האָט איהם אַריינגעבראַכט אין אַזאַ צושטאַנד. נאָר די ליעבע צו זיך אַליין, די הייסע, פול מיט האָפנונגען, די יונגע ליעבע צו אַלדאָס גוטע אין זיין נשמה (און איהם האָט איצט געשיינט, אַז אין זיין נשמה האָט זיך נאָר בעזעצט דאָס גוטע) האָט איהם געצווינגען צו וויינען און צו שעפּטשען נישט פערשטענדליכע ווערטער.

אָלענין איז געווען אַ יונגער מאַן, וואָס האָט נאָך אין ערגעץ נישט געענדיגט אַ קורס, וואָס האָט נאָך אין ערגעץ נישט געדיענט (ער האָט זיך נאָר גערעכענט פאַר אַ צוגעשריעבענעם אין ערגעץ אַ דעפּאַרטאַמענט), וועלכער האָט פערשווענדעט אַ העלפט פון זיין אייגענס און וואָס האָט ביז 24 יאָהר זיך נאָך נישט אויסגעקליעבען קיין קאַריערע, און וואָס האָט אויף

זיין לעבען נאָך נישט אָנגעהויבען צו טהאָן וואָס די האָהר איז ווערט. ער איז געווען דאָס, וואָס מען רופט אין דער מאָסקווער געזעלשאַפט „אַ יונגער מאַן".

צו 18 יאָהר איז אָלעבין געווען אַזוי פריי, ווי עס זענען נאָר געווען פריי די רוסישע רייכע יונגע לייט אין די 40־ער יאָהרען, וואָס זענען פון יוגענד אויף געבליעבען אָהן עלטערען. ער האָט נישט געוואוסט נישט פון פיזישע און מאָראַלישע קייטען; ער האָט געקענט טהון אַלץ וואָס ער וויל, און אין קיין זאַך האָט ער זיך נישט גענויטיגט און קיין זאַך האָט איהם נישט געבונדען. ער האָט נישט געהאַט קיין פאַמיליע, קיין פאַטער־לאַנד, קיין אמונה, קיין נויט. ער האָט אין קיין זאַך נישט געגלויבט און קיין זאַך האָט ביי איהם קיין ממשות נישט געהאַט. נאָר אין קיין זאַך נישט גלויבענדיג, איז ער נישט נאָר נישט געווען קיין אומעטיגער, זיך לאַנג ווייל־ענדיגער און מפלפל'דיגער בחור, נאָר אומגעקעהרט, אַ שטענדיגער בעל ההפעלות, וואָס ווערט נאָר וואָס פערקאָכט און הינגעריסען. ער האָט בעשלאָסען, אַז עס איז נישט פאַרהאַן קיין ליעבע און איטליכם מאָל פלעגט ער ביי'ן בעגעגענען זיך מיט אַ יונגעם שעהנעם פרויענצימער שטאַרבען פאַר תענוג. ער האָט שוין לאַנג געוואוסט, אַז טיטלען און כבוד איז נישט ווערט אַ דרייער, אָבער איטליכם מאָל, ווען פירסט סערגיי פלעגט צוגעהען צו איהם אויף אַ באַל און רעדען מיט איהם פריינדליך, פלעגט ער נישט ווילענדיגערהייט שפירען אַ פערגעניגען דערפון. נאָר אָבגעבען זיך פלעגט ער זיך אַזוי פיעל, וויפיעל דאָס קען איהם נישט בינדען. ווי נאָר זיך אָבגעבענדיג צו אַ שטרעבונג, פלעגט ער אָנהויבען שפירען, אַז דאָס איז פערבונדען מיט אַרבייט און קאַמפף, מיט דעם קליינליכען לעבענס־קאַמפף, פלעגט ער זיך אינסטינקטיוו אָברייסען פון דעם געפיהל אָדער דער זאַך און צוריק זעהען געווינען זיין אַמאָליגע פרייהייט.

אָט אַזוי האָט ער אָנגעהויבען פיהרען אַ לעבען פון אַ סאַלאָן־מענשען, אָנגעהויבען ערגעץ דיענען, אָנגעהויבען זיך בעשעפטיגען מיט דער לאַנדווירטשאַפט, מיט מוזיק, צו וועלכער

ער האָט צייטלאַנג געמיינט, אַז ער וועט זיך איהר אָבגעבען אויף'ן גאַנצען לעבען. אַפילו אָנגעהויבען פערברענגען די גאַנצע צייט אויף ליעבע צו פרויען, און וואָס ער האָט נישט געגלויבט, אָפּט האָט ער געקלערט, אַ וואו טהוט מען אַ הין די גאַנצע יוגענד-קראַפט, וועלכע איז נאָר איין מאָל פאַרהאַן ביים מענשען — צו אויף קונסט, אויף וויסענשאַפט, צו אויף ליעבע צו אַ פרויענצימער, צו אויף אַ פראַקטישע טהעטיגקייט — נישט די קראַפט פון שכל, פון האַרצען, פון דער בילדונג, נאָר דעם ברען, וואָס חזר'ט זיך שוין נישט איבער, אָט די מאַכט, וואָס איז נאָר געגעבען געוואָרען דעם מענשען איין איינציג מאָל, צו מאַכען פון זיך אַלץ וואָס ער וויל און ווי עס דוכט זיך איהם אויס, צו מאַכען פון דער וועלט אַלץ, וואָס איהם גלוסט זיך נאָר. אמת, עס זענען פאַרהאַן מענשען, וועלכע פערמאָגען נישט דעם דאָזיגען ברען, וועלכע ווי באַלד זיי געהען אַריין און לעבען, לעגען זיי אַרויף אויף זיך דעם ערשטען צופעליגען יאָך און אַרבייטען אין איהם אָב עהרליך ביז'ן סוף יאָהרען. נאָר אָלענין האָט צו שטאַרק געפיהלט אין זיך די געגענוואַרט פון דעם אלמעכטיגען גאָט, פון דער יוגענד, די פעהיגקייט זיך צו פערוואַנדלען אין איין וואונש, איין געדאַנק, די פעהיגקייט צו וועלען, אַז געוואָלט און געטהאָן איז איינס, זיך צו וואַרפען אין אַנ'אָבגרונד מיט'ן קאָפּ אַראָב, נישט וויסענדיג פאַר וואָס און צו וואָס. ער האָט געטראָגען אין זיך דאָס דאָזיגע בעוואוסטזיין, האָט געשטאָלצירט מיט איהם און, נישט וויסענדיג אַליין דערפון, זיך געפיהלט גליקליך צוליעב איהם. ביז איצט האָט ער נור האָלד געהאַט זיך אַליין און האָט נישט געקענט זיך נישט ליעבען, ווייל ער האָט דערוואַרט פון זיך נאָר דאָס בעסטע און האָט נאָך נישט אויפּגעעט צו זעהען, אַז ער נאַרט זיך אין זיך. אָבפאָהרענדיג פון מאָסקווע. איז ער געווען אין דער גליקליכער יונגער שטימונג, בשעת אַיינזעהענדיג די פריהערדיגע פעהלערען, זאָגט זיך דער יונגערמאַן מיט אַמאָל, אַז אַלץ וואָס ביז אַהער איז געווען איז נישט דאָס, אַז דאָס פריהערדיגע איז געווען נאָר צופעליג און נישט וויכטיג, אַז פריהער

האָט ער נישט געוואָלט לעבען ווי מען בעדאַרף, אָבער איצט, מיט דעם אַרויספאָהרען פון מאָסקווע הויבט זיך אָן אַ נייעס לעבען, אין וועלכען עס וועלען שוין נישט זיין יענע פעהלער, עס וועט נישט זיין קיין חרטות, און עס וועט געוויס גאָר זיין גאָר אַ גליקליכעס לעבען.

ווי אַלעמאָל, ווען מען פאָהרט אין אַ וויימען וועג, בלייבט די ערשטע 2-3 סטאַנציעס די פאַנטאַזיע אויף דעם אָרט, פון וואַנען דו פאָהרסט אַוועק און דערנאָך פּלעצליך, מיט'ן ערשטען פריהמאָרגען, וואָס דו טרעפסט אין וועג, טראָגט זיך אַריבער צו דעם רייזע-ציעל און הויבט שוין דאָרט אָן צו בויען צוקונפטס-שלעסער. אַזוי איז אויך געווען מיט אָלענינען.

אַרויספאָהרענדיג הינטער'ן שטאָדט און אַרומנעהמענדיג מיט'ן בליק די פערשנעטע פעלדער, האָט ער זיך דערפרעהט, וואָס ער איז דאָ אַליין צווישען די דאָזיגע פעלדער. ער האָט זיך פעסטער איינגעהילעט אין פעלץ, זיך אַראָבגעלאָזען אויפ'ן דעק פון שליטען, זיך בערוהיגט און איינגעדרעמילט. דאָס געזעגעניש מיט די קאַמעראַדען האָט איהם ווייך געמאַכט דאָס האַרץ, און ער האָט אָנגעהויבען זיך דערמאַהנען אָן דעם גאַנצען לעצטען ווינטער, וואָס ער האָט פערבראַכט אין מאָסקווע, און די בילדער פון דער דאָזיגער פערגאַנגענהייט, וואָס זענען איבער-געשלאָגען געוואָרען מיט אונקלאָרע געדאַנקען און פאָרווירפע, האָבען אָנגעהויבען נישט געבעטענערהייט איינצודרינגען אין זיין פאַנטאַזיע.

עס האָט זיך איהם דערמאַהנט דער קאַמעראַד, וואָס האָט איהם בעגלייט, און זיינע בעציהונגען צו דעם מיידעל, וועגען וועלכער זיי האָבען ביידע גערעדט. „ווי אַזוי האָט ער זי געקענט ליעבען, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס זי האָט מיך ליעב?" האָט ער געטראַכט, אַ נישט קיין גוטער חשד איז איהם אַריין אין קאָפּ. „אַ סך נישט-עהרליכקייט געפינט מען ביי'ן מענשען, ווען מען בעקלערט זיך. און פאַר וואָס אין דער אמת'ן האָב איך נאָך קיינמאָל נישט געליעבט?" — האָט זיך איהם געשטעלט די פראַגע. „אַלע זאָגען מיר, אַז איך האָב נאָך קיינמאָל נישט

געליעבט. בין איך דען אַזאַ מאָראַליש פּערזעהעניש". און ער האָט זיך דערמאַהנט אָן זיינע פּערליעבענישען. ער האָט זיך דערמאַהנט די ערשטע צייט, ווען ער האָט פערבראַכט זיין לעבען אין די סאַלאָנען און די שוועסטער פון איינעם פון זיינע קאַמעראַדען, מיט וועלכער ער האָט פערבראַכט אָווענדען ביי'ן טיש מיט אַ לאָמפּ, וועלכע האָט בעלייכט איהרע דינע פינגער ביי דער אַרבייט און דעם אונטערטייל פון דעם פיינעם געזיכט, און עס האָבען זיך אין ערינערונג אָבגערופען די געשפּרעכען, וועלכע האָבען זיך געצויגען ווי אַ קלעפּענדיגער האָניג-פּאָדעם, און די נישט געשיקטקייט, און די שעמעוודיגקייט, און דאָס אייבּיגע פּראָטעסט-געפיהל קעגען אַזאַ געשפּאַנטער שטימונג. עפּעס אַ שטים האָט איהם אַלץ גערעדט: נ י ש ט ד אָ ס, נ י ש ט ד אָ ס, און טאַקע עס איז געווען נישט דאָס. דערנאָך האָט זיך איהם דערמאַהנט דער באַל און די מאַזורקע מיט דער שענער ד. „ווי בין איך געוועזען פערליעבט אין יענע נאַכט! און ווי גליקליך בין איך געוועזן! און ווי וועה און וואָס פאַר אַ פערדרוס איז געוועזן, אַלס איך האָב זיך דעם אַנדערען טאָג אויפגעהאַפּט פריהמאָרגענס און זיך דערפיהלט פריי! וואָס קומט זי, די ליעבע עפּעס נישט! בינדט מיך נישט די הענד און פיס?" האָט ער געטראַכט. „ניין עס איז נישטאָ קיין ליעבע, די שבנ'טע די פריצ'טע, וואָס האָט דאָס אייגענע געזאָגט מיר און דובראָווינ'ען און דעם מאַרשאַלעק, אַז זי האָט ליעב די שטערן איז אויך געוועזן נ י ש ט ד אָ ס!" און עס שטעלט זיך איהם שוין פאָר זיינע לאַנדווירטשאַפטליכע טהעטיגקייט אין דאָרף, און ווידער איז גאָר נישטאָ זיך אָבצו-שטעלען מיט פרייד אויף די דאָזיגע ערינערונגען. „צו וועלען זיי לאַנג רעדען וועגען מיין אָבפאָהר?" קומט איהם אַריין אין קאָפּ. נאָר ווער זענען דאָס די „זיי" וויים ער אַליין נישט, און באַלד דערנאָך קומט איהם אַריין דער געדאַנקען, וואָס צווינגט איהם זיך צו פערקרימען און צו שעפּטשענען נישט קלאָרע ווערטער: דאָס איז די ערינערונג אָן מאָסיע קאָפּעל און 678 רובל, וועלכער ער איז געבליעבען שולדיג דעם שניידער און ער דערמאַהנט זיך די ווערטער, מיט וועלכע ער האָט זיך איינ-

געבעטען ביי'ן שניידער, אַז ער זאָל וואַרטען נאָך אַ יאָהר, און דעם אויסדרוק פון נישט פערשטעהען הכנעה צום מזל זיינעם, וואָס האָט זיך בעוויעזען אויפ'ן שניידערס פנים. „אַ'מיין גאָט, מיין גאָט!" חזר'ט ער איבער, צוזאַמענקנייפענדיג די אויגען און זיך מיהענדיג צו פערטרייבען דעם נישט אָנגענעהמען געדאַנק, „דאָך האָט זי נישט קוקענדיג אויף אַלץ מיך געליעבט", טראַכט ער וועגען דעם מיידעל, פון וועמען מען האָט גערעדט ביי'ן געזעגענען זיך. „יאָ, ווען איך וואָלט מיט איהר חתונה געהאַט, וואָלט איך איצט נישט געווען קיין בעל חוב, און איצט בין איך געבליעבען אַ בעל חוב וואַסיליעוו'ען". און עס שטעלט זיך איהם פאָר דער לעצטער קאָרטען־שפּיעל־אָווענד מיט וואַסיליעוו'ען אין קלוב, וואו ער איז געפאָהרען באַלד נאָכדעם, ווי ער איז ביי איהר געווען, ווי ער האָט זיך דערנידעריגט צו בעטען ווייטער צו שפּיעלען און יענעם'ס קאַלטען אָבזאָגען זיך. „אַ יאָהר עקאָנאָמיע, אין אַלע חובות וועלען ווערען אויסגעצאָהלט, און חאַפּט זיי דער טייוועל"... נאָר נישט קוקענדיג אויף דעם דאָזיגען בטחון, הויבט ער ווייטער אָן צוזאַמענצורעכענען די איבערגעבליעבענע חיבות, זייערע טערמינען, און די צייט, ווען ער רעכענט זיך אויסצוצאָהלען. „אָבער איך בין נאָך געבליעבען שולדיג מאַרעלען, חוץ שעוואַליע", דערעמאַהנט זיך איהם; און עס שטעלט זיך איהם פאָר דער גאַנצער געפּילדער, ווען ער האָט זיך איהם אַזוי פיעל פערשולדיגט. דאָס האָט מען געשכור'ט מיט ציגיינערינען, וועלכע עס האָט זיך פערוועלט די געקומענע פון פּעטערבורג: פאַשקע ב... דער פליגעל־אַדיוטאַנט און דער פירסט ד. און דער בכבוד'יגער זקן... „און וואָס זענען זיי אַזוי צופריעדען מיט זיך, אָט די פיינע לייט? — האָט ער אַ קלער געטהאָן — און מיט וואָס פאַר־אַ גרונד בילדען זיי אַ בעזונדער קרוזשאָק, וואו, לויט זייער מיינונג נאָך, איז פאַר אַנדערע זיך צו בעטיילינגען אַ כבוד? שוין זשע דערפאַר, ווייל זיי זענען פליגעל־אַדיוטאַנטען. עס איז שרעקליך, ווי זיי האַלטען פאַר נאַרען און ניעדריגע אַנדערע מענשען! איך האָב זיי געוויזען, פערקעהרט, אַז איך האָב קיין שום חשק נישט זיך צו פריינדלען

מיט זיי, און איבעריגענס, איז מיין אַנדריי, דער פערוואַלטער, געוועזען שטאַרק פערוואונדערט, דאָס איך בין אויף „דו" מיט אַזאַ הערען ווי שאַשקע ב... דעם פּאָלקאָווניק און דעם פלינגעל־אַדיוטאַנטען... און קיינער האָט נישט געטרונקען אַזוי פיעל יענעם אָוועגד ווי איך; און האָב אויסגעערנט דעם ציגיינער־כאָר אַ נייעם ליעד, און אַלע האָבען זיך צוגעהערט. „האָטש אַסך נאַרישקייטען אָבגעטהאָן, אָבער איך בין פאָרט זעהר, זעהר אַ פיינער יונגערמאַן" טראַכט ער.

דער פריהמאָרגען האָט געטראָפען אָלעגינען אויף דער דריטער סטאַנציע. ער האָט אויסגעטרונקען טהע, איבערגעלייגט מיט וואַניושען די פעקלעך און די טשעמאָדאַנעס און האָט זיך אַוועקגעזעצט צווישען זיי סטאַטקאָינאַ, גלייך און אַקוראַטנע, ווייסענדיג, וואו יעדע זאַך געפינט זיך — וואו דאָס געלד און וויפיעל, וואו דער פּאַס, דער וועג־שיין און דאָס שאָסע־צעטעל, און איהם האָט זיך אויסגעדוכט אַ־ך אַזוי פּראַקטיש, אַז איהם איז געוואָרען פרעהליך אויפ'ן האַרצען און דער ווייטער וועג האָט זיך איהם פאָרגעשטעלט ווי אַ לענגערער שפּאַציער־גאַנג.

אין משך פון פריה־מאָרגען ביז האַלב טאָג איז ער געווען פערטיעפט אין גאַנצען אין אַריפמעטישע חשבונות: וויפיעל ווערסט איז ער שוין אָבגעפאָהרען, וויפיעל בלייבט ביז צו דער ערשטער סטאַנציע, וויפיעל ביז צו דער ערשטער שטאָדט, ביז מיטאָג, ביז טהע־צייט, ביז סטאַווראָפּאָל און וואָס פאַר־אַ חלק מאַכט אויס דאָס אָבגעפאָהרענע צו דעם גאַנצען וועג. דערביי האָט ער אויסגערעכענט, וויפיעל ער האָט געלד, וויפיעל וועלען איבריג בלייבען, וויפיעל ער דאַרף אום אויסצאָהלען די חובות און וואָס פאַר אַ טייל פון זיינע איינקינפטע וועט ער פערלעבען אַ מאָנאַט. אָוועגד צו, ווען ער האָט אָבגעטרונקען טהע, האָט ער גערעכענט, אַז ביז סטאַווראָפּאָל בלייבען נאָך $^7/_{11}$ פון גאַנצען וועג, חובות זענען געבליעבען נאָר אויף 7 חדשים עקאָנאָמיע און $^1/_8$ פון זיין גאַנצען פערמעגען, און זיך בערוהיגענד, האָט ער זיך איינגעהילט, זיך אַרונטער געלאָזען אין שליטען און איז ווידער איינגעדרעמעלט. זיין פאַנטאַזיע איז שוין איצט געווען

אין דער צוקונפט, אין קאַווקאַז, אַלע זיינע חלומות וועגען דער צוקונפט האָבען זיך פעראייניגט מיט די אַמאַלאַט־בעק'עס, טשערקעסענקעס, מיט די בערג, אָבגרונדען, שרעקליכע וואַסער־שטראָמען און אַלערליי סכנות. דאָס אַלץ שטעלט זיך פאַר טונקעל, נישט דייטליך; נאָר דער רוהם, וואָס ציעהט און דער טויט וואָס דראָהט מאַכען די צוקונפט אינטערעסאַנט. אָט איז ער מנצח מיט אַ געוואַלטיגער העלדישקייט און מיט אַ קראַפט, פון וואָס אַלע ווערען נשתומם, אַ גאַנצע מחנה גאָרצעס (בערג־לייט), און מאַכט זיי אונטערטעניג. ווי נאָר ער הויבט אָן זיך פאָרשטעלען די זאַך דעטאַילער (פּרטים־ווייז) הויבען אָן אין די געדאַנקען אַנטהייל נעהמען מאָסקווער בעקאַנטע. פאַשקע ב... אינאיינעם מיט די רוסישע אָרער מיט די גאָרצעס פיהרט מלחמה קעגען איהם. אַפילו דער שניידער, ער ווייס נישט ווי אַזוי, מאַסיע קאַפּעל נעהמט אַנ'אַנטהייל אין דעם יום־טוב פון זיעגער. עס איז קלאָר, אַז דאָרטען צווישען די בערג, די וואַסער־שטראָמען, די טשערקעסענקעס און די סכנות קענען זיך די דאָזיגע פעהלערען נישט איבערחזר'ן אויף'ס ניי. שוין איינמאָל זיך מתודה געוועזען פאַר זיך, און אַנ'עק. עס איז נאָך פאַרהאַן נאָך אַ חלום, דער טיעפסטער, וועלכער האָט זיך אַריינגעמישט ביי דעם געדאַנקען פון יונגען מאַן וועגען דער צוקונפט; דער חלום וועגען אַ פרויענ־צימער. און דאָרטען צווישען די בערג שטעלט זי זיך פאַר דער פאַנטאַזיע אין דער געשטאַלט פון אַ טשערקעסענקע, אַ שקלאַווין מיט אַ שלאַנקער טאַליע, אַ לאַנגען צאָפּ און הכנעה'דיגע בלאָהע אויגען — ער שטעלט זיך פאָר אַנ'איינזאַמע שטיבעל צווישען די בערג, ביי'ן שוועל זי, וואָס וואַרט אויף איהם און דער צייט, ווען ער קעהרט זיך אום צו איהר אַ פערמאַטערטער, בעדעקט מיט שטויב, מיט בלוט, מיט רוהם, און עס דוכטען זיך איהם איהרע קושען, איהרע שולטערען, איהר זיסע שטים, איהר הכנעה. זי איז פרעכטיג שען, נאָר זי איז נישט געבילדעט, ווילד, גראָב. אין די לאַנגע ווינטער־אָווענדען הויבט ער זי אָן צו ערציעהען, זי איז קלוג, פערשטענדיג, בעגאַבט און לערנט זיך גיך אויס אַלע נויטיגע קענטניסע. פאַר וואָס נישט?

זיי קענען זיך זעהר לייכט אויסלערנען שפּראַכען, לייענען די ווערק פון דער פראַנצויזישער ליטעראַטור, זיי פערשטעהען; צום ביישפּיעל, Notre Dame de Paris דאַרף איהר געפעלען. זי קען אויך רעדען אויף פראַנצויזיש. אין כאַאָן קען זי זיך האַלטען מיט מעהר ווירדעקייט, ווי אַ דאַמע פון דער העכסטער געזעלשאַפט. זי קען זינגען איינפאַך, שטאַרק און ליידענשאַפטליך.
„אי, וואָס פאַר־אַ נאַרישקייטען" זאָגט ער צו זיך אַ יין. און אָט איז מען געקומען אויף ערגעץ אַ סטאַנציע און מען בעדאַרף אַריבער קלייבען זיך פון איין שליטען אין אַ צווייטען און געבען אויף בראָנפען. נאָר ער זוכט ווייטער מיט דער פאַנטאַזיע „די נאַרישקייטען", וועלכע ער האָט אָקאָרשט פעריאָגט און ווידער שטעלען איהם זיך פאָר טשערקעסענקעס, רוהם, זיין צוריק קעהרען קיין רוסלאַנד, ער ווערט פליגעל־אַדיוטאַנט, ער האָט אַ פּרעכטיג שענע ווייב...
„אָבער עס איז דאָך גאָר נישט פאַרהאַן קיין ליעבע" — זאָגט ער זיך אַליין — „כבוד — איז דאָך בלאָטע, און 678 רובל?... און דאָס בעזיעגטע לאַנד, וואָס האָט מיר געגעבען מעהר עשירות, וויפיעל איך דאַרף אויף'ן גאַנצען לעבען? איבריגענס, עס וועט נישט זיין שען זיך צו בענוצען מיט דער עשירות פאַר זיך אַליין, מען דאַרף דאָס צוטיילען. וועמען אָבער? 678 רובל קאַפּעלען און ווייטער וועלען מיר שוין שפּעטער זעהען"... און שוין גאָר טונקעלע בילדער פערשטעלען דעם געדאַנק. נאָר די שטימע פון וואַניושען און דאָס געפיהל, אַז דער שליטען פאָהרט נישט האַקען איבער דעם געזונדען יונגען שלאָף, און ער געדענקט שוין אַליין נישט, ווי ער פעקעלט זיך אַריבער אין אַנ'אַנדער שליטען אויף אַ נייער סטאַנציע און פאָהרט ווידער.
אויף'ן אַנדערען טאָג דאָס אייגענע: די אייגענע סטאַנציעס, דאָס טהע־טרינקען, די אייגענע זיך בעוועגענדיגענדע הינטערס פון די פערד, דיעזעלבע קורצע געשפּרעכען מיט וואַניושען, די אייגענע נישט דייטליכע הלומית און דאָס דרעמלען אָוועגד־צייט און אַ מידער געזונדער יונגער שלאָף די גאַנצע נאַכט.

# III.

וואָס ווייטער אָלעניץ איז אָבגעפאָהרען פון צענטער-רוסלאַנד, אַלץ מעהר האָבען זיך פון איהם דערווייטערט זיינע ערינערונגען, ווי עס האָט זיך איהם אויסגעדוכט, און וואָס נאָהענטער ער איז צוגעפאָהרען צו קאַווקאַז, אַלץ פרעהליכער איז איהם געוואָרען אויף'ן האַרצען. „אין גאַנצען אַוועקפאָהרען און קיינמאָל זיך נישט אומקעהרען, זיך נישט ווייזען אין דער געזעלשאַפט, — פלעגט איהם אַמאָל אַריינפאַלען דער געדאַנק, — און די מענשען וואָס איך זעה דאָ, זענען גאָר קיין מענשען נישט; קיינער פון זיי קען מיך נישט, און קיינער פון זיי קען קיינמאָל קימען קיין מאָסקווע אין דער געזעלשאַפט, וואו איך בין געווען און זיך דערוויסען פון מיין פערגאַנגענהייט. און קיינער פון יענער געזעלשאַפט וועט נישט וויסען, וואָס איך האָב געטהון, לעבענדיג מיט די דאָזיגע מענשען". און גאָר אַ נייעס פרייהייטס-געפיהל, פריי פון דער גאַנצער פערגאַנגענהייט זיינער, איז אַריין אין זיין נשמה צווישען די פערגרעבטע בעשעפענישען, וועלכע ער פלעגט בעגעגענען אויף'ן וועג און וועלכע ער האָט נישט אַנערקענט פאַר מענשען אין פערגלייך מיט זיינע מאָסקווער בעקאַנטע. וואָס פאַרגרעבטער עס איז געווען דאָס פאָלק, וואָס וועניגער עס זענען געווען סמנים פון ציוויליזאַציע, אַלץ פרייער האָט ער זיך געפיהלט. פון סטאַווראָפאָל, דורך וואַנען ער האָט געמוזט דורכפאָהרען, האָט איהם אָנגעמאַכט פערדרוס שילדען, אַפילו פראַנצויזישע שילדען, פרויען אין קאַפעלעס, איזוואָ-זשטשיקעס, וועלכע זענען געשטאַנען אויף'ן ברייטען פלאַץ, דער בולוואַר, און אַ הער, וואָס איז פערביי אין אַ שינעל און אַ קאַפעלוש. האָבען געמאַכט אויף איהם אַ שלעכטען ווירקונג. „אפשר דיענען די מענשען עמעצען פון מיינע בעקאַנטע", און עס האָט זיך איהם ווידער דערמאַהנט דער קלוב, דער שניידער, קאָרטען, די גרויסע וועלט... פון סטאַווראָפאָל אָן איז שוין אַלץ געגאַנגען ווי עס האָט זיך געוואָלט: ווילד, און דערצו נאָך שען און מלחמה'דיג. און אָלענינ'ען איז געוואָרען

אַלץ פרעהליכער און פרעהליכער. אַלע קאָזאַקען יאַמשטשיקעס, פּאָטשט-סמאָטריטעלעס האָבען אויסגעזעהען צו זיין אַזוינע איינ-פאַכע בעשעפעניששען, מיט וועלכע מען האָט געקענט אַזוי פראָסט זיך ווערט'ען, פלוידערען, נישט קלערענדיג ווער זיי זענען און צו וואָס פאַר-אַ קלאַס זיי געהערען. אַלע האָבען אָנגעהערט צו דער מענשליכער משפחה, וועלכע, נישט וויסענ-דיג אַליין, איז געווען אָלענינען תמיד ליעב, און אַלע האָבען זיך צו איהם פריינדליך פערהאַלטען.

שוין אין אָבלאַסט וואָיסקאָ דאָנסקאָוואָ האָבען זיי אויס-געביטען דעם שליטען אויף אַ וואָגען: און הינטער סטאַווראָפּאָל איז געוואָרען אַזוי וואַרעם, אַז אָלענין איז געפאָהרען שוין אָהן אַ פעלץ. עס איז שוין געווען פריהלינג — פאַר אָלענינען אַן'אונער-וואַרטעטער פרעהליכער פריהלינג. ביי נאַכט האָט מען שוין נישט אַרויסגעלאָזען פון די סטאַניצעס און אין אָוועגד האָט מען שוין געשמועסט, אַז עס איז אַ סכנה אַרויסצוגעהען. וואַניושאַ האָט אָנגעהויבען פחד צו בעקומען און אַן'אָנגעלאָדענעם ביקס איז געלעגען אויפ'ן וואָגען. אָלענינען איז געוואָרען נאָך היימ-ליכער. אויף איין סטאַנציע האָט דער סמאָטריטעל דערצעהלט מכח אַ שרעקליכע רציחה, וואָס האָט דאָ נישט לאַנג פּאַסירט אויפ'ן וועג. מען האָט בעגעגענט בעוואָפענטע לייט. „אָט וואו עס הויבט זיך אָן" האָט זיך געזאָגט אָלענין און האָט אַלץ געוואַרט אויף דעם אויסזיכט פון די שנע-בערג, וועגען וועלכע מען האָט אַזוי פיעל אָנדערצעהלט. איינמאָל אָוועגד-צייט האָט דער יאַמשטשיק אַ נאָגאָיעץ אָנגעוויזען דורך די וואָלקען מיט'ן בייטש אויף די בערג. אָלענין האָט זיך גענומען גיעריג איינ-קוקען, נאָר עס איז געווען טריעבלעך און די וואָלקענס האָבען אויף אַ העלפט פערצויגען די בערג. אָלענין האָט דערזעהן עפּעס גראָהע, ווייסע און אַ צופּודעלטע קאַנטען, און וויפיעל ער האָט זיך נישט געמאַטערט, האָט ער נישט געקענט געפינען קיין רעכטס און דער אויסזיכט פון די בערג, וועגען וועלכער ער האָט אַזוי פיעל געלעזען און זיך אָנגעהערט. ער האָט אַ קלער געטהאָן, אַז בערג און וואָלקענס האָבען איין אויסזעהען

און די בעזונדערע שענקייט פון די שנע־בערג, וועגען וועלכעס מען האָט איהם אַזוי פיעל פערצעהלט, — איז אַנ׳אויסגעטראַכטע זאַך פּינקט אַזוי, ווי די מוזיק פון באַך און ווי די ליעבע צו אַ פרויענצימער, אין וואָס ער האָט נישט געגלויבט — און ער האָט אויפגעהערט זיך צו דערוואַרטען די בערג. נאָר דעם אַנדערען טאָג, פריהמאָרגענס האָט ער זיך אויפגעכאַפּט פון דער פרישער לופט אין וואָגען און האָט גלייכגילטיג אַ קוק געטהון רעכטס, דער מאָרגען איז געווען אַ קריסטאַל־קלאָרער. פּלעצליך האָט ער דערזעהען — אַ טריט 20 פון זיך, ווי עס האָט איהם זיך אויסגעדוכט אין דער ערשטער רגע — קלאָר ווייסע מאַסען מיט זייערע צאַרטע קאַנטען און די וואונדערליכע גענויע לופט־ליניע צווישען זייערע שפּיצען און ווייטען הימעל — און בשעת ער האָט בעגריפען די ווייטקייט צווישען זיך און די בערג, צווישען די בערג און הימעל, די מורא׳דיגע גרויסקייט פון די בערג, און ער האָט דערפיהלט די אונענדליכקייט פון דער דאָזיגער שענקייט, האָט ער זיך דערשראָקען, געמיינט, אַז דאָס איז אַ בלענדעניש, אַ חלום. ער האָט זיך אַ טרייסעל געגעבען, אום זיך אויסצוציכען. די בערג זענען געבליעבען די איינענע.

— וואָס איז דאָס? וואָס איז דאָס אַזוינס? — האָט ער געפרעגט ביי׳ן יאַמשטשיק.

— נו, בערג, האָט גלייכגילטיג געענטפערט דער נאָגאַיעץ. —

— און איך קוק שוין אויף זיי לאַנג, — האָט געזאָגט וואַניושע. — אַ תענוג! אין דער היים וועט מען נישט גלויבען... ביי דער ניכער בעוועגונג פון דער טראָיקע אויף אַ גלייכען וועג האָט זיך געדאַכט אַז די בערג לויפען מיט׳ן האָריזאָנט, גלאַנ־צענדיג ביי דער אויפגעהענדינער זון מיט זייער ראָזעווע שפּיצען. פון אָנפאַנג איז אָלענין פון די בערג נור נתפּעל געוואָרען, דער־נאָך האָבען זיי איהם דערפרעהט. נאָר דערנאָך זיך מעהר און מעהר פערקוקענדיג אויף די קייט פון די לויפענדיגע שנע־בערג, וואָס וואַכסען נישט אַרויס פון אַנדערע שוואַרצע בערג, נאָר

פראַמע פון סטעפּ אַרויס, — האָט ער ביסלעכווייז אָנגעהויבען צו בעגרייפען די שענקייט זייערע און ער האָט דערפיהלט די בערג. אַלץ וואָס ער האָט געזעהען, אַלץ וואָס ער האָט געטראַכט, אַלץ וואָס ער האָט געפיהלט האָט פון דער רגע אָן בעקומען פאַר איהם אַ נייעם שטרענג גרויסאַרטיגען האַראַקטער פון בערג. אַלע מאָסקווער ערינערונגען, די חרפּה און חרטה, אַלע אָרדינערע חלומות וועגען קאַווקאַז, אַלע זענען זיי פערשוואונדען און האָבען זיך מעהר נישט צוריק געקעהרט. „איצט הויבט זיך אָן", האָט איהם ווי עפּעס געזאָגט אַ וויכטיגע שטים. און דער וועג, און דער בערג פון טערעק, וואָס זעהט זיך פון ווייטען; און די סטאַניצעס, און דער המון, — איז איצט שוין נישט געווען ביי איהם קיין נעלעכטערעל. ער פערקוקט זיך אויפ'ן הימעל און דערמאָהנט זיך די בערג. טהוט אַ קוק איף ויאַניושען און אויף זיך, און ווייטער בערג. אָט פאָהרען רייטענדיג צוויי קאָזאַקען און די ביקסען אין די טשעכאָלען טרייסלען זיך גלייכמעסיג ביי זיי הינטער'ן רוקען, און די פערד זייערע מישען זיך מיט זייערע גרויע און געלע פיס, און די בערג... הינטער'ן טערעק זעהט זיך אַ רויך אין אַנ'אַאול, און די בערג... די זון געהט אייף און גלאַנצט אויף דעם טערעק, וואָס פליעסט הינטער די ווייסע טייך-שטעקלעך, און די בערג. פון דער סטאַניצע פאָהרט אַנ'אַרבאַ. פרויען געהען, שענע פרויען, יינגע, און די בערג... אין סטעפּ יאָגען זיך אַברעקען. און איך פאָהר, האָב פאַר זיי קיין מורא נישט, איך האָב אַ ביקס און כח, און יוגענד, און די בערג...

## IV.

אויף דעם גאַנצען שטיק ערד, וואָס ליעגט ביים טערעק, מיט איהרע גרעבענסקער סטאַניצעס, וועלכע ס'ציהט זיך 80 ווערסט די לענג, האָבען די לאַנדשאַפט און די איינוואָהנער איין האַראַקטער. דער טערעק וואָס טיילט אָב די קאָזאַקען פון די נאָרצעס, פליעסט מיט אַ גיכען טריעבען שטראָם, נאָר הינט

פליעסט ער שוין ברייט און רוהיג, בעוואַרפענדיג שטענדיג מיט
אַ גראָהליכען זאַמד דעם נידעריגען, מיט טייך-שטעקלעך בעוואַק-
סענעם רעכטען ברעג און, אונטערוואַשענדיג דעם משופע'דיגען
ניט-הויכען לינקען ברעג מיט זיינע הונדעריאָהריגע דעמבאָווע
וואָרצלען, פאַרפּייטע טשינאַרעס און דעם יונגען נאָך-וואוקס.
ביים רעכטען ברעג ליעגען בעזיעגטע, אָבער נאָך ניט אין גאנצען
רוהיגע אַאוּלען; אין דער לענג פון לינקען ברעג, אויף אַ האַלב
וויאָרסט פון וואַסער, אָבשטעהענדיג איינע פון די אַנדערע אויף
7-8 וויאָרסט, האָבען זיך צוליינגט די סטאַניצעס. אַ מאָל, פאַר-
צייטען, זענען געווען די סטאַניצעס מעהרסטענטיילס ביים
סאַמען ברעג, נאָר אַזוי ווי יעדעס יאָהר נויגט זיך אָב דער
טערעק צפון זייטס פון די בערג, האָט ער אונטערגעוואַשען
זייערע פונדאַמענטען און יעצט זעהט מען נור געדיכט-בעוואַקסענע
אַלטע ישובים, גערטנער, באַרנבוימער, וואָס האָבען זיך צונויפ-
געפלעכט מיט יאַגדעס-ביימלעך און מיט גירלאַנדען פון ווילדען
וויין. קיינער וואוינט שוין דאָרטען ניט און מען זעהט נור אויפ'ן
זאַמד די סליאַדעס פון הירשען, וועלף, האָזען און פאַזאָנען,
וואָס האָבען ליעב בעקומען די ערטער. פון סטאַניצע צו סטאַניצע
געהט אַ וועג, דורכגעהאַקט אין וואַלד, אויף אַ מהלך פון אַ האַר-
מאַטען-שאָס. אויפ'ן לענג וועג זענען פערטיילט די קאַרדאָנען,
וואו עס שטעהען די קאָזאַקען; צווישען די קאַרדאָנען אויף
דערהויבענע ערטער געפינט זיך די וואַך. נאָר פון אַנ'ענגען
פאַס פון 300 קלאַפטער וואַלדיגע פרוכטבאַרע ערד בעשטעהט
די נחלה פון די קאָזאַקען. צפון'זייטס פון דעם שמאָ'ען פאַס
הויבען זיך אָן די זאַמדיגע בורונען פון אַגאַיאַן-אָדער מאָסדאָקסקער
סטעפּ, וועלכע ציהען זיך ווייט אין צפון און פעראייניגען זיך,
אין גאָט ווייס וואו מיט די טורוכמענער, אַסטראַחאַנער און
קירגיז-קאַיסאַצקער סטעפּעס. דרום זייט הינטערן טערעק געפינט
זיך די גרויסע טשעטשניא, די קאָטשקאַלאַסאָווקע קייט בערג,
די שוואַרצע בערג נאָך עפּעס אַ קייט בערג און ענדליך די שנע-
בערג וועלכע זענען נאָך צו זעהען, נאָר וואו קיינער איז נאָך
קיינמאָל ניט געווען. אין דעם פרוכטבאַרען וואַלדיגען און רייכען

פאַס, רייך מיט אַלע געוואוקסען, לעבט פון אייבינע צייטען אַ שענע, רייכע סטאַראָווערטשעסקע רוסישע בעפעלקערונג, שטענדיג געריים צו מלחמה, וועלכע מען רופט די גרעבענסקער קאָזאַקען. אַמאָל אַמאָל, שוין זעהר לאַנג זענען די עלטערזיידעס סטאַראָווערען ענטלאָפען פון רוסלאַנד און זיך בעזעצט הינטערן טערעק, צווישען די טשעטשענצעס אויף'ן גרעבען, אויפ'ן ערשטען קייט וואַלדבעוואַקסענע בערג פון גרויסען טשעטשניא. לעבענדיג צווישען טשעטשענצעס האָבען זיך די קאָזאַקען מיט זיי מתחתן געווען און האָבען איבערגענומען די מנהגים, געוואוינהייטען און זיטען פון די גאָרצעס, נאָר אויך דאָרט האָבען זיי אָבגעהיט זייער אַמאָליגע ריינקייט, די רוסישע שפּראַך און דעם אַלטען גלויבען. נאָך ביז היינטיגען טאָג איז פריש די קבלה ביי די קאָזאַקען, אַז דער צאַר איוואַן גראָזני איז אַמאָל געקומען צום טערעק, אַרויסגערופען פון גרעבען צו זיך די זקנים, זיי ערד געשאָנקען אויף דער זייט טייך, זיי אָנגעזאָגט — לעבען בשלום צווישען זיך און האָט זיי פערשפּראָכען ניט צו מאַכען פון זיי קיין פּאָדאַנעס און ניט צו צווינגען בייטען די אמונה. נאָך עד היום רעכענען זיך די קאָזאַצקע משפחות פאַר קרובים מיט די טשעטשענצער, און די ליעבע צו פרייהייט, לעדיג געהען, צו גזלנות און מלחמה, זענען די הויפּט-סמנים פון זייער כאַראַקטער. רוסלאַנד'ס איינפלוס דריקט זיך נור אויס פון דער ניט גינסטיגער זייט; וואָס מען מאַכט זיי מניעות ביי די וואַהלען, וואָס מען נעהמט אַרונטער די גלאָקען פון די צערקיועס און וואָס מען פיהרט אַריין מיליטער, וועלכע געהען דורך און שטעלען זיך אַמאָל אָב אין די סטאַניצעס. נאָך די געפיהלען זיינע האָט אַ קאָזאַק וועניגער פיינט אַ גאָרעץ-אַ דזשיגוט, וואָס האָט צוגהרג'עט זיין ברודער, ווי אַ סאָלדאַט, וואָס שטעהט ביי איהם אַיין אויף קוואַרטיר, אום צו בעשיצען זיין סטאַניצע, נאָר וואָס האָט פערויכערט טאַבאַק אין זיין חאַטע. ער האָט אָבשיי פאַר'ן גאָרעץ, זיין שונא, נאָר ער פעראַכטעט דעם סאָלדאַט, וואָס איז איהם פרעמד און איז זיין פייניגער. אייגענטליך איז דער רוסישער פויער פאַר'ן קאָזאַק עפּעס אַ פרעמדע, ווילדע,

שפּל'דיגע בעשעפעניש. אַ פראַגע פון איהם האָט ער געזעהן אין די דורכגעהענדיגע פעדלערס און די קליינרוסישע וואַנדערער, וועלכע די קאָזאַקען רופען אָן מיט פעראַכטונג „שאַפּאָוואַלען”. אַ פראַנט ביי זיי איז דער וואָס מאַכט נאָך די טשערקעסען; די בעסטע כלי זין בעקומט מען ביי די גאָרצעס, די בעסטע פערד קויפט מען און מען גנב'עט נאָר ביי זיי. אַ קאָזאַק — אַ וואוילער יונג פראַנטעוועט מיט דעם, וואָס ער קען די טאָטערשע שפּראַך, און אַז ער הוליעט זיך פאַנאַנדער, רעדט ער טאָטעריש אַפילו מיט זיין אייגענעם ברודער. ניט קוקענדיג אויף דעם האַלט זיך דאָס קריסטליכע פעלקעל, וואָס איז פערוואָרפען ערגעץ אויף אַ ווינקעל ערד און איז אַרומגערינגעלט מיט האַלב ווילדע מאַהאָמעדאַנישע שבטים, פאַר זעהר הויך ענטוויקעלט און מיינט, אַז נאָר אַ קאָזאַק איז אַ מענש; אויף אַלע אַנדערע מענשען קוקט ער מיט פעראַכטונג. אַ קאָזאַק פערברייננגט מעהרסטענטיילס צייט אין די קאַרדאָנען, אויף מלחמה האַלטען, אויף יאַגד און פישפאַנג. ער אַרבייט כמעט קיינמאָל נישט אין דער היים. געפינט ער זיך אין דער סטאַניצע איז עס אַנ'אויסנאַהם פון דער רעגעל, און דאַמאָלס הוליעט ער. אַלע קאָזאַקען האָבען זייער אייגענעם וויין, און שכר'ען איז ניט נור אַ זאַך, צו וועלכער אַלע האָבען אַ נויגונג, נאָר אַ מנהג, וועלכע ניט פאָלגען הייסט אַנ'אַפּקורס זיין. אויף אַ פרויענצימער קוקט אַ קאָזאַק ווי אויף אַ כלי פון זיין בעל־הבית'עשקייט, נור אַ מיידעל ערלויבט ער ליידיג צו געהען. די אשה אָבער צווינגט ער צו אַרבייטען פאַר איהם פון יוגענד ביז צום טיעפען עלטער און ער קוקט אויף אַ פרויענצימער מיט די אויגען פון אַ מזרח־מענשען, וואָס פאָדערט פון איהר אַרבייט און הכנעה. צוליעב אַזאַ קוק ענטוויקעלט זיך דאָס פרויענצימער שטאַרק פיזיש און מאָראַליש; חאָטש אויסערליך הכנעה'דיג, בעקומט זי, ווי איבערהויפּט אין אָריענט אַפיעל גרעסערען איינפלוס און וויכטינקייט אין הויזליכען לעבען, ווי אין אייראָפּאַ. צוליעב דעם וואָס זי איז דערווייטערט פון קהל'שען לעבען, און צוליעב די געוואוינהייט צו שווערער מענישער אַרבייט, בעקומט זי אַ גרעסערע מאַכט און וויכטיגקייט

אין הויזליכען לעבען. אַ קאָזאַק, וואָס האַלט פאַר נישט אַנשטענדיג צו זיין פריינדליך פאַר זייטיגע אין די אויגען און פלאַפלען מיט זיין פלונית׳טע, פיהלט ניט ווילענדיג איהר איבערהאַנד בשעת ער בלייבט מיט איהר אַליין צווישען זיך. דאָס הויז, דאָס האָב און גוטס, די גאַנצע בעל־הבית׳עשקייט האָט זי אַליין ער־וואָרבען און ס׳האַלט זיך נור צוליעב איהר אַרבייט אין איהרע זאָרגען. חאָטש ער איז פעסט איבערצייגט, אַז פאַר אַ קאָזאַק איז אַרבייטען אַ שאַנד און פאַסט נאָר פאַר אַנ׳אַרבייטער אַנ׳אַגאָיעץ און אַ פרויענצימער, פיהלט ער דאָך טונקעל, אַז אַלץ וואָס ער געניעסט און רופט אָן זיינס, איז נור אַ פּראָדוקט פון דער דאָזיגער אַרבייט אין עס שטעהט אין דער מאַכט פון דער פרויענצימער, דער מוטער אָדער דעם ווייב, וואָס ער האַלט פאַר אַ דינסט אַלץ פון איהם צוצונעהמען, מיט וואָס ער בענוצט זיך. חוץ דעם, די שטענדיגע מענישע שווערע אַרבייט און די זאָרגען, וואָס מען האָט אויף איהר אַרויפגעוואָרפען, האָבען שטאַלירט דעם כאַראַקטער פון אַ גרעבענער פרוי און געמאַכט פון איהר אַזעלבסטשטענדיגען מענישען; שטאַרק ענטוויקעלט אין איהר די פיזישע קראַפט, דעם געזונדען פערשטאַנד, די מוטיגקייט און פעסטקייט פון חאַראַקטער. אַ פרויענצימער איז מעהרסטענטיילס אי שטאַרקער, אי קליגער, אי ענטוויקעלטער, אי שענער פאַר די קאָזאַקען. די שענקייט פון אַ גרעבענער פרויענצימער וואַרפט זיך אין די אויגען בעזונדערס דורך די פעראייניגונג פון דעם סאַמען ריינעם טיפּ פון אַ טשערקעסען־געזיכט מיט דעם ברייטען שטאַרקען געבוי פון אַ רוסישען פרויענצימער. די קאָזאַטשקעס זענען געקליידעט ווי טשער־קעסענקעס: אַ טאָטערשע העמד, אַ בעשמעט און טשואַוויאַקעס, אָבער די טיכלעך פערבינדען זיי אויפ׳ן רוסישען שטייגער. פראַנטישקייט, ריינקייט און פיינקייט אין די קליידער און אין די פערפוצטע אויפגעראַמטע האַטעס געהערען צו די געוואוינהייטען און בעדערפענישען פון זייער לעבען.

וואָס אָנבעלאַנגט מאַנסבילען געניעסען די ווייבער, בעזונ־דערע די מוידלעך, פאָלנע פרייהייט. די נאָוואָמלינסקע סטאַניצע

האָט זיך גערעכענט פאַר דעם וואָרצעל פון די גרעבענער קאָזאַטשעסטווע. אין איהר מעהר ווי אַנדערשוואו האָבען זיך ער־האַלטען די זיטען פון די אַלטע גרעבענצער, און די פרויען פון די סטאַניצע האָבען גע'שם'ט מיט זייער שיינקייט אין גאַנץ קאַווקאַז. געלעבט האָבען די קאָזאַקען פון וויינגערטנער און פרוכט־גערטנער, פון די פעלדער מיט קאָוענעס און דינעס, פון פישפאַנג, יאַגד, קוקורוזע און קריעג־רויב.

די נאָוואָלימסקע סטאַניצע געפינט זיך דריי וויאָרסט פון טערעק, זיך אָבשיידענדיג פון איהם מיט אַ געדיכטען וואַלד. פון איין זייט וועג, וואָס געהט דורך די סטאַניצע — איז דער טייך, פון דער אַנדערער — דאָס גרינס פון די ווייך־און פרוכט־גערטענער אין עס זעהען זיך די זאַמדיגע בורונעס (אָנגעטראָגענער זאַמד) פון נאַגאַי'ער סטעפ. די סטאַניצע איז אַרומגערינגעלט מיט אַנ'ערדיגען וואַל מיט שטעכעדיגע דערנער. מען פאָהרט אַריין און מען פאָהרט אַרויס פון איהר דורך הויכע טויערן אויף באַלקענס, וואָס איז בעדעקט מיט אַ דעכעל פון וויצקעס, נעבען וועלכען עס שטעהט אַ האַרמאַט אויף אַ הילצערנעם לאַפעט, אַ מאוס'ער וואָס האָט שוין 100 יאָהר ניט געשאָסען, וואָס קאָזאַקען האָבען איהם אַ מאָל גענומען אין פלען. דער קאָזאַק אין דער פאָרמע מיט אַ שווערד און אַ ביקס שטעהט אַמאָל, אַמאָל שטעהט ער ניט ביי דער וואַך ביים טויער, אַ מאָל גיעט ער אָב, אַמאָל גיעט ער ניט אָב טשעסט אַ פאַרבייגעהענדיגען אָפיציער. אונטערן דעכעל פון טויער אויף אַ ווייסען טאָוועל שטעהט אויפ־געשריעבען מיט שוואַרצע פאַרב: 266 הייזער, מאַנסבילען נפשות 897, פרויענצימער 1012. די הייזער פון די קאָזאַקען הויבען זיך אויף פון דר'ערד אויף באַלקענס אויף אַנ'אַרשין די הויך און מעהר, זענען ריינליך בעדעקט מיט וויצקעס.

אויב אויך ניט נייע, זענען זיי שלאַנק ריין, מיט פערשיעדענ־אַרטיגע הויכע גאַניקלעך און זיי זענען צוזאַמענגעקלעבט איינער צום אַנדערען און צולייגען זיך ברייט און מאַלעריש אויף די ברייטע גאַסען און געסלעך. פאַר די ליכטיגע גרויסע פענסטער פון פיעל הייזער הינטער די גערטלעך הויבען זיך אויף העכער

פאַר די חאַטעס דונקעל־גרינע ראַאונעס, צאַרטע העלבלעטער־ריגע אַקאַציעס מיט ווייסע שמעקעדיגע בלומען, און דערביי שטעהען די עזות'דיגע גלאַנצענדיגע געלע זונען־בלומען און די נעקרייזעלטע ריטלעך פון די ווינשטאָקען. אויפ'ן ברייטען פלאַץ זעהען זיך דריי טישלעך מיט שניט־סחורה, סעמעצקעס, אַרבעס־שויטען און לעקעכלעך און הינטער אַ הויכען צוים צווישען אַ רייהע אַלטע ראַאונעס שיינט דורך לענגער און העכער פאַר אַלע אַנדערע דאָס הויז פון פאָלק־קאָמאַנדיר מיט פענסטער, וואָס עפענען זיך. אין דער וואָכען זומער זעהט מען וועניג מענשען אויף די גאַסען פון דער סטאַניצע. די קאָזאַקען זענען אין דינסט: אויף די קאַרדאָנען און אויף מאַניעווערס. אַלטע לייט פאַנגען פיש אָדער זענען אויף יאַגד אָדער מיט די ווייבער אויף דער אַרבייט אין די פרוכט־און געמיזעס־גערטנער. נאָר גאַנץ אַלטע, קליינינקע און קראַנקע בלייבען אין דערהיים.

## ז.

עס איז געווען דער בעזונדערער אָוועגד, וואָס מען זעהט נאָר פאָר אין קאַווקאַז. די זון איז פערגאַנגען הינטער די בערג, נאָר עס איז נאָך געווען ליכטיג. דער זונענאונטערגאַנג האָט פאַרמאַכט אַ דריטעל הימעל, און ביי'ן שיין פון זונענאונטער־גאַנג האָבען זיך שאַרף אָבגעטיילט די מאַט־ווייסע מאַסען פון די בערג. די לופט האָט זיך נישט בעוועגט, איז געווען דין און קלינגענדיג. אַ לאַנגער שאָטען פון עטליכע ווערסט האָט זיך צולעגט פון די בערג אויפ'ן סטעפ. אין סטעפ, הינטער'ן טייך אויף די וועגען איז געווען פוסט, ווען זעלטען־זעלטען וואו בעוויזען זיך רייטער, קוקען שוין די קאָזאַקען פון די קאַרדענעס און די טשעטשענצעס פון די אַאולען מיט פערוואונ־דערונג און נייגיער אויף די רייטער, און סטאַרען זיך צו דערגעהען, וואָס פאַר אַ נישט גוטע לייט קענען דאָס זיין. ווינאָר אַנ'אָווענד, הויבען פון פחד די מענשען זיך נאָהענטער צו צורוקען צו אַ ישוב, נאָר אַ חיה, אַ פויגעל, גיישט האָבענדיג

מורא פאַר אַ מענשען, יאָגען זיך פריי אַרום אין דער מדבר, פון די גערטנער איילען זיך נאָך פאַר זונאונטערגאַנג די קאָזאַטשקעס אַ היים פרעהליך שמועסענדיג און צובינדענדיג די גאָרטענטהירלעך. און אין די גערטנער ווערט אַזוי פוסט, ווי אין דער גאַנצער אומגעגענד; נאָר די סטאַניצע ווערט אין דער דאָזיגער צייט בעזונדערס לעבענדיג. פון אַלע זייטען ציהט זיך דער עולם צו דער סטאַניצע צו פוס, רייטענדיג אָדער אויף סקריפענדיגע וואָגענס. מיידלעך אין אונטערגעשטעקטע העמדער מיט צווייגעלעך, פרעהליך פלאַפלענדיג, לויפען אַ קעגען די בהמות, וואָס שטופען זיך אין אַ וואָלקען שטויב און קאָמאַרען, וועלכע זיי האָבען געבראַכט מיט זיך פון סטעפּ. זאַטע קיהּ און בויוואָליצעס צולויפען זיך אין די גאַסען און קאָזאַטשקעס אין קאָליערטע בעשמעטען דרעהען זיך אַרום צווישען זיי. מען הערט זייער שאַרפען דבור, זייער לוסטיגען געלעכטער און זייערע קולות, וואָס ווערען איבערגעשלאָגען פון ברומען פון די בהמות. דאָרט זעהט איהר אַ בעוואָפענטען קאָזאַק רייטענדיג, וואָס האָט זיך אָבגעבעטען פון קאַרדאָן; ער פאָהרט צו צו אַ חאַטע און זיך איינבויגענדיג צו די פענסטער קלאַפּט ער אין איהם אָן; און באַלד נאָכ'ן קלאַפּ בעווייזט זיך אַ שענע יונגע קעפּעלע פון אַ קאָזאַטשקע און עס הערט זיך אַ שמייכעלדיגער פריינדליכער שמועס. דאָ איז געקומען צו פאָהרען פון סטעפּ מיט וויטשעס אַנ'אָבגעריסענער אַרבייטער, אַ נאָגאַיעץ מיט ברייטע סקולעס, ער קעהרט אוים דעם סקרזענדיגען וואָגען אויף'ן ריינען ברייטען הויף פון אַאול, וואַרפט אַראָב דעם יאָך פון די אָקסען וואָס שאָקלען מיט די קעפּ דערביי, און רעדט זיך הילכיג איבער אויף טאָטעריש מיט'ן בעל-הבית. ביי'ן זומפּף, וואָס פאַרנעמט כמעט די גאַנצע גאַס, און פערביי וועלכער געהען פערביי שוין יאָהרען לאַנג מענשען, זיך דראַפּענדיג מיט מאַטערניש ביי די פאַרקאַנעס שפּרייזט פאָרזיכטיג אַ באָרוויסע קאָזאַטשקע מיט אַ בינטעל האָלץ אויפ'ן רוקען, הויך אויפהויבענדיג דאָס העמד איבער די ווייסע פיס. און אַ קאָזאַק — אַ יעגער וואָס קעהרט זיך איצט אום אַ היים שרייט מיט אַ חוזק'ל: העכער, העכער הויב חצופה און ציעלט

זיך אין איהר. די קאָזאַטשקע לאָזט אַראָב דאָס העמד און פערליערט דאָס בינטעל האָלץ. אַן׳אַלטער קאָזאַק מיט פערקאַשערטע הויזען און אַן׳אָפענער גראָהבעוואַכסענעם האַרצען, אַ היים־קערענדיג פון פישפאַנג טראָגט איבער׳ן פלייצע אין נעטציל זיך צאַפּאַלענדיגע זילבערנע פיש און, אום נאָהענטער צו געהען, קריכט ער דורך אַ צובראָכענעם פאַרקאַן און רייסט אָב פון פאַרקאַן זיין זיפון וואָס האָט זיך פערטשעפעט. דאָרט שלעפּט אַ פרויענצימער אַ שטיק האָלץ, און עס הערט זיך ביי׳ן עק די האַקעניש פון האָלצהעקער. עסא גרילצען אויף׳ן קול די קאָזאַקלעך וואָס קייקלען קלעצליך אומעטום, וואו עס איז נאָר דאָ אַ גלייכער פּלאַץ. אום זיך צו פערקירצען דעם וועג, קריכען נקבות אַריבער די פאַרקאַנעס. פון אַלע קוימענס טראָגט זיך דער שמעקענדיגער רויך פון קיזיאַק. אויף אַלע הויפלעך הערט מען זיך עסק׳ענען, וואָס שטאַרקט זיך, איידער עס לאָזט זיך אַראָב די שטילקייט פון דער נאַכט.

די באָבע אוליטקא, דאָס ווייב פון מאַרונזשע און דאָרף־לעהרער איז אויך אַרויס צום טהויער פון הויף און וואַרט אויף די בהמות, וואָס טרייבט אונטער איהר מויד מאַריאַנקאַ. זי האָט נאָך נישט אויספּעיעט צו עפענען די פאָרטקע, ווי אַ גרויסע אָקסיכע, בעגלייט פון מיקען און ברומענדיג ברעכט אַ דורך זיך דורך׳ן טהויער; נאָך איהר געהען נאָך פאַמעלעך זאַטע קיה, דערקענענדיג מיט די גרויסע אויגען די בעל־הבית׳טע, און זיך שמייסענדיג די זייטען מיט׳ן עק. די שלאַנקע שענע מאַריאַנקאַ געהט דורך דעם טהויער, און אַוועקוואַרפענדיג דאָס ריטעל מאַכט זי האַסטיג צו די פאָרטקע און מיט פלינקע פיס וואַרפט זי זיך אויף די בהמות זיי צו צוטרייבען און צוויאָגען איבער׳ן הויף. „טהו אוים טייוועלשע מויד!״ שרייט די מאַמע, — „די טשוואַוויאַקעס (אַזאַ מין קאַווקאַזער שיך) האָסט דאָך שוין אין גאַנצען אויסגעטרעטען״, מאַריאַנקע האָט זיך גאָר נישט בעליידיגט פון „דעם טייוועלעשען מויד״ און נעהמט אָן די ווערטער פאַר אַ חן׳דעל, און טהוט זיך ווייטער איהר אַרבייט. מאַריאַנקעס געזיכט איז פערדעקט מיט אַרומגעבונדען טיכעל; זי טראָגט

אַ ראָזע העמד און אַ גרינער בעשמעט. זי ווערט פערשוואונדען אונטער'ן דאַך פון הויף אין איינעם מיט די גרויסע פעטע בהמות און עס הערט זיך נאָר פון שטע־ביל איהר שטים, וואָס רעדט צערטליך מיט דער אָקסיבע: „זאָל דאָס גאָר איינשטעהען אויף אַנ'אָרט! שעם זיך! געה שוין, געה שוין מאַמעלע!״ באַלד קומט אַריין דאָס מיידעל מיט דער אַלטער פון שטעלכעל אין דאָס קליינע שטיבעלע (ביי די קאָזאַקען רופט זיך שטיבעלע אַ ניעדעריגער קאַלטער אָרט וואו עס קאָכט זיך און וואו מען בעהאַלט די מילך־פּראָדוקטען) און ביידע טראָגען צוויי גרויסע טעפּ — דאָס געמאָלקענע פון היינטיגען טאָג. פון לעהמענעם קוימען פון שטיבעלע הייבט זיך באַלד אויף דער רויך פון קיזיאַק; דאָס מילך ווערט איבערגעמאַכט אין קאַימאַק; דאָס מיידעל צינדעט דאָס פייער, און די אַלטע געהט צום טהויער. די דונקעלקייט האָט שוין פערמאַכט די סטאַניצע. אין דער לופט האָבען זיך צוגאָסען די ריחות פון גרינסען, פון בהמות און דער שמעקענדיגער רויך פון קיזיאַק. פערביי די טהויערען און איבער די געסליך זעהט מען פערביילויפען קאָזאַטשקעס מיט אָנגעצינדענע שמאַטקעס אין די הענד. אויף'ן הויף הערט מען דאָס בלאָזען זיך און דאָס רוהיגע קייען פון די אויסגעמעלקטע קיה און נאָר ווייבערשע און קינדערשע שטימען, וואָס רעדען זיך צונויף פערקלינגען די געסליך און די הויפען. אין דער וואָכען הערט מען זעלטען אַ מענישען פער'שכור'טען קול.

איינע פון די קאָזאַטשקעס אַנ'אַלטע, אַ הויכע, אַ פּרווי אַ בריה פון ענטקעגענדיגען הויף געהט צו צו דער אוליטקאַ בעטען פייער; אין האַנד האַלט זי אַ שמאַטקע.

— וואָס, זיך שוין אָבגעפּאַרטיגט? — זאָגט זי.

— דאָס מיידעל הייצט אַיין. וואָס? צו דאַרפט איהר פייער? —, זאָגט אוליטקאַ, שטאָלץ וואָס קען עמעצען אַ טובה טהון.

ביידע קאָזאַטשקעס געהען אַריין אין שטוב; פערגרעבטע הענד וואָס זענען נישט געוואָהנט צו האָבען צו טהאָן מיט קליינע כלים רייסען ציטערענדיג אַרונטער דעם דעקעל פון דעם

טרייערן קעסטעל מיט די שוועבעלעך, וואָס געהערט אין קאַווקאַז צו די זעלטענהייטען. די געקומענע ענערגישע קאָזאַטשקע זעצט זיך אויף אַ טרעפעל מיט דעם פעסטען בעשלוס, בעשיינ־פערליך, צו שמועסען.

— וואָס, מאַמע, דיינער איז אין דער שול? — פרעגט זי.

— לערנט אַלץ, מאַמע, מיט די קינדער. געשריבען, אַז צו יום־טוב קומט ער, ענטפערט די האַרונזשיכע.

— ער איז שוין איינמאָל אַ קלוגער מענש. אַלץ צו נוצען?

— אַוודאי, צו נוצען. —

— און מיין לוקאַשקע איז אין קאַרדאָן, און אין דער היים לאָזט מען נישט. — זאָגט די געקומענע, האָטש זי ווייס, אַז די האַרונזשיכע ווייס עס שוין לאַנג. עס ווילט זיך איהר רעדען פון לוקאַשקען, וועלכען זי האָט צוגעגרייט צו קאָזאַקען־דיענסט און וואָס וויל איהם פער'קנס'ען מיט מאַריאַנקען, די טאָכטער פון דער האַרונזשיכע.

— נאָך אַלץ אויף'ן קאַרדאָן?

— ער שטעהט נאָך אַלץ, פון יום־טוב אָן נישט געוועזען דאָ. די טעג האָב איך דורך פאַמושקינען איהם געשיקט העמדער. זאָגט, אַז עס איז נישט־קשה. די אויבערע לייט האַלטען פון איהם. מען זוכט ביי זיי, זאָגט מען, ווייטער אַברעקען. לוקאַש־קאַ, זאָגט מען, איז מונטער; נישט־קשה. —

— נו, גאָט צו דאַנקען, זאָגט די האַרונזשיכע, אַ כל־בו'ניק — מיט איין וואָרט. —

לוקאַשקאַן רופט מען „כל־בו'ניק“ פאַר זיינע בריה'שאַפט און מוטיגקייט, און דערפאַר וואָס ער האָט אַ קאָזאַקעל אַרויסגע־ראַטעוועט פון וואַסער. און די האַרונזשיכע האָט מיט אַ כיון דאָס דערמאַהנט, אום צו זאָגען לוקאַשקאַס מוטער עפעס אַנגע־נעהמע רעד.

— גאָט צו דאַנקען, מאַמע, אַ זוהן איז ער אַ גוטער; אַ יונג מיט ביינער, אַלע ליבען, — זאָגט לוקאַשקאַס מאַמע, —

חתונה איהם מאכען נאָר, און איך וואָלט שוין רוהיג געשטאָרבען. —

— וואָס ? צו פעהלען מיידלעך אין דער סטאַניצע. — ענפערט די חיטרע חאַרונזשיכע, מיט צופּאָקטע הענד אָנטהוענדיג דעם דעקעל אויף דאָס קעסטעל שוועבעלעך.

— אַ סך, מאַמע, אַ סך, — בעמערקט לוקאַשקאַס מאַמע און שאָקעלט מיט'ן קאָפּ — דיין מיידעל, די מאַריאַנושקאַ אָבער, דיין מיידעל אָבער איז אַזאַ, אַז מען מעג אין גאַנצען פּאָלק זוכען.

די חאַרונזשיכע ווייס וואָס לוקאַשקאַס מאַמע מיינט, און חאָטש לוקאַשקאַן האַלט זי פאַר אַ גוטען קאָזאַק, זעהט זי זיך פון דעם שמועס צו פערקערעווען אָן אַ זייט, ערשטענס, וויל זי אַ חאַרונזשיכע און אַ נגידית'טע, און לוקאַשקאַ איז אַ פּראָסטען קאָזאַקס אַ זוהן, און אַ יתום. צווייטענס, איילט זי זיך נישט אַזוי גיך זיך צו שיידען מיט דער טאָכטער. די הויפּטזאַכע אָבער, ווייל אַזוי פאָדערט דער אָנשטאַנד.

— מילא, מאַריאַנושקאַ וועט אויסוואַכסען וועט זיך אויך זיין אַ מיידעל, ווי אַנדערע, — זאָגט זי מיט איינגעהאַלטענקייט און עניות.

— איך וועל שוין צושיקען שדכנים, לאָז נאָר מיט די גערטנער פאַרטיג ווערען, איך וועל צושיקען. מיר וועלען זיך קומען בוקען פאַר דיין נעגאָד, — זאָגט לוקאַשקאַס מאַמע, — צו אַאליאַ וואַסילעוויטש וועלען מיר זיך קומען בוקען. —

— וואָס איז דאָ שייך איליאַס, — זאָגט שטאָלץ די חאַרונזשיכע: — מיט מיר דאַרף מען רעדען. אויף אַלץ — זיין צייט.

לוקאַשקאַס מאַמע זעהט נאָכ'ן שטרענגען געזיכט פון דער חאַרונזשיכע, אַז ווייטער רעדען איז נישט בעקוועם. צינדט אָן מיט דער שוועבעלע די שמאַטקע און, זיך אויפהויבענדיג זאָגט זי: — פערלאָז מיך נישט, מאַמע, געדענק די ווערטער. איך וועל געהען, מען דאַרף איינהייצען. — האָט זי צוגעלעגט.

אריבערגעהענדיג די גאַס און פאָכענדיג אין דער אויסגע-

שטרעקטער האַנד מיט דער אָנגעצונדענער שמאַטקע, טרעפט זי מאַריאַנען, וואָס בעגריסט איהר.

„אַ מיידעל אַ בת מלכה, אַ מיידעל אַ בריה" טראַכט זי קוקענדיג אויף די זעלטענע שענהייט.

— וואָס דאַרף זי נאָך וואַכסען! התונה האָבען דאַרף זי און אין אַ גוט הויז אַריין, לוקאַשקען זאָל זי נעהמען! ביי איליטקאַן אָבער איז פאַרהאַן איהרע דאגות, אין ווי זי איז געזעסען אויפ'ן שוועל — בלייבט אַזוי ווייטער זיצען טראַכט שווער וועגען עפּעס אַזוי לאַנג, ביז דאָס מיידעל האָט איהר נישט צוגערופען.

# VI.

די מאַנסבילשע בעפעלקערונג פון די סטאַניצעס וואוהנט אין די קאַרדאָנעס, אָדער ווי די קאָזאַקען זאָגען, אויף די פּאָסטען. דערזעלבער לוקאַשקען כל בו'ניק, וועגען וועלכען עס האָבען גערעדט די ווייבער אין דער סטאַניצע איז פאַרנאַכט געשטאַנען אויפ'ן שפּיין־טהורם פון דעם ניזשנע־פּראָטאָצקען פּאָסט. דער פּאָסט געפינט זיך אויף סאַמען ברעג פון טייך טערעק. זיך אָנשפּאַרענדיג אויף די פּאָרענצעס פון טהורם, האָט ער מיט צוזאַמענגעצויגענע וויִמפּערען געקוקט אַ מאָל אויף די ווייטקייט פון טערעק, אַמאָל אויף חברים די קאָזאַקען, מיט וועמען ער פלעגט זיך אַמאָל איבער וואַרפען מיט אַ שמועס. די זון האָט זיך שוין גענעהנט צו דעם שנעע־קאַרק פון די בערג, וועלכער האָט זיך געוויזט אַנקעגען די געלאָקטע וואָלקענס. אין דער לופט האָט זיך צוגאָסען די אָוענדליכע דורכזיכטיגקייט. פון פערוואַכסענעם ווילדען וואַלד האָט זיך געטראָגען אַ פרישקייט, נאָר ביים פּאָסט איז נאָך אַלץ געווען היים.

די שטימען פון די קאָזאַקען האָבען הילכיגער געקלונגען און זענען געשטאַנען אין דער לופט. דער ברוינער האַסטיגער טערעק האָט זיך בולט'ער אָבגעטיילט פון די נישט בעוועגליכע ברעגעס מיט זיין גאַנצער בעוועגליכער מאַסע. ער האָט שוין אָנגעהויבען אָבפאַלען און אין מאַנכע ערטער האָט דער נאַסער

זאַמד זיך געברוינט ביי די ברעגעס און אויף די וויספעס. פונקט אַנקעגען קאַרדאָן, אויף יענעם זייט ברעג, איז אַלץ געווען פוסט; נאָר ניעדעריגע, וויסטע, אָהן אַ ענד ריטלעך האָבען זיך געצויגען ביז צו די סאַמע בערג. אַ ביסעל ביי'ן זייט האָבען זיך געזעהען אויף'ן ניעדעריגען ברעג לעהמענע הייזער, פלאַט־ציגע דעכער און צוקערהיט־קוימענס פון טשעטשענער אַאול.

די שאַרפע אויגען פון קאָזאַק, וואָס איז געשטאַנען אויף'ן טהורמעל האָבען פערפאָלגט אין אָווענדיגען רויך פון פריעד־ליכען אַאול די אין דערווייטענס זיך בעוועגענדיגע פיגורען פון די טשטשענקעס, וואָס האָבען זיך געזעהען אין בלויע און רויטע קליידער.

נישט קוקענדיג דערויף, וואָס די קאָזאַקען האָבען איטליך שעה ערוואַרט דאָס אַריבער פאָהרען און דעם אָנפאַל פון די אַברעקעס, (אַנ'אַברעק הייסט דער פריעדליכער טשעטשענעץ, וואָס קלייבט זיך אַריבער מיט דער דעה צו גנבה'נען אָדער צו בעראַבעווען אויף דער רוסישער זייט פון טערעק), פון דער טאָטערשער זייט, בעזונדערס אין מאַי מאָנאַט, ווען דער־וואַלד ביין טערעק איז אַזוי געדיכט, דאָס אַפוסגעהער איז שווער איהם דורכצוקריעכען, און דער טייך איז אַזוי פלאַך, דאָס ערטערוויז קען מען אַריבער געהען צו פוס; און נישט קוקענדיג דערויף, וואָס צוויי טעג צוריק איז געקומען צו רייטען אַ קאָזאַק פון פאָלק־קאָמאַנדיר מיט אַ צירקולאַר, אין וועלכען עס הייסט, אַז נאָך די נאַכריכטען פון די געהיימע אויסקוקער קלייבט זיך אַ פאַרטיע פון אַכט מענשען זיך אַריבער־קלייבען איבער'ן טערעק און דעריבער הייסט מען זיין בעזונדער פאָרזיכטיג, — אויף'ן קאָרדאַן איז מען נישט געווען בעזונדערס פאָרזיכטיג. די קאָזאַקען, ווי אין דער היים, מיט נישט געזאָ־טעלטע פערד און אָהן וואָפען האָבען זיך בעשעפטיגט ווער מיט פישפאַנג, ווער מיט געיעג און ווער האָט גלאַט גע'שכור'ט. נאָר דאָס אָנגעזאָטעלטע פערד פון דעם דעזשורנעם איז זיך געגאַנגען אין פערדשריט אין די דערנער ביי'ן וואַלד און נאָר

דער וואַך איז געווען אין טשערקעסקער בעוואָפּענט מיט אַ ביקס און אַ שווערד.

דער אוריאַדניק, אַ הויכער מאָגערער קאָזאַק מיט אַ זעלטען לאַנגען רוקען און קליינע הענד און פיס, אין איין הויזלען אָבגעשפּילעטען בעשמעט איז געזעסען אויף'ן טרעפּעל פון שטוב אין מיט אַנ'אויסדרוק פון פוילקייט און לאַנגווייליע, פערמאַכענדיג די אויגען פלעגט ער אַריבער וואַרפען דעם קאָפּ פון איין האַנד אויף די אַנדערע. אַנ'עלטערער קאָזאַק מיט אַ ברייטע גראָהליכע שוואַרצע באָרד, און איין העמד אונטערגעגאַרטעלט מיט אַ שוואַרצען ריעמען איז געלעגען ביי'ן סאַמע וואַסער און האָט פויל געקוקט אויף דעם מאָנאָטאָנעם, בורטשענדיגען טערעק, וואָס פערקעהרט זיך אַלע ווייל'עס. די אַנדערע אויך פערגע-מאַטערט פון היטץ, האַלב-נאַקעטע, האָבען געשווענקט גרעט אין טייך, האָבען געפלאָכטען אַ ציימעל אָדער זענען געלעגען אויף דער ערד, זינגענדיג אונטער'ן נאָז אַ ליעד אויף דעם הייסען זאַמד פון ברעג. איינער פון די קאָזאַקען מיט אַ מאָגערען שוואַרץ-פערברענטען פּנים, וואַהרשיינליך טויט-שכור, איז געלעגען איצט מיט'ן פּנים צו דער ערד ביי איינע פון די ווענד פון שטוב, וואָס איז נאָך געווען פאַר אַ שעה צוויי אין שאָטען, נאָר אייף וואָס עס זענען איצט געפאַלען ברענענדיגע דיגאָנאַלע שטראַהלען.

לוקאַשקאַ, וואָס איז איצט געשטאַנען אויפ'ן טהורם איז געווען אַ הייכער שענער יונג פון אַ יאָהר 20, שטאַרק עהנליך צו דער מוטער. זיין געזיכט און דאָס גאַנצע געביי זיינס, נישט קוקענדיג אויף די אונגעלומפּערטקייט פון דער יוגענד, האָט אויסגעדריקט אַ גרויסע פיזישע און מאָראַלישע קראַפט. נישט קוקענדיג דאַרויף, וואָס ער איז ערשט נישט לאַנג אַריין אין קאָזאַקען-ריענסט האָט מען געזעהען פון דעם ברייטען אויס-דרוק פון זיין פּנים און פון דער רוהיגער זיכערקייט פון זיין פּאָזע, אַז ער האָט שוין אויסגעפּיעט אָנצונעהמען די שטאָלצע קריעגערישע האַלטונג פון אַנ'אַלטען קאָזאַק און איבערהויפּט פון אַ מענשען, וואָס טראָגט שטענדיג מיט זיך כלי זין, אַז ער

איז אַ קאָזאַק און ווייס אָבצושאַצען זיין ווערדע. די ברייטע טשערקעסקע איז געווען ערטערווייז צוריסען, דאָס היטעל איז געווען פעריסען אויף'ן טשיעטשענצעס מאַניער, די הויזען ברייט אַ־אָבגעלאָזען. זיינע קליידער זענען נישט געווען רייך, אָבער זיי זענען געזעסען אויף איהם מיט דער בעזונדערער קאָזאַצקער פראַנטישקייט, וואָס בעשטעהט דערין, וואָס מען מאַכט נאָך די טשעטשענער דזשיגיטען. ביי אַנ'אמתן דזשיגיטען איז אַלץ אויף איהם ברייט, צוריסען, אָבגעלאָזען; נאָר די כלי זין ביי איהם זענען רייך. נאָר די צוקנאָדערטע קליידער און די שענע כלי זין זענען אַזוי אָנגעטהון, צוגעגאַרטעלט, צוגעטריעבען צו איינאַנדער אויף אַזאַ שטייגער, וואָס דאָס גיעט זיך נישט איטליכען איין און וואָס אַ קאָזאַק אָדער אַ באַרג־בעוואוהנער דערקענט דאָס אין ערשטען אויגענבליק. לוקאַשקאַ האָט געהאַט אָט דעם הלוך פון אַ דזשיגוט. פערלעגענדיג די הענד הינטער'ן היטעל און צוזאַמענציעהענדיג די ווימפערען פלעגט ער זיך טיעף איינקוקען אין דעם ווייטען אַאול. איינציג וויז זענען זיינע ציינע נישט געווען שען, נאָר ווען מען פלעגט אַקוק טהון אויף אַ מאָל אויף זיין סטאַטנע פיגור, אויף זיין קלוגען ברונעטען געזיכט וואָלט יעדערער נישט ווילענדיג געזאָגט: „אַ יונג מיט ביינער!"

— וויפיעל נקבות, וויפיעל נקבות האָבען זיך אַ שאָט געטהאָן אין אַאול, — האָט ער געזאָגט מיט אַ גראָבען קול, פויל ענטפלעקענדיג גלאַנציג־ווייסע צייהן און זיך נישט ווענדענדיג צו קיינעמען בעזונדער.

נאַזאָרקאַ וואָס איז געלעגען אונטען האָט באַלד האַסטיג אויפגעהויבען דעם קאָפּ און בעמערקט:

— נאָך וואַסער געהען זיי מן הסתם.

— אַ שיס טהון מיט אַ מאָל, — האָט לוקאַשקאַ געזאָגט מיט אַ געלעכטערעל. — וואָלט דאָס געוואָרען אַ סומאַטאָכע!

— עס וועט נישט דערגרייכען.

— מיר'ן זעהען! מיינע וועט אַריבער. אָט וואַרט אַ וויילע, עס וועט קומען זייער יום טוב, צו גירייחאַן וועל איך אין געסט קומען, בוזו (אַ טאָטערשער ביער) טרינקען, האָט געזאָגט

לוקאַשקאַ, זיך מיט כעס אָבפּאָבענדיג פון די קלעפּענדיגע מיקען.

אַ געררויש אין דער וואַלד געדיכטקייט האָט צוגעצויגען די אויפמערקזאַמקייט פון די קאָזאַקען. אַ געפלעקטער הונד, אַ ממזר פון אַ יאַגד הונד איז צוגעלאָפען צום קאַרדאָן, נישטערענדיג און פּאָכענדיג מיט'ן אויסגעקראָכענעם עק, לוקאַשקאַ האָט דער־קענט דעם הונד פון זיין שכן דעם יעגער, פעטער יעראָשקאָ און באַלד נאָך דעם האָט ער דערזעהען אין דער געדיכטקייט די זיך בעוועגענדיגע פיגור פון יעגער אַליין.

פעטער יעראָשקאָ איז געווען זעלטען הויך געוואַקסען מיט אַ ברייטען גרויז־גראָהען באָרד מיט אַזעלכע ברייטע פּלייצעס און ברוסט, אַז אין וואַלד, וואו מען האָט איהם נישט געקענט מיט קיינעמען מעסטען האָט ער אויסגעזעהען גאָר נישט אַזוי הויך: אַזוי צוגעפּאַסט זענען געווען אַלע זיינע שטאַרקע גליעדער. אויף'ן לייב האָט ער געהאַט אַ צוריסענעם אונטערגעקאַשערטען מאַנטעל, אויף די פיס איבער די אָנוטשעס, (שמאַטקעס אָנשטאָט זאָקען), האָבען זיך געצויגען שטריקלעך פון הירש לעדערנע פּאָרשנעס, (שיך פון נישט בעאַרבייטע לעדער, וואָס מען טהוט אָן צונעצטע), און אַ צוקנייטשט ווייס היטעלע. אויף'ן רוקען האָט ער געטראָגען איבער איין פּלייצע אַ קאָבילקע (אַזאַ געצייג זיך שטילערהייט צו צוגנבה'נען צו פאַזאַנען), אין אַ זאַק מיט אַ הינדעלע אין נאָך אַ פויגעל, אָנצולאָקען אַ האַביכט (אַזאַ רויב־פויגעל); איבער דער אַנדערע פּלייצע האָט ער געטראָגען אויף אַ ריעמען אַ ווילדע געה'רג'עטע קאַץ; אויף'ן רוקען הינטערן נאַרטעל איז געווען אַריינגעשטעקט אַ זעקעלע מיט קוילען, פּולווער און ברויט, אַ פּעררישער עק זיך אָבציפּאָבען פון די מיקען, אַ גרויסער דאָלכמעסער אין אַ צוריסענעם שיידעל, אויס־געפּאַטשקעט אין אַלטע בלוט, און צוויי דערשאָסענע פאַזאָנען. אַ קוק געבענדיג אויף'ן קאַרדאָן, האָט ער זיך אָבגעשטעלט.

— היי, ליאַם! — האָט ער אַ געשריי געטהאָן אויף'ן הונד מיט אַזאַ קלינגענדיגען באַס, אַז ווייט אין וואַלד האָט זיך געהערט דער ווידער־קול, און אַריבערוואַרפענדיג איבער דער

פלייצע אַ גרויסען פוסטאַנען־ביקס, וואָס מען רופט ביי די קאָזאַקען — פּלינטע, האָט ער אַ הויב געטהון דאָס היטעל.

— גוטנעטאָגט, גוטע לייט! היי! — האָט ער זיך געווענדעט צו די קאָזאַקען מיט דעם אייגענעם שטאַרקען און פרעהליכען קול, אָהן שום מיה, נאָר אַזוי הויך, אַקוראַט ווי ער וואָלט געשריען צו עמעצען אויף יענער זייט טייך.

— גוט, פעטער, גוט! האָבען פרעהליך געענפערט פון פערשיעדענע זייטען יונגע קאָזאַצקע שטימען.

— וואָס געזעהען? דערציעהל, — האָט אויסגעשריען פעטער יע־אָשקאָ, אָבווישענדיג מיט'ן אַרבעל פון טשערקעסקע דעם שוויים פון זיין ברייט און רויט פנים.

— הערסט פעטער? וואָס פאַר אַ האַביכט אָט דאָ אויף'ן בוים וואוהנט! ווי נאָר עס קומט אָן די נאַכט, אָט אַזוי הויבט זיך ער אָן אַרום דרעהען, — האָט געזאָגט נאַזאָרקאַ, פינטעלדיג מיט'ן אויג און אַ הויב געבענדיג די פלייצע און דעם פוס.

— געה, דו! — האָט דער אַלטער נישט גלויבענדיג געזאָגט.

אודאי, פעטער, דו זיץ נור, (זיצען הייסט אָבאַכטען אַ חיה), — האָט נאַזאָרקאָ געענפערט אונטערשמייכלענדיג.

די קאָזאַקען האָבען זיך פערנאַנדער געלאַכט, דער חוזק־מאַכער האָט נישט געזעהען קיין האַביכט; נאָר ביי די יונגע קאָזאַקען איז שוין געווען אַזאַ מאָדע צו רייצען און אָבצונאַרען פעטער יעראָשקאָ איטליכס מאָל, ווען ער איז געקומען צו זיי.

— עס, שוטה, נאָר פלאַפּלען! — האָט אויסגערעדט לוקאַשקאַ פון טהורם אויף נאַזאָרקען.

נאַזאָרקאַ איז באַ־ד ענשוויעגען.

— ווער מען דאַרפען זיצען, וועל איך זיצען, — האָט דער אַלטער זיך אָבגערופען צום גרויסען נחת פון אַלע קאָזאַקען.

— און חזירים האָט איהר געזעהען?

— עפּעס אַ קלייניגקייט! חזירים זעהען! — האָט געזאָגט

דער אורױאַדניק, צופריעדען זײענדיג מיט דער מעגליכקײט זיך צו צושטרײען, זיך װױענענדיג אויף די זײטען און קראַצענדיג דעם לאַנגען רוקען מיט בײדע הענד. — דאָ דאַרף מען אַברעקע האַפּען, נישט קײן חזירים. דו האָסט נאָר נישט געהערט, פּעטער, אַ? — האָט ער פערענדיגט אָהן אַ שום סבה צונױפּציעהענדיג די װײמפּערען און ענטפּלעקענדיג אַ פולע מױל װײסע צײהן.

— אַברעקען? — האָט געענפערט דער אַלטער, — נײן איך האָב נישט געהערט, נו און טשיחיר (אַזאַ קאָניאַק משקה), איז דאָ? גיעב אַ טרונק, גוטער מענש. איך בין נאָר אַ פערמאַטערטער. לאָז נאָר געמאַך, און איך װעל דיר ברענגען אַ גוט שטיק פרישען חזיר, אמת איך ברײנג. הײס נאָר דערלאַנגען. —

— װאָס? דו קלײבסט זיך זיצען? האָט געפרעגט דער אורױאַדניק זיך מאַכענדיג נישט הערענדיג. —

— איך האָב געװאָלט אַ נעכטעל דורכזיצען, — האָט געענפערט פּעטער יעראָשקאָ, — אפשר װעל איך צו יום טוב, װען גאָט גיעט, צובלוטיגען אַ חיה; דאַמאָלס װעל איך דיר אויך געבען. אמת! —

— פּעטער! אי! פּעטער! — האָט אַ געשרײ געטהאָן לוקאַשקאַ פון דער הויך, ציעהענדיג די אויפמערקזאַמקײט אויף זיך, און אַלע קאָזאַקען האָבען אַ קוק געגעבען אויף איהם.

— דו געה צום אויבערשטען שטראָמגום, דאָרט געהט אַרום אַ װאוהלע מחנה. איך זאָג נישט קײן ליגען. די טעג האָט אונזערער אַ קאָזאַק אײנעם אונטער געשאָסען.

אמת — האָט ער צוגעלעגט, פעריכטענדיג הינטער דעם רוקען דעם ביקס, און מיט אַזאַ שטים, אַז מען האָט געזעהען בעשײנפערליך, אַז ער חוזק'ט נישט.

— עי, לוקאַשקאַ כל-בו'ניק איז דאָ! האָט געזאָגט דער אַלטער, אַ קוק טהוענדיג אין דער הויך, — װאו איז דער אָרט, װאו ער האָט געשאָסען? —

— און דו האָסט נישט געזעהען! מן הסתם אַ קלײנינקער,

ביי'ן גראָבען, פעטער — האָט ער צוגעלענט ערנסט, אַ טרייסעל געבענדיג מיט'ן קאָפּ. — מיר געהען אַזוי ביי'ן גראָבען, ווי ער דערלאַנגט דאָס אַ זעץ, און מיין ביקס איז געוועזען אין טשיק. איליאַסקע האָט אַרויסגעפּלאַצט (אויף קאָזאַקען-לשון, אויסגעשאָסען).... איך וועל דיר ווייזען פעטער, וואָס פאַר אַנ'אָרט, — נישט וויט גאָר. לאָז נאָר אַ ווײַלע געמאַך. איך, ברודער, ווייס אַלע זיינע וועגען.

פעטער מאָסעיו, — האָט ער ענערגיש כמעט ווי מיט אַ בעפעהל זיך געווענדט צום אוריאַדניק, — שוין צייט בייטען, — און צונויף-נעהמענדיג די כלי זין, נישט וואַרטענדיג אויף אַ בעפעהל, האָט ער גענומען אַראָבגעהען פון טהורמעל.

— געה אַראָב! — האָט שוין נאָכדעם געזאָגט דער אוריאַדניק, זיך אַרומקוקענדיג אַרום, — איז דיין וואַך איצט, גורקאָ? געה! אַ לייט געוואָרען דיין לוקאַשקאַ, — האָט זיך געווענדט דער אוריאַרניק צום אַלטען, — פונקט אַזוי ווי דו געהסט ער שטענדיג אַרום. זיצט קיינמאָל נישט אין דער היים; די טעג האָט ער איינעם דער'הרג'עט.

VII.

די זון איז שוין אונטערגעגאַנגען, און נאַכטיגע שאָטענס האָבען זיך שוין גענומען ציעהען פון וואַלד. די קאָזאַקען האָבען געענדיגט זייערע אַרבייט ביי'ם קאַרדאָן און האָבען זיך צונויף-געקליבען אין שטוב צום אָווענדעסען. נאָר דער אַלטער, וואָס האָט נאָך אַלץ אָבגעאַכט דעם האַביכט און ציעהענדיג דעם פויגעל פאַר'ן אָנגעבינדען פיסעל, איז ער געבליבען זיצען אונטער'ן בוים. דער האַביכט איז געזעסען אויף'ן בוים, אָבער ער האָט זיך נישט אַראָבגעלאָזען צו דעם היהנדעל. לוקאַשקאַ האָט, נישט געאיילט, פאַנאַנדערגעלעגט אין די סאַמע געדיכטעניש פון די דערנער, אויף דעם פאַזאַנען-שטעגעל נעצען אויף צו חאַפּען פאַזאָנען, און האָט געזונגען אַ ליעדעל נאָך אַ ליעדעל. נישט קוקענדיג אויף דעם הויכען וואוכס און אויף די גרויסע

הענד, האָט מען געזעהען, אַז איטליכע אַרבייט, צו אַ גראָבע אָדער אַ פיינע האָט זיך אין די הענד פון לוקאַשקאַן בריה׳שדיג איינגעגעבען.

— היי, לוקאַ! — האָט זיך דערהערט פון נישט ווייט אין געדיכטעניש פון וואַלד דער קוויטשענדיג הילכיגער קול פון נאַזאָרקאָ, — די קאָזאַקען זענען שוין עסען געגאַנגען.

נאַזאָרקאָ מיט אַ לעבעדיגען פאַזאַן אונטער׳ן אָרם, זיך דורכרייסענדיג דורך די דערנער, איז אַרויסגעקראָכען אויף׳ן שטעגעל.

— אָ! — האָט לוקאַשקאַ געזאָגט, — וואו האָסטו דעם האָהן גענומען? מן הסתם מיין נעץ.

נאַזאָרקאָ איז געווען אין איינע יאָהרען מיט לוקאַשקען, און אויך ערשט אין פריהלינג איז ער אַריין אין קאָזאַקען־דיענסט.

ער איז געווען אַ מיאוסער קאָזאַק, אַ מאָגערער אַנ׳אויסגעטריקענטער מיט אַ קוויטשענדיגער שטימע, וואָס האָט פשוט געריסען אין די אויערען. זיי זענען געווען שכנים און חברים. לוקאַשקאַ איז געזעסען אויף טאָטעריש אויף׳ן גראָז און האָט צו רעכט געמאַכט די נעצען פאַר די פאַזאָנען.

— איך ווייס נישט ווע‎מענס, מן הסתם דיינער.

— הינטער׳ן גרוב ביי׳ם בוים, הא? טאַקע מיינער, איך האָב געכטען אַוועקגעלעגט.

לוקאַשקאַ איז אויפגעשטאַנען און האָט בעטראַכט דעם געפאַנגענעם פאַזאַן. גלעטענדיג דאָס טונקעל־גראָהע קעפעל, וואָס דער האָהן, אַ דערשראָקענער, האָט אויסגעצויגען, פערגלאָצענדיג די אויגען, האָט ער איהם גענומען אין די הענד.

— היינט וועלען מיר מאַכען אַ פילאַוו, (אַזאַ פאַזאָנען־געריכט); געה קיילע און פליק אָב די פעדערען.

— וואָס? וועלען מיר דאָס אַליין עסען, אָדער מיר וועלען דאָס אַוועקגעבען דעם אוריאַדניק?

— עס וועט קלעקען פאַר איהם.

— איך האָב מורא דאָס צו קוילענען, האָט נאַזאָרקאָ געזאָגט.

— גיעב אַ הער.

לוקאַשקאַ האָט אַרויסגענומען אַ מעסערעל פון אונטער'ן דאָלכמעסער און האָט גיך אַ מאַך געטהון מיט איהם. דער האָהן האָט זיך אַ טרייסעל נעגעבען. נאָר ער האָט נאָך נישט אויספעיעט אויסצוציהען די פליגעל, ווי דאָס פערבלוטיגטע קעפעל האָט זיך פערבויגען און זיך אָנגעהויבען צאַפּלען.

— אָט אַזוי מאַך, — האָט לוקאַשקאַ געזאָגט, אַ וועק־וואַרפענדיג דעם האָהן, — עס וועט זיין אַ פעטער פילאַוו.

נאַזאָרקאָ האָט אַ ציטער געטהון קוקענדיג אויף'ן האָהן.

— הערסט, לוקא, ער וועט אונז ווידער אין סעקרעט שיקען דער שד, — האָט ער צוגעלעגט, אויפהייבענדיג דעם פאַזאָן, מיינענדיג מיט'ן שד דעם אוריאַדניק.

— פאַמושקינען האָט מען געשיקט נאָך טשיהיר, זיין לאָז אויסנעפאַלען. די וויפיעלטע נאַכט מיר געהען שוין! נאָר אויף אונז האָט ער זיך געזעצט רייטען!

לוקאַשקאַ, פייפענדיג איז אַ וועק צום קאַרדאָן.

— נעהם מיט דאָס שטריקעל! — האָט ער אַ געשריי געגעבען.

נאַזאָרקאָ האָט געפאָלגט.

— איך וועל איהם היינט זאָגען, אַודאי זאָג איך איהם, האָט זיך נאָך נאַזאָרקאָ נישט בערוהיגט — מיר וועלען איהם זאָגען: מיר געהען נישט, מיר זענען פערמאַטערט — און פאַרטיג. זאָג דו בעסער, דיר וועט ער פאָלגען. אַז נישט וועט דאָס נעהמען אַ סוף!

— געפונען וועגען וואָס צו רעדען! האָט געזאָגט לוקאַשקאַ, טראַכטענדיג, בעשיינפערליך, וועגען עפּעס אַנדערס. — לייראַקעס! ווען מען וואָלט נאָך פון סטאַניצע אַרויס־געטריעבען אויף אַ נאַכט, וואָלט דאָס געווען אַ פערדרוס. דאָרטען הולעסט דו, אָבער דאָ? צי אין קאַרדאָן צי אין סעקרעט — אַלץ איינס. ס'אַ נאַר דו ביסט!...

— און אין סטאַניצע ווען'סטו קומען?

— אויף יום טוב וועל איך קומען.

— גורקאָ דערצעהלט, אַז דיין דונאַיקאַ הוליעט מיט פּאַמושקינען, — האָט פלוצים נאַזאָרקאָ געזאָגט.

— חאַפּט זי דער טייוועל! — האָט געענפערט לוקאַשקאַ, אַרויסשטעלענדיג אַ פולע מויל ווייסע צייהן, אָבער גאָר נישט לאַכענדיג דערביי, — צו וועל איך אַנ'אַנדערע נישט קריעגען?

— גורקאָ דערצעהלט: געקומען צו איהר, זאָגט ער, און דער מאַן איז נישטאָ. פּאַמושקין זיצט, עסט אַ פליישקיכען. ער איז אַוויילע געזעסען און איז אַוועק, אונטער'ן פענסטער הערט ער, ווי זי זאָגט: „אַוועק דער שד; פאַרוואָס, ליעבינקער, עסטו נישט דעם קיכען? און שלאָפען אַהיים געהנישט". און ער זאָגט פון הינטער'ן פענסטער „וואוהל".

— ס' אַ ליגען!

— סנ'אמת, ביי גאָט.

לוקאַשקאַ איז ענטשוויעגען.

— האָט זי אַנ'אַנדערען געפונען, חאַפּט זי דער רוח! וואָס, וועניג מיידלעך? זי איז מיר שוין אַזוי איך דערעסען.

— אָט וואָס פאַר אַשד דו ביסט! — האָט געזאָגט נאַזאָרקאָ.

— דו וואָלסט זיך צו מאַריאַנקע די חאַרונזשיכעס צו געטשעפעט. וואָס הולעט זי עפעס מיט קיינעם נישט?

לוקאַשקאַ איז בייז געוואָרען:

— וואָס נעראָד מאַריאַנקאַ! אַלץ איינס, — האָט ער געזאָגט.

— נו, פּרוב נור...

— און וואָס מיינסטו? צו זענען וועניג דאָ אין סטאַניצע?

און לוקאַשקאַ האָט ווידער אָנגעהויבען פייפען און איז אַוועק צום קאָרדאָן, רייסענדיג בלעטער פון די צווייגען. פערביינגעהענדיג פאַרביי די ניעדעריגע בוימלעך, האָט ער זיך פלוצים אָבגעשטעלט, בעמערקענדיג אַגלאַט בוימעלע, אַרויסגענומען פון אונטער'ן דאָלכמעסער אַמעסערעל און דאָס אויסגעשניטען — אָט ווערט דאָס זיין אַטייערער שאָמפּאָל, — האָט ער געזאָגט, פאָכענדיג אין דער לופט מיט'ן דינעם בוימעל.

די קאָזאַקען זענען געזעסען בײ'ן עסען אין דעם געטינקעװען פאָרהױז פון קאַרדאָן אױף דער ערדענער פאָדלאָגע אַרום אַ ניעדעריגען טאָטערשען טיש, בשעת מען האָט אָנגעהױבען רעדען װעגען דעם, װעמענס רײהע איז צו געהען אין סעקרעט.

— װער געהט הײנט? — האָט אַ געשרײ געטהון אײנער פון די קאָזאַקען, זיך װענדענדיג צום אוריאַדניק אין די אָפענע טהיר פון שטוב.

— װער זאָל געהען? — האָט זיך אָבגערופען דער אוריאַדניק, פעטער בורלאַק איז געגאַנגען, פאַמושקין איז געגאַנגען, — האָט ער געזאָגט נישט גאַנץ זיכער בײ זיך, — געהט איהר, אפשר? דו און נאַזאָר, — האָט ער זיך געװענדעט צו לוקאַ, — יערגושאָװ װעט געהען, אפשר האָט ער זיך שױן אױסגעניכטערט.

— אַז דו ניכטערסט זיך נישט אױס, טאָ װי זאָל ער, — האָט נאַזאָרקאָ שטילערהײט געזאָגט.

די קאָזאַקען האָבען זיך פערנאַנדערגעלאַכט.

יערגושאָװ איז געװען דער אײגענער קאָזאַק, װעלכער האָט אַ שכור'ער געשלאָפען בײ'ן שטוב. ער האָט זיך אָקאָרסט, רײבענדיג די אױגען, זיך אַרײנגעקײקעלט אין פאָרהױז.

לוקאַשקאַ דערװײלע, אױפשטעהענדיג האָט פעררינכט דעם ביקס.

— אָבער געהט גיכער, עסט אָב און געהט, — האָט געזאָגט דער אוריאַדניק, און נישט װאַרטענדיג קײן הסכמה אױף די פנים'ער האָט ער צוגעמאַכט די טהיר, װעניג װאָס האָפענדיג, אַז די קאָזאַקען װעלען פאָלגען.

— װען מען װאָלט נישט בעפױהלען, װאָלט איך נישט געשיקט . . . אין מיט אײנמאָל קומט שױן דער סאָטניק צולױפען . . . מען זאָגט שױן אַזױ אױך, אַז אַכט אַברעקען האָבען זיך אַריבער־געקליעבען דעם טײך.

— מילא, מען מוז געהן, — האָט געזאָגט יערגושאָװ, — שױן אַזאַ אָרדנונג! מען טאָר נישט, אַזאַ צײט. איך זאָג: מען דאַרף געהען.

לוקאַשקאַ דערװײלע, האַלטענדיג מיט בײדע הענד,

ביים מויל אַ גרויס שטיק פאַזאַן און קוקענדיג אַמאָל אויפ'ן אוריאַדניק, אַמאָל אויף נאַזאָרקען, האָט ווי שיינט זיך ווענ׳ג אינטערעסירט מיט דעם וואָס טהוט זיך דאָ, און האָט געלאַכט פון זייביידען. די קאָזאַקען האָבען נאָך נישט אוספעיעט זיך צו צוזאַמענקלייבען אין סעקרעט, ווי עס איז אַריין אין דעם פינסטערען פאָרהויז פעטער יעראָשקאָ, וואָס איז ביז נאַכט אָבגעזעסען אומזיסט אונטער'ן בוים.

— נו, קינדער, — האָט זיין באַס, וואָס האָט פערהילכט אַלע אַנדערע שטימען געברויזט אין ניעדעריגען פאָרהויז.

— איך געה אויך מיט. איהר — אויף טשעטשענצעס און איך געה זיצען אויף ווילדע חזירים.

## VIII.

עס איז שוין געווען גאָר פינסטער, ווען פעטער יעראָשקאָ און דריי קאָזאַקען פון קאַרדאָן אין בורקעס (קאַווקאַזער מאַנטלען), און מיט ביקסען הינטער די פלייצעס זענען אַוועק אין דער לענג פון טערעק אויף אַנ'אָרט, וואָס איז בעשטימט פאַר'ן סעקרעט. נאַזאָרקאָ האָט נישט געוואָלט געהען, נאָר לוקאַ האָט אָנגעשריען אויף איהם און זיי האָבען גיך זיך אָבגעפאַרטיגט. געהענדיג עטליכע טריט שווייגענדיג, האָבען די קאָזאַקען זיך אָבגעקעהרט פון גראָבען און זענען צו צום טערעק דורך אַ קיים מערקליכען שטעגעל אין די וואַסער־ריטלעך. ביי'ם ברעג איז געלעגען אַ גראָבער שוואַרצער קלאָץ, וואָס דאָס וואַסער האָט אַרויסגע־שליידערט און די וואַסער־ריטלעך אַרום קלאָץ זענען געווען אָקאָרסט צוטראָטען מיט די פיס.

— זאָל איך דאָ אפשר זיצען? האָט געפרעגט נאַזאָרקע.

— וואָס דען? האָט געזאָגט לוקאַשקע, — זיץ דאָ, און איך וועל באַלד קומען, איך וועל נאָר דעם פעטער אַ וויוז טהון.

נאַזאָרקע און יערגושאָוו, אויסשפּרייטענדיג אונטער זיך די בורקעס האָבען זיך צורעכט געלעגט הינטער'ן קלאָץ, און לוקאַשקע איז אַוועק ווייטער מיט פעטער יעראַשקע.

— אָט דאָ נישט ווייט פעטער, — האָט געזאָגט ליקאַשקע מיט שטילע טריט נעהענדיג פאָראויס, — איך וועל דיר ווייזען, וואו זיי זענען פערבײַ. נאָר איך אַליין, ברודער הויס דעם אָרט.

— ווייז: דו ביסט אַ יונג מיט בײַנער, כל בו'ניק, — האָט דער אַלטער אויך שטילערהייט געזאָגט.

אָבגעהענדיג עטליכע טריט, האָט זיך לוקאַשקע אָבגעשטעלט, האָט זיך אַריבער געבויגען איבער אַ זומפּעל און האָט אַ פייף געטהון. — אָט דאָ זענען זיי געגאַנגען טרינקען, דו זעהסט? — האָט ער קוים הערענדיג געזאָגט, אָנווייזענדיג אויף אַ פרישען שכור.

— חריסטאָס מיט דיר! — האָט געענפערט דער אַלטער, — דער ווילדער שוויין איז דאָך הינטער דעם גראָבען. איך וועל שוין דאָ זיצען, און דו געה.

ליקאַשקע האָט העכער אַרויפגעצויגען די בורקע און איז איינער אַליין אַוועק צוריק מיט'ן ברעג, זיך האַסטיג אַרומקוקענדיג אַמאָל אויף לינקס אויף דער וואַנד וואַסער־ריטלעך, אַמאָל אויף'ן טערעק, וואָס האָט געבורטשעט אונטער'ן ברעג. „ער וואַכט דאָך אייך, אָדער קריעכט ערגעץ וואו", האָט ער אַ קלער געטהאָן וועגען טשעטשענעץ. פלוצים האָט אַ שטאַרקער גערויש און אַ פלוך אין וואַסער איהם געגעבען אַ סקריך איבער'ן לייב און ער האָט זיך געחאַפּט פאַר'ן ביקס. פון אונטער'ן ברעג, זיך בלאָזענדיג, איז אַרויסגעשפרונגען אַ ווילדער שוויין, און אַ שוואַרצע פיגור זיך אָבטהיילענדיג אַ רגע פון דער גלאַנצענדיגער וואַסער־פלאַכקייט איז פערשוואונדען אין די געדיכטעניש פון די וואַסער־ריטלעך, לוקאַ האָט גיך אָנגעחאַפּט דעם ביקס, זיך אָנגעהייבען צילעווען, נאָר ער האָט נאָך נישט איספּעיעט אויסצושיסען: דער חזיר איז שוין פערשוואונדען אין דער געדיכטעניש. אַ שפּיי טהוענדיג פון עצמת נפש, איז ער ווייטער געגאַנגען. צוגעהענדיג צום אָרט פון סעקרעט האָט ער זיך ווידער אָבגעשטעלט און האָט שטיל אַ פייף געטהון. אויף'ן פייף האָט מען זיך אָבגערופען, און ער איז אַוועק צו זיינע קאַמעראַדען.

נאַזאַרקע, צוזאַמענגעקאָרטשעט, איז שוין געשלאָפען.

יערגושאָוו איז געזעסען, אונטערציטערענדיג אונטער זיך די פיס, און האָט זיך אַ ביסעל אָבגערוקט, אום צו געבען לוקאַשקען אַנ׳אָרט.

— אַ מחיה צו זיצען; אין דער אמת׳ן, אַ וואוהלער אָרט, — האָט ער געזאָגט, — בעגלייט?

— געוויעזען, — האָט געענפערט לוקאַשקע, אוים שפריי־טענדיג די בורקע, — און וואָס פאַר אַ געזונדען חזיר ביים סאַמען וואַסער איך האָב איצט פעריאָגט. מן הסתמא דער אייגענער! האָסט אַודאי געהערט, ווי עס האָט אַ ברעך געטהאָן אין די צווייגען?

— געהערט, ווי עס ברעכט אַ חיה, איך האָב באַלד דערקענט, אַז אַ חיה. איך טראַכט טאַקע: לוקאַשקע האָט מן הסתם אַ חיה איבערגעשראָקען, — האָט געזאָגט יערגושאָוו, זיך איינהילענדיג אין בורקע.

— איך וועל איצט אַיינשלאָפען, — האָט ער צוגעלעגט, — דו וועק אויף באַלד נאָך די העהנער, עס דאַרף זיין אַנ׳אָרד־נונג. איך וועל אַיינשלאָפען — וועלען מיר שלאָפען, דערנאָך וועסטו שלאָפען, וועל איך זיצען.... אָט אַזוי פיהרט זיך. —

— דאַנק דיר, איך רעכען אַפילו נישט צו שלאָפען, — האָט געענטפערט לוקאַשקע.

די נאַכט איז געווען אַ פינסטערע, אַ וואַרעמע און אָהן אַ ווינדטעלע. נאָר פון איין זייט הימעל־קופעל האָבען געלויכטען די שטערען; די אַנדערע אין דער גרעסטער טייל פון הימעל, פון די בערג צו איז געווען פערצויגען מיט איין גרויסען געדיכטען וואָלקען. דער שוואַרצער וואָלקען, צוזאַמענגיעסענדיג זיך מיט די בערג, אָהן ווינד, האָט זיך פּאַמעלעך בעוועגט ווייטער און ווייטער, זיך בולט אָבטיילענדיג מיט זיינע אויסגעבויגענע קאַנטען פון טיעפען געשטערנטען הימעל. נאָר פון פאָרענט האָט דעם קאָזאַק געזעהען זיך דער טערעק און די ווייטקייט; פון הינטען און ביי די זייטען איהם האָט אַרומגערינגעלט אַ וואַנד וואַסער־ריטלעך. די וואַסער־ריטלעך האָבען ווייעלעוויז, ווי אָהן אַ שום סבה, זיך אָנגעהויבען וויעגען און רוישען. פון אונטען די שאָק־

לענדיגע זיך וואַסער בוימלעך האָבען זיך אויסגעדרוקט ווי פויגעלע צווייגעלעך אַנקעגען דער ליכטיגער זייט פון הימעל. פּאָרענטסאַמע ביי די פיס איז געווען דער ברעג, וואו עס האָט געבורטשעט דער שטראָם. ווייטער האָט די גלאַנצענדיגע זיך בעוועגענדיג מאַסע פון ברוינע וואַסער געפינטעלט און געזידט ביי די ווייסע עם און ביים ברעג. נאָך ווייטער — האָט זיך שוין דאָס וואַסער, דער ברעג, דער וואָלקען צוזאַמענגעגאָסען מיט דער געדיכטער פינסטערניש. אויף דער אויבערפלעכע פון וואַסער האָבען זיך געצויגען שוואַרצע שאָטענס, וועלכע דאָס צוגעוואוהנטע אויג פון קאָזאַק האָט באַלד דערקענט, אַז דאָס טראָגט מען שיפלעך אַרונטער. נאָר זעלטענווייז אַ וועטער בליץ, זיך אָבשפיגעלענדיג אין וואַסער ווי אין אַ שוואַרצען שפּיגעל, פלעגט אָבצייכענען דעם אַנקעגענדיגען שטילען ברעג. די מאָנאָטאָנע נאַכט-געררוישען, דאָס שאָקלען זיך פון די וואַסער-ריטלעך, דאָס חראָפּען פון די קאָזאַקען, דאָס זלוזשען פון די מיקען און דאָס שטראָמען פון וואַסער פלעגט ווערען איבערגעריסען אַמאָל דורך אַ ווייטען שאָס, דורך אַ פלוך פון אַ שטיק אָבגעריסען ברעג, דורך אַ פּאַטש אין וואַסער פון אַ גרויסען פיש, אָדער דורך דאָס צווייגענברעכען פון אַ חיה אין ווילדען פערוואַכסענען וואַלד. איינמאָל איז פערבייגעפלויגען אַנ'אוילע (סאָווע) אין דער לענג פון טערעק, בעריהרענדיג אַ פליגעל אָן אַ פליגעל געגוי נאָך יעדען צווייטען-פּאָך. איבער די סאַמע קעפ פון די קאָזאַקען האָט זי זיך פערקעהרט צום וואַלד צו, און, צופליהענדיג צום בוים האָט זי שוין נישט אַמאָל איבער אַמאָל, נאָר בעריהרט די פליגלען ביי יעדען פּאָך, און דערנאָך האָט זי זיך לאַנג געפּאָרקעט, איידער זי האָט זיך געזעצט אויף'ן אַלטען בוים. ביי איטליכען אַזאַ אונערוואַרטענדיגען קול פלעגט די שטיעה פון דעם נישט שלאָפענדיגען קאָזאַק ווערען שטאַרק אָנגעשטרענגט, די אויגען פלעגען זיך צוזאַמענציעהען מיט די ווימפּערען און ער פלעגט נישט געאיילט בעטאַפּען זיין ביקס.

ס'איז אַוועק מעהר ווי אַ האַלבע נאַכט. דער שוואַרצער וואָלקען, פערציעהענדיג זיך אויף מערב זייט האָט דורך זיינע

צוריקגעגאַנגען קאַנטען ענטפּלעקט אַ ריינעם געשטערנטען הימעל, און דער פערקעהרטער גילדענער האָרן פון דער לבנה האָט רויט זיך צושיינט איבער די בערג. עס האָט אָנגעהויבען דורכנעהמען אַ קעלט. גאַזאָרקע האָט זיך אויפגעהאַפּט, געפּלאַפּעלט אַ ווײַלע, און איז ווייטער ענטשלאָפען. לוקאַשקען איז לאַנגווײַליג געוואָרען, ער איז אויפגעשטאַנען, אַרויסגענומען אַ מעסערעל פון אונטער דעם דאַך און אָנגעהויבען אָבהובלען פון שטעקעל אַ שאָמפּאָל. אין מח זענען געקראָכען געדאַנקען מכח דעם, ווי עס לעבען דאָרט אין די בערג די טשעטשענצעס, ווי עס קלייבען זיך אַריבער חוואַטסקע בחורים אויף דער רוסישער זייט, ווי זיי האָבען דאָס קיין מורא נישט פאַר די קאָזאַקען און אַז זיי קענען זיך אַריבערקלייבען אין אַנדער אָרט, וואו דער וואַך בעהאַלט זיך. און ער האָט אַרויסגעשטעקט דעם קאָפּ, געקוקט אין דער לענג פון טייך. נאָר עס איז גאָר נישט געווען, וואָס צו זעהען. קוקענדיג ווײַלעוויזע אויף'ן טייך און אויף'ן ווייטען ברעג וואָס האָט זיך ביים קנאַפּען שיין פון דער לבנה שוואַך אָבגעטיילט פון וואַסער, האָט ער שוין אויפגעהערט קלערען וועגען די טשעטשענצעס און האָט נאָר געוואַרט אויף דער מינוט, ווען ער וועט אויפוועקען די קאַמעראַדען און געהען אין סטאַניצע. אין סטאַניצע האָט איהם זיך פאָרגעשטעלט דוניקאַ, זיין דושענקע, ווי קאָזאַקען רופען אָן זייערע געליבטע, און ער האָט מיט פער-דרוס געקלערט וועגען איהר. די סמנים פון מאָרגען: אַ זילבער-נער נעבעל האָט זיך געווייסט איבער'ן וואַסער און יונגע אָדלערס נישט ווייט פון איהם האָבען קוויטשענדיג זיך צופּייפט און אַ פּאַטש געטהון מיט די פליגלען. ענדליך האָט דאָס געשריי פון ערשטען האָהן זיך ווייט געטראָגען פון דער סטאַניצע, נאָך איהם אַ צווייטער לאַנג-געצויגענער קול פון אַ האָהן, אויף וועלכען עס האָבען אָבגעענפערט ווייטערע שטימען.

„שוין צייט“, האָט אַ קלער געגעבען לוקאַשקע, פערענ-דיגענדיג דעם שאָמפּאָל אין פיהלענדיג, אַז עס קלעבען איהם זיך צו די אויגען. זיך צוקעהרענדיג צו די קאַמעראַדען, האָט ער צוערשט בעקוקט איבערליבענס פיס צו וועמען האָבען זיי

אַ שיכות; נאָר מיט אַמאָל האָט איהם זיך אויסגערוכט, אַז עפּעס אויף יענער זייט ברעג פון טערעק האָט אַ פּליך געטהון, און ער האָט נאָך אַמאָל אַ קוק געטהון אויף'ן ליכטיג ווערענ־דיגען האָריזאָנט פון די בערג אונטער'ן אומגעקעהרטען האָרן, אויף די ליניע פון יענעם ברעג, אויף'ן טערעק און אויף די שווימענדיגע שיפלעך, וואָס זענען ג־יצט אַזוי קלאָר צו זעהען. איהם האָט זיך געדאַכט אַז ער בעוועגט זיך און דער טערעק מיט די שיפלעך שטעהען אויף איין אָרט; נאָר דאָס האָט גאָר נע־דויערט אַ רגע. ער האָט גענומען זיך ווייטער געניו צוקוקען. איינער אַ גרויסער שוואַרצער באַט מיט אַ קלעצעל האָט איהם בעזונדערס פעראינטערעסירט. עפּעס אַזוי טשיקאַוע, זיך נישט שאָקלענדיג און נישט דרעהענדיג, איז געשוואומען דער באַט אין סאַמע מיטען. איהם האָט זיך נאָך געדאַכט, אַז דאָס שיפעל שווימט נישט מיט'ן שטראָם, נאָר שלאָגט דורך דעם טערעק צו דער זייטע צו. לוקאַשקאַ, אויסשטרעקענדיג דעם האַלז האָט עס גענומען שאַרף פערפאָלגען מיט'ן אויג.

„אָט, ווען איך וועל איינער אַליין דער'הרג'ענען אַן'אַברעק!"

האָט ער אַ טראַכט געטהון, זיך געחאַפּט פאַר'ן ביקס נישט צו האַסטיג, גאָר גיך אונטערגעלעגט טרוקענע גראָז, אַוועקגעלעגט אויף זיי דעם ביקס, שטיל, צוהאַלטענדיג האָט ער אָנגעצייגען דאָס העהנדיעל און פערהאַלטענדיג דעם אָטהעם האָט ער גע־נומען ציעלע־ען, זיך שאַרף צוקוקענדיג. „וועקען וועל איך נישט", האָט ער געטראַכט. זיין האַרץ האָט אָבער גענומען אַזוי שטאַרק קלאַפּען אין ברוסט, אַז ער האָט זיך אָבגעשטעלט און אָנגעהויבען האָרכען. דער באַט האָט פּלוצים אַ פּלוך געגעבען און ווייטער געשוואומען, צוטרייבענדיג דאָס וואַסער צו דער רוסישער זייט.

„נאָר נישט פערביי לאָזען", איז איהם דורכגעפלויגען דורך'ן מח, און אָט האָט ביים שוואַכען שיין פון דער לבנה זיך בעוויזען פאָרענט ביים באַט אַ טאָטערשער קאָפּ. איהם האָט זיך אויסגע־דוכט, אַז ער איז גאָר נאָהנט ביים ענד פון ביקס. ער האָט געציעלעוועט מיט'ן ביקס אין סאַמען קאָפּ. „יאָ ס'איז דער

אַברעק". האָט ער גליקליך אַ קלער געטהון, און פלוציים האַסטיג זיך אויפהויבענדיג אויף די פיס, האָט ער נאָך אַמאָל אַ נעהם געטהאָן דעם ביקס, דערזעהען דעם ציעל, וואָס זעהט זיך קוים אויף'ן ענד פון לאַנגען ביקס און, נאָך דער קאָזאַצקער געוואונהייט פון קליינוויז אויף, געזאָגט: „דעם פאָטער און דעם זוהן", אַ דריק געטהון די באָמבעטשקע ביי'ן אָבשאָס. דער בליאַסק פון אַ בליץ האָט אויף אַ רגע בעלויכטען די ריטלעך און דאָס וואַסער. אַ איבערראַשענדיגער טאַראַראַך פון אַ שאָס האָט זיך צוטראָגען איבער'ן טייך און איז ערגעץ ווייט אַריבער אין אַ דונער. דער באַט איז שוין נישט געשוואומען אין דער ברייט פון טייך, נאָר שטראָם-אַראָב, זיך דרעהענדיג און וויעגענדיג.

— האַלט, זאָג איך! — האָט אויסגעשריען יערגושאָוו, בעטאַפּענדיג דעם ביקס און זיך אויפהויבענדיג פון הינטער'ן קלאָץ.

— שווייג, שד! — פערהאַקענדיג די צייהן, האָט שטיל אויסגערופען לוקאַ: — אַברעקען!

— אויף וועמען געשאָסען? האָט געפרעגט נאַזאַרקע, — אויף וועמען האָסטו געשאָסען, לוקאַשקע?

לוקאַשקע האָט גאָר נישט געענטפערט. ער האָט געלאָדען זיין ביקס און געקוקט אויף דעם אַוועקשווימענדיגען שיפעל. נישט ווייט האָט עס זיך אָבגעשטעלט ביי דער ווינפע, און עס האָט זיך בעוויעזען הינטער איהר עפּעס אַ גרויסע זאַך, זיך שאָקעלענדיג אין וואַסער.

— וואָסטו געשאָסען? — גאָר נישט געזאָגט? האָבען געמאָהנט די קאָזאַקען.

— אַברעקען! זאָגט מען דיר דאָך, — האָט איבער גע'חזר'ט לוקאַ.

— גענוג דיר פלאַפּלען! צו האָט אַזוי זיך דיין ביקס אויסגעשאָסען?

— אַנ'אַבּרעקען דער'הרג'ט! אָט וואָס איך האָב געשאָסען! — האָט אַרויסגעשריען לוקאַשקע מיט אַנ'אָבגעריסענעם קול פון ערעגונג, אויפשטעלענדיג זיך אויף די פיס, — אַ מענש איז

נעשוואומען האָט ער געזאָגט, ווייזענדיג אויף די וויספע, — האָב איך איהם דער׳הרג׳ט, גיעב נאָר אַ קוק אַ הער.

— גענוג ליעגען זאָגען, — האָט אַלץ ווערעהאָלט יערגו-שאָוו, אויסרייבענדיג זיך די אויגען.

— וואָס ליעגען? אָט קוק! קוק אַהער, — האָט געזאָגט לוקאַשקע, אָנעהמענדיג איהם ביי די פלייצעס און צובויגענדיג איהם צו זיך מיט אַזאַ כח, אַז יערגושאָוו האָט אַ זיפץ געגעבען.

יערגושאָוו האָט אַ קוק געטהון אין דער ריכטונג וואו עס האָט אָנגעוויעזען לוקאַ, און, דערזעהענדיג דעם קערפּער, האָט ער פּלוצים איבערגעביטען דעם טאָן.

— ענאַ! איך זאָג דיר עס ווערען נאָך אַנדערע זיין, איך זאָג דיר אויף זיכער, — האָט ער שטיל געזאָגט און גענומען בעקוקען זיין ביקס. — דאָס איז דער פאָדערסטער געשוואומען; זיי זענען שוין דאָ, אָדער נישט ווייט אויף יענער זייט, איך זאָג דיר אויף זיכער.

לוקאַשקע האָט זיך פערנאַנדערגעגאַרטעלט און גענומען אויסטהון די טשערקעסקע.

— וואו אַהין, שוטה? — האָט אַ געשריי געטהון יערגו-שאָוו: — משעפע זיך נאָר, און דו ווערסט פערפאַלען פאַר גאָר נישט, איך זאָג דיר אויף זיכער. האָסטו גע׳הרג׳ט, וועט ער נישט אַוועק. נאַזאָר געה אין קאַרדאָן, אָבער געה נישט מיט׳ן ברעג: מען וועט דיך דער׳הרג׳ענען, איך זאָג דיר אויף זיכער.

— אַ שענע מעשה, איך וועל טאַקע אָט אַזוי איינער אַליין געהען! געה דו, — האָט בייז געזאָגט נאַזאָרקע.

— קריעך נישט, זאָגט מען דיר, — האָט ווייטער גערעדט יערגושאָוו, אָנשיטענדיג פולווער אין קעסטעל פון ביקס, — קוק, ער וועט זיך נישט ריהרען, איך זעה שוין. ביז צום מאָרגען איז נישט ווייט, וואַרט מען וועט קומען פון קאַרדאָן. געה, נאַזאָר! וואָס האָסטו פחד! האָב נישט קיין מורא, זאָג איך דיר.

— לוקאַ, הער נאָר לוקאַ, — האָט נאַזאָרקע געזאָגט, — דערצעהל דאָך, ווי האָסטו׳ס דער׳הרג׳ט.

לוקאַ האָט בעשלאָסען נישט צו קריעכען באַלד אין וואַסער-

— נעהט ניך אין קאַרדאָן, און איך וועל זיצען. און הייסט די קאָזאַקען צושיקען אין ראַזיעזד (רעקאָגנאָסצירעוקע) איוב אויף דער זייט.... דאַרף מען האַפען.

— איך זאָג דיר, זיי וועלען אַוועק. האַפען דאַרף מען, אודאי דאַרף מען האַפען, — האָט יערגושאָוו געזאָגט.

און יערגושאָוו און נאַזאַרקע זענען אויפגעשטאַנען און, זיך איבער׳צלמ׳דיג, זענען זיי אַוועק צום קאַרדאָן נישט מיט׳ן ברעג, נאָר ברעכענדיג זיך דורך דערנער און אַרויסקריעכענדיג אויף דעם וועגעל אין וואַלד.

— נו, גערענק לוקאַ, ריהר זיך נישט, — האָט אָנגעזאָגט יערגושאָוו, — אַז נישט וועט מען דיך אייך אָבקאָסענען. געדענק זאָלסט נישט געהנעצען, זאָג איך דיר.

— געה, איך ווייס, — האָט געזאָגט לוקאַ און, בעטראַכטענדיג דעם ביקס, האָט ער זיך ווייטער געזעצט אויפ׳ן קלאָץ.

לוקאַשקאַ איז געזעסען איינער אַליין, געקוקט אויף די ווייספע און זיך צוגעהאָרכט, צו הערען זיך שוין נישט די קאָזאַקען; נאָר ביז׳ן קאַרדאָן איז געווען ווייט, און איהם האָט דער אונגעדולד געמאַטערט; ער האָט אַלץ געטראַכט, אַז אָט אָט וועלען אַוועק די אַברעקען, וועלכע זענען געגאַנגען מיט׳ן גע׳הרג׳עטען. אַזוי ווי עס האָט איהם פעררדראָסען דער ווילדשוויין, וואָס איז ביי נאַכט אויסגעמידען זיין קויהל האָבען איצט איהם פעררדראָסען די אַברעקען, וואָס וועלען אַוועק. ער האָט געקוקט אַרום און אַרום, אויף׳ן אַנקעגענדיגען ברעג, וואַרטענדיג אַז אָט אָט וועט ער זעהען נאָך אַ מענשען, און צורעכטמאַכענדיג דעם גראָז, האָט ער זיך ווייטער געקליעבען שיסען. אַז מען קען איהם אַליין צו׳הרג׳ענען, איז איהם אפילו אין קאָפ נישט אַריין.

## IX.

עס האָט שוין אָנגעהויבען טאָגען. דער גאַנצער קערפער פון טשעטשענעץ, וואָס האָט זיך אָבגעשטעלט און זיך קיים געווייגט ביי דער ווייספע, איז שוין געווען קלאָר צו זעהען.

פלוצים נישט ווייט פון קאָזאַק האָט זיך עפּעס געגומען ברעכען צווישען די ריטלעך. עס האָבען זיך דערהערט טריט און עס האָבען זיך אָנגעהויבען צו בעוועגען די קעפּלעך פון די ריטלעך. דער קאָזאַק האָט האַסטיג זיך געחאַפּט פאַר'ן ביקס, און זאָגענדיג „דעם פּאָטער און דעם זוהן“ האָט ער זיך שוין אָנגעגרייט אויסצושיסען. באַלד אָבער ווי עס האָט אַ קלאַפּ געטהון דאָס העהנדעל אויף'ן ביקס זענען די טריט שטילער געוואָרען.

— היי, קאָזאַקען! הרג'עט נישט דעם פעטער, — האָט זיך דערהערט אַ רוהיגער באַס, און, פונאַנדערבויגענדיג די ריטלעך איז צוגעגאַנגען צו איהם גאָר נאָהענט פעטער יעראָשקאָ.

— קוים, קוים דיך נישט דער'הרג'עט, ביי גאָט! — האָט געזאָגט לוקאַשקע.

— וואָסטו געשאָסען? — האָט געפרעגט דער אַלטער. דער הילכיגער קול פונ'ם אַלטען, וואָס האָט זיך געטראָגען אין וואַלד און אונטען ביים טייך, האָט פלוצים צושטערט די נאַכטיגע שטילקייט און געהיימניספולקייט, וואָס האָבען אַרומגערינגעלט דעם קאָזאַק. עס איז עפּעס ווי ליכטיגער און קלאָרער געוואָרען.

— אָט דו, פעטער, האָסט טאַקע גאָרנישט געזעהען, און איך האָב דער'הרג'עט אַ חיה, — האָט לוקאַשקע געזאָגט אַראָבדריקענדיג דאָס העהנדעל און אויפהויבענדיג זיך מיט אַנישט נאַטירליכער רוהיגקייט.

דער אַלטער, נישט אָבנעהמענדיג די אויגען, האָט געקוקט אויף דעם רוקען, וואָס האָט זיך איצט קלאָר געזעהען, און נעבען וועלכען עס האָט געזידט דער טערעק.

— מיט'ן שיפעל אויף'ן רוקען געשוואומען. איך האָב איהם אַרויס דערזעהען.... קוק נאָר אַ הער. אָט קוק! אין בלויע הויזען, אַ ביקס, דוכט זיך... זעהסט? האָט געזאגט לוקאַ.

— וואָס איז דאָ צו זעהען! — האָט מיט כעס געזאָגט דער אַלטער, און זיין פּנים האָט בעקומען עפּעס אַ שטרענגע און אַנ'ערנסטע מינע. — אַ דזשיגיט האָסט דו צו גע'הרג'ט, — האָט ער אַזוי, ווי מיט בעדויערען געזאגט.

— זיץ איך מיר אַזוי, זעה איך, אַז פון יענער זייט שוואַרצט זיך עפּעס. איך האָב שוין פון דאָרט אַרויסגעזעהען, אַז עפּעס אַ מענש איז צו און איז אַניעדער געפאַלען. וואָס קאָן דאָס זיין! און דאָס שיפעל, אַ געזונד שיפעל, שווימט, אָבער נישט אין דער לענג, נאָר וואַרפט זיך אין דער ברייט. איך קוק, פון אונטער׳ן שיפעל ווייזט זיך אַ קאָפּ, וואָס קען דאָס זיין פאַר אַ מעשה! ציעל׳עווע איך, פון די ריטלעך זעהט מען דיך נישט. טהוט זיך אַ הויב, און ער, די בעסטיע, האָט מן הסתם דערהערט, איז צו דער וויספע צו, אַרויסגעקראָכען, קוקט זיך אַרום פון אַלע זייטען. אַ כפרה, טראַכט איך, דו וועסט שוין נישט אַוועק. נאָר אַרויסגעקראָכען, קוקט פון אַלע זייטען... (אָך, עפּעס ווי די האַלז איז מיר פערלעגט!) איך מאַך גרייט דעם ביקס, ריהר זיך נישט, וואַרט. געשטאַנען, געשטאַנען, און ווייטער געשוואומען, נאָר ווי ער איז אַרויפגעשוואומען אויף דער לבנה, זעהט מען שוין קלאָר דעם רוקען זיינעם. „דעם פאָטער, דעם זוהן און דעם הייליגען גייסט“. כ׳קוק, פון מיטען רויך, ער שליידערט זיך. אַ זיפץ געטהון, אָדער מיר האָט זיך דאָס אויסגעדוכט, נו, גאָט צו דאַנקען, טראַכט איך, צו גע׳הרג׳עט. און ווי עס האָט איהם אַרויסגעטראָגען צו דער וויספע, איז אַלץ ענפלעקט געוואָרען, וויל אויפשטעהען, האָט אָבער שוין קיין כח נישט. זיך געצאַפּעלט, געצאַפּעלט און איז ליעגען געבליעבען. פאַרטיג, אויף קלאָר צו זעהן. זעהסט ער ריהרט זיך נישט, מן הסתם גע׳פגר׳ט. די קאָזאַקען זענען אין קאַרדאָן געלאָפען, די אַנדערע זאָלען נאָר נישט ענטרינען!

— טאַקע געחאַפּט, ברודער!, — האָט געזאָגט דער אַלטער, — ער איז איצט ווייט, ברודער.... און ער האָט ווידער אומעטיג געשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. דערווייל זענען צו פוס און רייטענדיג אָנגעקומען קאָזאַקען, ברעכענדיג צווייגען און הויך רעדענדיג, פערהילכענדיג מיט זייערע שטימען דעם גאַנצען ברעג.

— געבראַכט אַ קאַיוק (אַ קאָזאַצקע שיפעל), וואָס? — האָט לוקאַ אַ געשריי געטהאָן.

— אַ חוואַט, לוקאַ! שלעפּ צום ברעג, — האָט געשריען איינער פון די קאָזאַקען.

לוקאַשקע, נישט וואַרטענדיג אויף'ן קאַיוק האָט זיך גענומען אויסטהון, נישט אַראָבלאָזענדיג קיין אויג פון פאַנג זיינעם.

— וואַרט, נאַזאָרקע ברייננט דיין קאַיוק, האָט געשריען דער אוריאַדניק.

— שוטה! אפשר לעבט ער! זיך פערשטעלט נור! נעהם דעם דאָלכמעסער, — שרייט אַ צווייטער קאָזאַק.

— פלאַפּעל! — האָט אַ געשריי געטהון לוקאַ, אַראָבּ-וואַרפענדיג די הויזען. ער האָט זיך האַסטיג אויסגעטהון, זיך איבער גע'צלם'ט און אַ שפרונג טהוענדיג, איז ער מיט אַ פּלוך אַריינגעשפּרינגען אין וואַסער, זיך אָבגעטונקט און, וואַרפענדיג אַ ווייסע האַנד נאָך אַ ווייסער האַנד, הויך אויפהויבענדיג דעם רוקען פון וואַסער, זיך בלאָזענדיג אין דער ברייט פון שטראָם — האָט ער גענומען זיך אַריבער וואַרפען צו דער וויספּע צו. דער עולם קאָזאַקען האָט הילכיג געשמועס'ט, עטליכע שטימען אויף אַ מאָל. דריי רייטער זענען געפאָהרען אין רעקאָגנאָסצירואָווקע. דער קאַיוק האָט זיך בעוויעזען דערוויילע. לוקאַשקע האָט זיך אויפגעהויבען אויף דער וויספּע, זיך אַ בויג געטהון איבער'ן קערפּער, אַ פּאָר מאָל אַ טרייסעל געגעבען. „טויט, וואָס טויט הייסט!" האָט זיך צושריען פון דאָרט דער שאַרפער קול פון לוקאַשקע.

דער טשעטשענעץ האָט בעקומען דעם קויהל אין קאָפּ. ער האָט געהאַט אויף'ן לייב בלויע הויזען, אַ העמד, אַ טשערקעסקע, אַ ביקס און אַ דאָלכמעסער, וואָס זענען געווען צוגע-בונדען צום רוקען. צו דעם איז נאָך געווען צוגעבונדען אַ גרויס קלעצעל, וואָס האָט צוערשט אָבגענאַרט לוקאַשקען.

— אָט וואָס פאַר פאַזאָן געהאַפּט! האָט געזאָגט איינער פון דעם עולם קאָזאַקען, אין דער צייט ווען דער קערפּער, שוין אַרויסגעשלעפּט פון קאַיוק, צעדריקענדיג דאָס גראָז האָט זיך צולעגט ביים ברעג.

— און ווי געל ער איז! האָט אַ צווייטער געזאָגט.

— וואו זענען אונזערע אַוועק זובען? זיי זענען נאָך אַלע, אַודאי אויף יענער זייט. ווען נישט זייער פּאָדערסטער וואָלט ער אַזוי נישט געשוואומען. צו וואָס זאָל איינער אַזוי שווימען?, — האָט געזאָגט אַ דריטער.

— אַ פלינקער בחור, אַודאי, אַלעמען פאָרויס געגאַנגען. מן הסתם דער אמת'ער דזשיגוט! — האָט מיט אַנ'איראָנישׁ שמייכעל געזאָגט לוקאַשקע, אויסדריקענדיג די נאַסע קליידער ביים ברעג, און ציטערענדיג ביים גאַנצען לייב, — דער באָרד געפאַרבט, און אינטערגעשוירען.

— און דעם אויבערמאַנטעל אין זעקעל צום רוקען צו־געגאַרטעלט. טאַקע לייכטער דעריבער צו שווימען, — האָט עמעצער געזאָגט.

— הער לוקאַשקע!, — האָט דער אוריאַדניק געזאָגט. האַלטענדיג אין די הענד דעם דאָלך און ביקס, וואָס מען האָט אַראָבגענומען פון טויטען, — דו נעהם זיך דעם דאָלך און דעם אויבערמאַנטעל נעהם, און פאַר'ן ביקס, קום, וועל איך דיר געבען דריי מאָנעטען. זעהסט ער איז אפילו פיין דורכגע־לעכערט, — האָט ער צוגעלעגט, געבענדיג אַ בלאָז אין ראָהר, — ווילט זיך טאַקע האָבען צו ערינערונג.

לוקאַשקע האָט גאָר נישט געענפערט: איהם האָט, בע־שיינפערליך, פערדראָסען דאָס בעטלעריי; נאָר ער האָט גע־וואוסט, אַז דאָס איז אונמעגליך אויסצומיידען.

— זעהסט, ס'אַר שר!, — האָט ער געזאָגט בייז ווערענדיג און אַ שליידער געבענדיג דעם מאַנטעל פון טשעטשענעץ אָן דער ערד, — וואָלט חאָטש דער מאַנטעל געווען אַ גוטער, עפּעס גאָר אַ שמאַטע.

— גאַנץ גוט צו געהען אין איהם נאָך האָלץ, — האָט געזאָגט אַ קאָזאַק.

— מאָסעוו, איך געה אַ היים, — האָט געזאָגט לוקאַשקע, פערגעסענדיג שוין זיין פערדרוס און ווועלענדיג אויסנוצען צו גוטען די מתנה וואָס ער גיעט דעם קאָמאַנדיר.

— געה, מילא וואָס!

— שלעפּט איהם אַוועק צום קאַרדאָן, קינדער, — האָט זיך דער אוריאַדניק געווענדט צו די קאָזאַקען, בעטראַכטענדיג אַלץ דעם ביקס. — און מאַכט אַ געצעלטעל איבער איהם פון דער זון. אפשר, וועט מען קומען פון די בערג איהם אויסקויפען.

— ס'איז נאָך נישט היים, — האָט עמעצער געזאָגט.

— נו, לוקאַשקע, ווי דו ווילסט, אָבער אַנ'עמער בראָנפען דאַרפסטו די חברה שטעלען, — האָט פרעהליך געזאָגט דער אוריאַדניק.

— אָט ווי עס פיהרט זיך, — האָבען אונטערגעחאַפּט די קאָזאַקען. — געזעהען וואָס פאַר אַ גליק גאָט גיעט: גאָר נישט געטראַכט, אַנ'אַברעקען נע'הרג'עט.

— קויף אַ דאָלך און אַ מאַנטעל. גיעב וואָס מעהר. און די הויזען פערקויף איך, — האָט לוקאַ געזאָגט, — אויף מיר קריעכען זיי נישט אַרויף: אַ מאָגערער, דער שד, געווען.

איינער אַ קאָזאַק האָט געקויפט דעם מאַנטעל פאַר אַ מ אָ נ ע ט — פאַר'ן דאָלך האָט אַנ'אַנדערער געגעבען צוויי עמער בראָנפען.

— טרינקט ברידער, איך שטעל אַנ'עמער, — האָט לוקאַ געזאָגט, — כ'אַליין ברעננען פון דער סטאַניצע.

— און די הויזען צוריים פאַר די מיידלעך אויף טיכלעך, — האָט נאַזאַרקע געזאָגט.

די קאָזאַקען האָבען זיך צוהירזשעט.

— גענוג הירזשען, — האָט דער אוריאַדניק אַ זאָג געטהון, — שלעפּט אַוועק דעם קערפּער. וואָס האָט איהר אַזאַ נבלה אַוועקגעלעגט ביים שטוב...

— וואָס שטעהט איהר? שלעפּט איהם אַהער, קינדער! — האָט לוקאַשקע בעפעהלענדיג אַ געשריי געגעבען אויף די קאָזאַקען, וועלכע האָבען נישט גערן גענומען זיך פאַר'ן טויטען גוף, און די קאָזאַקען האָבען געפאָלגט זיין בעפעהל, אַזוי ווי ער וואָלט געווען זייער קאָמאַנדיר. אָבשלעפּענדיג דעם גוף עטליכע טריט, האָבען די קאָזאַקען אַראָבגעלאָזען די פיס, וועלכע געבענדיג אַ טויטען ציטער האָבען זיך אויס געצויגען, און די

קאָזאַקען, זיך אָברוקענדיג פונאַנ׳אַנדער האָבען זיך שטיל שווײַ־
גענדיג אָבגעשטעלט אַ ווײַלע. נאַזאָרקע איז צו צום גוף און האָט
איהם פעריכט דעם פערבויגענעם קאָפּ, אום צו זעהען די רונדע
וואונד איבער׳ן שלעף און דאָס געזיכט פון דער׳הרג׳עטען.

— „געזעהען! וואָס פאַר אַ סימן ער האָט איהם געמאַכט!
אין סאַמען מאַרך!״ קיינער האָט גאָר נישט געענפערט, און
נאָך אַ מאָל איז אַ שטילער מלאך אַריבערגעפלויגען איבער די
קאָזאַקען.

די זון האָט זיך שוין אויפגעהויבען און מיט צושטרייטע
שטראַהלען האָט זי בעלויכט דעם בעטהויעטען גראָז. דער
טערעק האָט פון דערווייטענס געבורטשעט אין אויפגעוואַכטען
וואַלד; בעגריסענדיג דעם מאָרגען, האָבען זיך פון אַלע זייטען
צונויפגעשריען די פאַזאַנען. די קאָזאַקען זענען געשטאַנען שטיל־
שווייגענדיג און זיך נישט בעוועגענדיג אַרום דעם דער׳הרג׳טען
און האָבען געקוקט אויף איהם. דער ברוינער קערפער אין איינע
טונקעל געוואָרענע נאַסע בלאָהע הויזען, מיט אַ גאַרטעל צוזאַמענ־
געצויגען אויף׳ן איינגעפאַלענעם בויך, איז געווען שלאַנק און שעָן.
די מוסקעלדיגע הענד זענען געלעגען גלייך, ביי די ריפּען. דער
בלאָהליכער פריש־געגאָלטער רונדער קאָפּ מיט דער פער־
טריקענטער וואונד ביי׳ן זייט איז געווען פערוואָרפען אויף הינטען.
דער גלאַטער פון זון אָבגעברענטער שטערן האָט זיך אָבגעזי־
צייכענט פון געגאָלטען אָרט. די גלעזערנע אָפענע אויגען מיט
די שוואַרצאַפּלען, וואָס האָבען זיך ניעדעריג אָבגעשטעלט, האָבען
געקוקט אין דער הויך, עפּעס, ווי פערביי אַלצדינג. אויף די דינע
ליפּען, אויסגעצויגען ביי די זייטען, וואָס האָבען זיך אָבגעצייכענט
פון הינטער די רויטע אונטערגעשוירענע וואָנסען האָט זיך ווי
אָבגעשטעלט אַגוטמוטיגער, פיינער שמייכעל. אויף די קליינע
האַנד־געלענקען, בעוואַכסען מיט רויטע האָר, זענען געווען די
פינגער פערבויגען אויף אינעווייניג און די נעגעל זענען געווען
אויסגעפאַרבט אין רויט. לוקאַשקע האָט זיך אַלץ נאָך נישט אָנ־
געטהון. ער איז געווען דורכגענעצט, און זיין קאַרק איז געווען
רויטער און זיינע אויגען האָבען געגלאַנצט מעהר ווי געוואָהנליך;

די ברייטע באַקענקנאָכען האָבען געציטערט; פון געזונדען ווייסען קערפּער איז געגאַנגען אַפּאַרע אויף דער פרישער פריה-מאָר-גענדיגער לופט.

— אויך געווען אַ מענש! — האָט ער זיך אַרויסגערעדט, בעשיינפערליך, הנאה האָבענדיג פון טויטען.

— יאָ, וואָלסטו איהם אַריין אין די הענד, וואָלט ער אויך נישט געשאַנעוועט, — האָט זיך אָבגערופען איינער פון די קאָזאַקען.

דער שטילער מלאך איז אוועקגעפלויגען. די קאָזאַקען האָבען זיך גענומען ריהרען, פלאפלען. צוויי זענען געגאַנגען אָנהאַקען האָלץ פאַר'ן געצעלטעל. אַנדערע זענען אַוועק אין קאַרדאָן, לוקאַ און נאַזאָרקע זענען געלויפען זיך פאַרטיג מאַכען צו דער סטאַניצע.

אין אַ האַלבע שעה אַרום, דורך'ן געדיכטען וואַלד, וואָס טיילט אָב טערעק פון דער סטאַניצע, זענען לוקאַשקע מיט נאַזאָרקען כמעט געלויפען אַ היים, נישט אויפהערענדיג צו רעדען דעם גאַנצען וועג.

— דו זאָג איהר נישט, געדענק נור, אַז איך האָב געשיקט; און געה גיעב אַ קוק צי דער מאַן איז אין דער היים?, — האָט לוקאַ געזאָגט מיט זיין שאַרפען קול.

— און איך וועל אַריין געהען צו יאַמקען, וועלען מיר הוליען, וואָס? — האָט מיט הכנעה געפרעגט נאַזאָר.

— ווען זשע דען הוליען, ווען נישט היינט, — האָט געענטפערט לוקאַ.

קימענדיג אין סטאַניצע האָבען די קאָזאַקען זיך אָנגע'שכור'ט און זיך געלעגט שלאָפען ביז'ן אָוועגד.

## X.

אויפ'ן דריטען טאָג נאָך דער בעשריעבענער בענעבענהייט זענען צוויי ראָטעס פון קאַווקאַזער אינפאַנטעריע-פּאָלק געקימען שטעהען אין דער נאָוואָמליטסקע סטאַניצע. די פוהרען פון דער

ראָטע זענען שוין געשטאַנען אויפ'ן גרויסען פּלאַץ. די קאַשע־
קאָכער, אויסגראָבענדיג אַ גרוב און צוזאַמענשלעפּענדיג פון פער־
שיעדענע הויפען שלעכט אַוועקגעלעגטע שפּענער, האָבען שוין
געקאָכט קאַשע. די פעלד־פעבעלען האָבען זיך שוין צורעכענט
מיט די מענשען. די פורשטאַטען האָבען שוין אַריינגעהאַקט
שפּיציגע קלעצליך פאַר די פערד אָנצובינדען. די קוואַרטיר־
מייסטערס, האָבען שוין, ווי איינענע מענשען, זיך אַרומגע־
דרעהט אויף די גאַסען און די געסלעך, אָנווייזענדיג אָפיציערען
און סאָלדאַטען זייערע קוואַרטירען. עס זענען געשטאַנען גרינע
קעסטלעך, אויסגעשטעלט, ווי אין פראָנט; אַריטעל — װעגען
און פערד; דאָ זענען אויך שוין געשטאַנען די קעסלעך אויף
קאַשע קאָכען. עס איז שוין געווען דער קאַפּיטאַן, דער פאָרו־
טשיק און דער פעלד־פעבעל אָניסים מיהאַילאָוויץ. און אַלץ איז
דאָס געווען אין דער סטאַניצע, וואו, לויט מען זאָגט, איז
בעפוילען געוואָרען צו שטעהען; הייסט עס, אַז די ראָטעס
זענען געקומען אין דער היים. צו וואָס זאָל מען דאָ שטעהען?
ווער זענען דאָס די קאָזאַקען? זענען זיי צופריעדען, אַז מען
וועט ביי זיי שטעהען? צו זענען זיי סעקטאַנטען, אָדער נישט?
קיינעם אַרט דאָס נישט. פאַרטיגע פונ'ם צורעכענען זיך, פער־
מאַטערטע און פערשטויבטע, צושיטען זיך די סאָלדאַטען איבער
די פּלעצער און גאַסען, ווי אַ מחנה ביהנען; זאַלבענאַנד. אָדער
זאַלבעדריט, מיט אַ פרעהליך פּלאַפּלעריי און קלינגענדיג מיט די
כלי זין, נישט בעמערקענדיג אַפילו די אונצופריעדענהייט פון
די קאָזאַקען, געהען זיי אַריין אין די שטיבער, הענגען אויס
זייער אַמוניציע, נעהמען פאַנאַנדער די זעקלעך און חוזק'ן מיט
די ווייבער. צום געליעבטעסטען אָרט פון סאָלדאַטען, צו דעם
אָרט, וואו מען קאָכט קאַשע, קלייבט זיך צוזאַמען אַ גרויסע
גרופּע, און מיט ליולקעס אין די ציינער, קוקענדיג אַמאָל אויפ'ן
רויך, וואָס הויבט זיך אויף, קוים צו זעהען, צום הייסען הימעל
און וואָס ווערדט געדיכטער אין דער הויך, ווי אַ ווייסער וואָל־
קען, אַ מאָל אויפ'ן פייער פון שייטערהויפען, וואָס ציטערט
אויף דער ריינע לופט ווי צושמאָלצען גלאָז, — זיצען זיך די

סאָלדאַטלעך און ווילצלען זיך און לאַבען אָב פון די קאָזאַקען און קאָזאַצקעס דערפאַר, פאַר וואָס זיי זענען זיך נוהג גאָר אַנדערש, ווי די רוסישע מענשען. אויף אַלע הויפען זעהען זיך סאָלדאַטען, מען הערט זייער געלעכטער, מען הערט די פער־עקשנ'טע קוויטשערייען פון די קאָזאַצקעס, וואָס פערטהיידיגען זייערע הייזער, און גיעבען נישט קיין געפעס און קיין וואַסער. יונגלעך און מיידלעך, זיך צונירענדיג צו די מאַמעס אָדער איינס צום אַנדערען, קוקען מיט אַ אָנגעשראָקענער פערוואונ־דערונג אויף אַלע בעוועגונגען פון די סאָלדאַטען, וואָס זיי האָבען נאָך קיינמאָל נישט געזעהען, און לויפען זיי נאָך פון דער ווייטען. אַלטע קאָזאַקען געהען אַרויס פון די שטיבער, זעצען זיך אויף די שוועלען און קוקען שווייגענדיג און מיט פינסטערע פנים'ער, ווי די סאָלדאַטען פאָרקענען זיך, אַקוראַט ווי זיי האָבען שוין אויף אַלץ אַ מאַך געטהאָן מיט דער האַנד און הויבען נישט אָן צו פערשטעהען, וואָס קאָן דערפון אַרויס גוטס.

אָלענינען, וואָס איז שוין דריי מאָנאַט פערעכענט פאַר אַ יונקער אין קאַווקאַזער פאָלק, האָט מען געגעבען אַ קוואַרטיר אין איינעם פון די בעסטע הייזער פון דער סטאַניצע, ביים חאָרונזשע איליאַ וואַסיליעוויץ, דאָס הייסט, ביי דער באָבען אוליטע.

— וואָס וועט דאָ זיין מיט אונז, דימיטרי אַנדרעיעוויץ? — האָט געזאָגט דער פערסאָפּעטער וואַניושע אָלענינען, וועלכער איז פרעהליך אַריינגעריטען אין הויף פון דער קוואַרטיר אויף דעם געקויפטען קאַבאַרדינעץ (אַזאַ קאַווקאַזער פערד) און אין אַ טשערקעסקע, נאָך אַ פינף שעה'דיגען איבערגאַנג.

— וואָס איז, איוואַן,? האָט ער געפרעגט, מונטערנדיג זיין פערד און פרעהליך קוקענדיג אויף דעם פערשוויצטען וואַניושע מיט צופודעלטע האָר און אַנ'אויפגערעגטען פנים, וועלכער איז געקומען מיט די פוהרען און פאַנאַנדערגענומען די זאַכען.

נאָך'ן אויסערען אויסזעהען, האָט אָלענין גאָר בעקומען אַנ'אנדער פנים. אַנשטאָט די געגאָלטע באַקען, האָט ער איצט געהאַט יונגע וואָנסען און אַ בערדעל, אַנשטאָט דעם געלען

קרענקליכען פּנים, צוליעב דאָס ״שטענדיגע נאַכט־לעבען, — איז איצט געלעגען אויף די באַקען, אויף שטערן, הינטער די אייערען די געזינדע רויטע פערברענטקייט פון דער זון. אַנשטאָט דעם ריינעם, נייעם שוואַרצען פראַק האָט ער געטראָגען אַ ווייסע שמוציגע טשערקעסקע מיט ברייטע פאַלבען און כלי זין. אַנשטאָט די פריש־געקראָכמאַלטע קראַגעלעך — אַרויטען קראַגען פון קאַנאַאוכענעם בעשמעט, וועלכער האָט צונייפגעצייגען דעם אָבגעבריענטען קאַרק. ער איז געווען געקליידעט ווי אַ טשער־קעס, נאָר שלעכט; איטליכער וואָלט באַלד דערקענט אין איהם דעם רוסישען, און נישט דעם דזשיגוט. דוכט זיך אַלץ אויף אַנ׳אָרט, אָבער פּאָרט נישט דאָס. און נישט קוקענדיג אויף אַלץ האָט זיין פּנים געשיינט פון געזונדקייט, פרעהליכקייט און אַ זעלבסט־צופרידענקייט.

— איהר לאַכט אַלץ, — האָט געזאָגט וואַניושע, — אָבער פּרוביער נאָר אַליין צו האָבען צו טהאָן מיט זיי: מען לאָזט דיך נישט קיין פרייען טריט — און פאַרטיג. חאָטש אַ וואָרט ענט־פערען, — דאָס אויך נישט. — וואַניושע האָט מיט כעס אַ שמיידער געטהון אַנ׳אייזערנעם עמער אויפ׳ן שוועל. — עפּעס גאָרנישט קיין רוסישע מענשען.

— אפשר וואָלסט דו זיך געווענדעט צום קאָמאַנדיר פון סטאַניצע?

— יאָ, איך ווייס נישט אפילו, וואו ער וואוהנט, — האָט בעלײדיגט געענפערט וואַניושע.

— ווער טשעפּעט דיך?, — האָט געפרעגט אָלענין, זיך אַרומקוקענדיג אויף אַלע זייטען.

— ווייס זיי דער רוח! טפו! דער אמת׳ער בעל הבית איז נישטאָ, אַוועקגעגאַנגען עפּעס אויף אַ קריגע, (אין קאַוקאַז רופט מען אָן דעם אָרט ביי׳ן ברעג, וואָס איז אָבגעצייכנט מיט אַ ריטלעך־צוים אויף צו פאַנגען פיש — קריגע), זאָגט מען. און די אַלטע איז אַזאַ שד, זאָל זיך גאָט דערבאַרעמען!, — האָט געענפערט וואַניושע זיך אָנחאַפּענדיג פאַר׳ן קאָפּ, — וואָס וועט דאָ זיין מיט אונז, הויב איך שוין נישט אָן צו פערשטעהען.

ערגער פאַר די טאַטערס, ביי גאָט, אומזיסט רעכענען זיי זיך פאַר קריסטען. וואָס דאַרף מען ערגער פאַר אַ טאַטער, און דער איז אויך איידע־ער. „איף די קריגע אַוועק", וואָס פאַר אַ קריגע, פרעגט מיך בחרם! האָט געענדיגט וואַניושע און האָט זיך אָבגעקעהרט.

— וואָס? נישט אַזוי, ווי ביי אונז אויף'ן הויף? — האָט געזאָגט אָ־לענין מיט אַ חוזק'ל, נישט אַראָקריעכענדיג פון פערד.

— גיעט נאָר, זייט אַזוי גוט, דעם פערד האָט געזאָגט וואַניושע, שטאַרק צוטראָגען פון די נייע אָרדנונגען, נאָר זיך נאָכגעבענדיג צו דעם שיקזאַל.

— איז ער אָט דער איידעלער האַ וואַניושע? — האָט ווייטער געפרעגט אָלענין אָבקריעכענדיג פון פערד און פאַטשענדיג איבער'ן זאָטעל.

— יאָ, לאַכט זיך! אַייך איז דאָס אַ געלעכטער! — האָט זיך אויסגעריזערט דאָס הארץ וואַניושע מיט אַ בייזער שטים.

— שטעה נור, בייזער זיך נישט איוואַן, — האָט געענפערט אָלענין, אַלץ שמייכעלדיג ווייטער, — לאָז נאָר, וועל איך געהען צו די בעל־הבתים. און איך וועל אַלץ ברענגען אין אָרדנונג. ווערסט זעהען ווי וואויהל מיר וועלען נאָך דאָ אַ לעב טהון! דו, רעג זיך נאָר נישט אויף.

וואַניושע האָט גאָר נישט געענפערט, נאָר צוזאַמענציע־הענדיג די ווימפערען האָט ער איראָניש אַ קוק געטהאָן אויף'ן האַר זיינעם און צ'געשאָקעלט מיט'ן קאָפ. וואַניושע האָט געקוקט אויף אָלענינען נאָר ווי אויף אַ האַרען. אָלענין האָט געקוקט אויף וואַניושען נאָר ווי אויף אַ דיענער. און ביידע וואָלטען זיך שטאַרק פערוואונדערט, ווען מען וואָלט זיי געזאָגט, אַז זיי זענען זיך גוטע פריינד. און זיי זענען זיך געוועזען גיטע פריינד, אליין נישט וויסענדיג דערפון, וואַניושען האָט מען צוגענומען אין הויז, ווען ער איז אַלט געוועזען עלף יאָהר בשעת אָלענין איז אויך אַזוי אַלט געוועזען. בשעת אָלענין איז אַלט געוואָרען פופצעהן יאָהר, האָט ער איינינע צייט זיך בעשעפטיגט דערמיט, וואָס ער האָט געלערנט מיט וואַניושע און ער האָט איהם אויסגעלערנט לייענען

פראַנצויזיש, מיט וואָס וואַניושע האָט גרייליך שטאָלצירט. אויך איצט ווען וואַניושען איז געווען גוט אויפ'ן האַרצען, פלעגט ער אַרויס-שיסען מיט פראַנצויזישע ווערטער און אַלעמאָל דערביי נאַריש לאַכען.

אָלענין איז האַסטיג אַרויף אויפ'ן טרעפּעל פון שטוב און אַ שטוים געגעבען די טהיר אין פאָרהויז.

מאַריאַנקאַ אין ראָזעווען העמד, ווי עס געהען געוואוהנ-טלעך אין דער היים די קאָזאַצקעס, איז אַ דערשראָקענע אָבגע-שפּרונגען פון טהיר און צודריקענדיג זיך צו דער וואַנד, האָט זיך פערדעקט דעם אינטערען טייל פון געזיכט מיט דעם ברייטען אַרבעל פון דעם טאָטערישען העמד. עפענענדיג ווייטער די טהיר, האָט אָלענין אין דער טונקעלקייט דערזעהען די גאַנצע הייכע און שלאַנקע פיגור פון דער יונגער קאָזאַצקע. מיט אַ האַסטיגען הונגע-רינען נייגיער פון אַ יונגענד האָט ער נישט ווייענדיג בעמערקט די שטאַרקע און מיידעלשע פאָרמען, וואָס האָבען זיך אָבגע-צייכענט אונטער דער דינעם קאַטונענעם העמד, און פראַכטיגע שוואַרצע אייגען, וואָס זענען געריכט אויף איהם מיט אַ קינדישען שרעק און אַ ווילדען נייגיער. „אָט דאָס איז זי!" — האָט אַ טראַכט געטהון אָלענין, — „און עס ווער'ען נאָך אַ סך אַזוינע זיין" איז איהם באַלד דערויף אַריין אין מח, און ער האָט געעפענט די אַנדערע טהיר פון שטוב. די אַלטע באָבע אוליטקע, אויך אין איין העמד, אַנ'איינגעבויגענע מיט'ן הינטען צו איהם, האָט נעקעהרט די פּאָדלאָגע.

— גוט מאָרגען, מאַמענקע! איך בין געקומען אָט מכח דער קוואַרטיר... האָט ער אָנגעהויבען.

די קאָזאַצקע, זיך נישט אויסגלייכענדיג, האָט צוגעקעהרט צו איהם אַ שטרענג, נאָר נאָך אַ שען געזיכט.

— וואָס ביסטו געקומען? חוזק'ן ווילסטו? האַ? איך וועל דיר שוין געבען חוזק'ן! אַ שוואַרצע חוראַת אויף דיר! — האָט זי זיך צושריען, קוקענדיג פון דער זייט אויף דעם אָנגעקומענעם פון אונטער די פערבייזטע ברעמען.

אָלענין האָט אַנפאַנגס געמיינט, אַז דאָס פערמאַטערטע, העלדישע קאַווקאַזער חיל, צו וועלכען ער האָט זיך צוגערעכענט,

וועט אומעטום ווערען אויפגענומען מיט פרייד, בעזונדערס פון די קאָזאַקען, פון די אייגענע קריעגס-קאַמעראַדען, און דעריבער האָט איהם אַזאַ קבלת פנים שטאַרק פערוואונדערט. זיך אָבער נישט פערליערענדיג, האָט ער געוועלט דערקלערען, אַז ער איז גרייט צו צאָהלען פאַר די קוואַרטיר, נאָר די אַלטע האָט איהם נישט געלאָזט אויסרעדען.

— וואָס ביסטו געקומען? וואָס פאַר אַ קרענק דאַרפסטו? דו מאַרדע אָבגעקראַצטע! וואַרט נאָר אַ ווייל, עס וועט קומען דער בעל־הבית, וועט ער דיר שוין ווייזען דעם אָרט. איך דאַרף נישט דיינע טרפה'נע געלד. ס'אַ קליינינקייט! האָסטו געזעהען! מיט טאַבאַק וועט ער דאָס הויז פער'חזיר'ען, און געלד וועט ער דערפאַר בעצאָהלען. געזעהען אַזאַ שענע חולאת! זאָל דיר דאָס האַרץ אין בויך צושאָסען ווערען! — האָט זי קווייטשענדיג געשריען, איבערהאַקענדיג אָלענינען.

„ווי עס שיינט איז וואַניושע גערעכט", האָט אַ קלער געטהון אָלענין: „דער טאָטער איז איידעלער", און, בעלייט פון דער באָבעס זלזולים, איז ער אַרוים פון שטוב. אין דער צייט ווען ער איז אַרוים, איז מאַריאַנאַ, ווי זי איז געווען אין איין העמד, נאָר שוין 'פערבונדען ביז די אויגען מיט אַ ווייסען טיכעל, פער־ביי געלויפען פאַר איהם אין פאָרהויז; האַסטיג קלאַפּענדיג אויף די טרעפליך מיט די באָרוועסע פיס, איז זי אַראָבגעלויפען פון נאַניקעל מיט גיבע לאַבענדיגע אויגען קוקענדיג אויף'ן יונגען מאַן און איז פערשוואונדען הינטער'ן ווינקעל פון שטוב.

דער פעסטער, יונגער גאַנג, דער ווילדער בליק פון די גלאַנציגע אויגען פון אונטער דעם ווייסען טיכעל און די שלאַנק־קייט פון דער שטאַרקער פיגור ביי דער שענהייט האָבען נאָך מעהר פערוואונדערט איצט אָלענינען. „מן הסתם טאַקע זי", האָט ער אַ קלער געטהון. און נאָך וועניגער טראַכטענדיג וועגען דער קוואַרטיר און זיך אַלץ אַרומקוקענדיג אויף מאַריאַנקען, איז ער צוגעגאַנגען צו וואַניושען.

— זעה נור, דאָס מיידעל איז אויך אַזאַ ווילדע! — האָט געזאָגט וואַניושע, זיך פאָרקענדיג נאָך אַלץ ביי'ם וואָגען, נאָר

שוין אַ ביסעל אַ פּרעהליכער, — עפּעס ווי אַ קיאַטשקעלע אין טאַבון. לאַפּאַס, — האָט ער פּערענדיגט מיט אַ הויכער יום־טוב'דיגער שטימע און האָט זיך פּאַנאַנדערגעלאַכט.

# XI.

פאַר נאַכט איז דער בעל־הבית געקומען פון פּיש־פאַנג און, דערוויסענדיג זיך, אַז מען וועט איהם צאָהלען פאַר די דירה, האָט ער בערוהיגט זיין ווייב און בעפריעדיגט וואַניושעס פאָדערונגען.

אויף דער נייער קוואַרטיר האָט זיך באַלד אַלץ איינגע־אָרדנעט. די ווירטהען זענען אַריבער אין די וואַרעמע שטוב און דעם יונקער האָבען זיי פאַר דריי מאָנעטען אַ מאָנאַט אַוועקגעגעבען די קאַלטע. אָלענין האָט אָבגעגעסען און איז איינגעשלאָפען. אויפחאַפּענדיג זיך שפּעט פאַרנאַכט, האָט ער זיך אָבגעוואַשען, אָבגעבאַרשט, אָבגעגעסען מיטאָג און, פּע־רויכענדיג אַ פּאַפּיראָס האָט ער זיך געזעצט ביי'ם פענסטער, וואָס געהט אַרויס אויף'ן גאַס. די היץ איז אַראָב. דער דיאַגאָ־נאַלער שאָטען פון שטוב מיט אַנ'אויסגעשניצטען קניאַזאָק האָט זיך געלעגט איבער די שטויביגע גאַס, פערבויגענדיג זיך אויף אונטען פון אַ צווייטען הויז. דער וואַסער־ריטלעך־דאַך, וואָס געהט שטאַרק באַרג־אַראָב פון אַנקעגענדיגען הויז האָט געגלאַנצט אין די שטראַהלען פון דעם זונענאונטערגאַנג. די לופט איז געוואָרען פרישער. אין דער סטאַניצע איז געווען שטיל. די סאָלדאַטען האָבען זיך שוין איינגעקוואַרטירט און זענען איינגע־שטילט געוואָרען, די בהמות האָט מען נאָך נישט געבראַכט פון די לאָנקעס, און דער עולם האָט זיך נאָך נישט אומגעקעהרט פון דער אַרבייט.

אָלענין'ס קוואַרטיר איז געווען כמעט ביי'ן עק סטאַניצע. זעלטענווייז, ערגעץ וואו ווייט הינטער'ן טערעק, אין די ערטער פון וואַנעט עס איז געקומען אָלענין האָבען זיך געטראָגען דומפּע שאַסען, — צי אין דער טשעטשניע אָדער אין דעם קומיצקען

טאָל. אָלענין האָט זיך זעהר גוט געפיהלט נאָך אַ דריי מאָנאַ־טיגען לעבען אין די ביוואַקעס. אויף דעם אָבגעוואַשענעם געזיכט האָט ער געפיהלט אַ פרישקייט, אויף דעם שטאַרקען קערפּער — אַ נישט געוועהנטליכע ציכטיגקייט נאָך אַ מאַנעוור. אין אַלע אָבגע־ריהטע גליעדער — רוהיגקייט און קראַפט. די נשמה איז ביי איהם אויך געווען פריש און קלאָר. ער האָט זיך דערמאַהנט אָן מאַנעוור, אָן די געוועזענע געפאַהרען. ער האָט זיך דערמאַהנט, אַז אין אַ סכנה האָט ער זיך געהאַלטען גוט, אַז אין דער געזעל־שאַפט פון די העלדישע קאַווקאַזער איז ער אַזאַ קאַמעראַד, נישט ערגער פאַר אַנדערע. די מאָסקאָווער ערינערונגען זענען שוין געווען, גאָט ווייס, ווי ווייט. דאָס אַלטע לעבען איז שוין געווען אויסגעמעקט, און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ נייעס, גאָר אַ נייעס, וואו עס איז נאָך נישטאָ קיין פעהלערען. ער קען דאָ, ווי אַ נייער מענש אונטער נייע מענשען זיך דערדיענען צו אַ נייער גוטער מיינונג וועגען זיך. ער האָט געשפּירט אַ יונג געפיהל פון לעבענס־פרעהליכקייט, אָהן אַ שום אורזאַכע, און, בעטראַכטענדיג דורך'ן פענסטער אַ מאָל די יונגלעך, וואָס קייקלען קלעצלעך אין שאָטען פון שטוב, אַמאָל זיין נייע אויפגערוימטע קוואַרטיר, האָט ער געקלערט, ווי אָנגענעהם ער וועט זיך איינאָרדנען אין דעם סטאַניטשנען לעבען, וואָס איז פאַר איהם אַזוי ניי. ער האָט נאָך געקוקט אויף די בערג און דעם הימעל, און צו אַלע זיינע ערינערונגען און חלומות האָט זיך צוגעמישט אַ שטרענג געפיהל פון דער ערהאַבענער נאַטור. זיין לעבען האָט זיך אָנגעהויבען נישט אַזוי, ווי ער האָט געקלערט אַוועק פאָהרענדיג פון מאָסקווע, אָבער אונערוואַרטעט גוט. בערג, בערג, בערג האָט זיך געפיהלט אין אַלץ, וואָס ער האָט געטראַכט און געפיהלט.

— אַ שפּענדעל געקושט! אַ טאָפּ אָבגעלעקט! פּעטער יעראָשקע האָט אַ שפּענדעל געקושט! — האָבען פּלוצים אָנגע־הויבען שרייען די קאָזאַקלעך, וואָס האָבען געקייקעלט קלעצלעך צום געסעל צו. — אַ שפּענדעל געקושט! דעם דאָלכמעסער פער'שכור'ט! — האָבען געשריען די יונגלעך, זיך שטופּענדיג און אָבטרעטענדיג.

די קולות האָבען געהאַט אַ שיכות צו פּעטער יעראָשקע, וואָס האָט מיט אַ ביקס הינטער'ן פּלייצע און מיט פאַזאָנען אין גאַרטעל זיך אומגעקעהרט פון יאַגד.

מיין חטא קינדער! מיין חטא! האָט ער פרעהליך אויסגע־רעדט, מאַכענדיג מיט די הענד און אַריינקוקענדיג אין די פענסטער פון די שטיבער אויף ביידע זייטען גאַס. — אַ שפענדעל, פער'שכור'ט, — האָט ער וויעדערהאָלט, וויענדיג, ווי עס שיינט, בייז, נאָר זיך מאַכענדיג, אז איהם אַרט דאָס נישט.

אָלענינען האָט פערוואונדערט די פיהרונג פון די יונגלעך מיט אַנ'אַלטען יעגער, און נאָך מעהר פערוואונדערט דאָס אויסדרוקספולע, קלוגע געזיכט און דער שטאַרקער געביי פון מענשען, וואָס מען רופט פּעטער יעראָשקע.

— זיידע! קאָזאַק! קום נאָר אַ הער, — האָט ער זיך געווענדט צו איהם.

דער אַלטער האָט אַ קוק געטהון אויף'ן פענסטער און האָט זיך אָבגעשטעלט.

— גוטען אָוונד, גוטער מענש, — האָט ער געזאָגט אויפהויבענדיג פון דעם קורץ געשוירענעם קאָפּ זיין היטעלע.

— גוטען אָוונד, גוטער מענש, — האָט געענפערט אָלענין, — וואָס שרייען דיר דאָס די יונגלעך?

פּעטער יעראָשקע איז צו צום פענסטער: — רייצען זיך מיט מיר, דעם אַלטען. עס מאַכט נישט אויס. איך האָב דאָס האָלד. זאָלען זיי הנאה האָבען פון פעטער, — האָט ער געזאָגט מיט די פעסטע זינגענדיגע אינטאָנאַציעס, ווי עס רעדען אַלטע, בכבודיגע לייט.

— דו ביסט דער קאָמאַנדיר פון די אינפאַטעריסטען? האָט ער געפרעגט.

— ניין, איך בין אַ יונקער, וואו האָסטו דאָס געשאָסען די פאַזאָנען? — האָט געפרעגט אָלענין.

— אין וואַלד האָב איך דריי העהנדלעך געקוילעט, — האָט געענפערט דער אַלטער, אומקעהרענדיג צום פענסטער זיין ברייטען רוקען, אַ וואו, אַריינגעשטעקטע מיט די קעפלעך

הינטערן גאַרטעל זענען געהאָנגען דריי פּאַזאָנען, בעפלעקענדיג מיט בלוט די טשערקעסקע. — צו זעהסטו דאָס צום ערשטען מאָל?, — האָט ער געפרעגט, — אויב דו ווילכט נעהם זיך צו אַ פּאָרעל. נאַ! — און ער האָט דערלאַנגט דורך'ן פענסטער צוויי פּאַזאָנען. — וואָס, דו ביסט אַ יעגער? — האָט ער געפרעגט.

— אַ יעגער. אויף'ן מאַרש, האָב איך אַליין דערשאָסען פיער שטיק.

— פיער? אַ סך! — ראָט אירא־ניש געזאָגט דער אַלטער, — און אַ שכור ביסטו? טרינקסט טשיחיר?

— פאַרוואָס נישט, איך האָב אויך ליעב אַ טרונק.

— ע, איך זעה אַז דו ביסט אַ יונג מיט ביינער! מיר וועלען מיט דיר ווערען קונאַקעס (גוטע פריינד). — האָט געזאָגט פעטער יעראָשקע.

— קום אַריין, — האָט געזאָגט אָלענין — אָט וועלען מיר אויך טרינקען טשיחיר.

— מען קען אַריין, — האָט געזאָגט דער אַלטער, — נעהם נאָר די פּאַזאָנען צו.

נאָך פּנים פון אַלטען האָט מען געזעהען, אַז דער יונקער איז איהם געפעלען. און ער האָט באַלד פערשטאַנען, אַז ביים יונקער קען מען חאַפּען אַנ'אומזיסטען טרונק, און דערום קען מען איהם שענקען אַ פּאָר פּאַזאָנען.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט זיך בעוויעזען אין טהיר פון שטוב די פיגור פון פעטער יעראָשקע. נאָר איצט האָט אָלענין בעמערקט די גאַנצע גרויסקייט און די קראַפט פון דין געביי, נישט קוקענדיג דערויף, אַז די רויט־ברוינע צורה זיינע מיט דעם ברייטען באָרד איז געווען אין גאַנצען צוגראָבען פון אַלטע שטאַרקע האָראָוואַניע־קנייטשען. די מוסקעלען פון די פיס, די הענד און די פּלייצעס זענען געווען אַזוי פול און ווי פעסעלעך ויי מען זעהט דאָס נאָר ביי אַ יונגען מענשען. אויף'ן קאָפּ אינטער די קירצע האָר האָבען זיך אַרויסגעזעהען טיעפע פ..רדיי..טע פאַסען. דער דיקער אָדערדיגער האַלז איז געווען

בערעקט, ווי ביי אַן'אָקסען מיט געקעסטעלטע פּאַלבען. די גע־פּאָקטע הענד זענען געוועזן אויסגעקרימט און צוקראַצט. ער איז לייכט און פלינק אַריבער איבער'ן שוועל, זיך בעפריים פון ביקס, אַוועקגעשטעלט אין ווינקעל, מיט אַ האַסטיגען בליק האָט ער בעקוקט און אָבגעשאַצט די צוזאַגנטע חפצים אין שטוב און מיט אויסגעקערעהרטע נישט קלאָפּענדיגע פיס אין פּאַרשנעס, איז ער אַריין אין מיטען שטוב. אין איינעם מיט איהם איז אַריין אין צימער אַ שטאַרקער, נאָר אַנ'אונגעגעדמער גערוך פון טשיחיר, בראָנפען, פולווער און פערטריקענט בלוט.

פעטער יעראָשקע האָט זיך פערבוקט פאַר די היילינע בילדער, צורעכט געמאַכט דעם באָרד, און צוגעהענדיג צו אָלענינען האָט ער איהם דערלאַנגט אַ דיקע שוואַרצע האַנד.

— קאָשקילדי! — האָט ער געזאָגט, — דאָס הייסט אויף טאָטעריש, אַ גוטען טאָג, שלום עליכם, אויף זייער לשון.

— קאָשקילדי! איך ווייס, — האָט געענטפערט אָלענין, געבענדיג איהם די האַנד.

— ע, דו ווייסט גאָר נישט, ווייסט גאָר נישט דעם מנהג! שוטה!, — האָט געענטפערט פעטער יעראָשקע, שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ, ווי מיט פאָרוואורף. — אַז מען זאָגט דיר קאָשקילדי, טהו זאָג: אַלאַ ראַזי באָ סון, דאָס הייסט, גאָט העלף. אָט אַזוי, מיין פאָטער, ענפער, נישט קאָשקילדי. איך וועל דיר אַלץ אויסלערנען. אַמאָל געווען דאָ איליאַ מאָסעאיץ, אייערער אַ רוס, זענען מיר געווען מיט איהם קונאַקעס. געוועזן אַ יונג מיט ביינער. אַ שכור, אַ גנב, אַ יעגער, און וואָס נאָך פאַר אַ יעגער! איך האָב איהם אַלץ אויסגעלערנט.

— און וואָס וועסטו מיך אויסלערנען? — האָט געפרעגט אָלענין, זיך אַלץ מעהר און מעהר פעראינטערעסירענדיג מיט'ן אַלטען.

— איך וועל דיך פיהרען אויף געיעג, איך וועל דיך אויסלערנען פיש חאַפּען, איך וועל דיר ווייזען טשעטשענצעס, ווילסטו אַ ליובע, וועל איך דיר אויך שאַפען. אָט וואָס פאַר מענש איך בין!.. איך בין אַ פרעהליכער ברודער! — און דער

אלטער האָט זיך פערנאַנדערגעלאַכט. — איך וועל זיך צוזעטצען, פאָטער מיינער: איך בין מיד. קאַרגאַ? — האָט ער צוגעלעגט מיט אַ פרעגענדיגען קול.

וואָס איז דאָס אַזוינס קאַרגאַ — האָט געפרעגט אָלענין; דאָס איז טייטש אויף גרוזיניש: גוט. און איך רעד אַזוי, מיין ווערטעל, מיין געליעבט וואָרט איז: קאַרגאַ. אַז איך זאָג קאַרגאַ, הייסט עס אַז איך מאַך ד״ג״ק. הייכט דאָך, פאָטער מיינער, ברענגען טשיחיר. צו האָסטו אַ סאָ־דאַט אַ בעגלייטער ביי זיך? איז דאָ? איוואַן! — האָט אַ געשריי געטהון דער אַלטער. — ביי אייך איז דאָך איטליכער סאָלדאַט, אַנ׳איוואַן. דיינער הייסט אויך — איוואַן?

— אויך איוואַן. וואַניושע נעהם ביי׳ם ווירט טשיחיר און ברענג אַהער.

— אַלץ איינס, צו איוואַן ׳ וואַניושע. פאַרוואָס הייסען ביי אייך אַלע סאָלדאַטען איוואַן? איוואַן! — האָט ווידערהאָלט דער אַלטער — דו בעט, פאָטערעל, פון אָנגעהויבען פעסעל. זיי האָבען דעם בעסטען טשיחיר אין סטאַניצע. און מעהר פאַר דרייסיג קאָפּעקעס אַנ׳אכטעל, זעה, גיעב נישט, אַז נישט וועט די מכשפה... דער עולם אונזערער איז אַ טייוועלשער, אַ נאַרישער עולם, — האָט ווייטער גערעדט פעטער יעראָשקע מיט אַ פערטרוילכען טאָן, ווען עס איז אַרוים וואַניושע. — זיי האַלטען אייך נאָר נישט פאַר מענשען. דו ביסט פאַר זיי ערגער פאַר אַ טאָטער. די רוסישע זענען, הייסט עס, וועלטיגע, און מיין מיינונג איז, זיי האָטש אַ סאָלדאַט, פאָרט אַ מענש, האָט אויך אַ נשמה אין זיך. האָב איך ריכטיג גערעדט? איליאַ מאָסעאיטש איז געוועזען אַ סאָלדאַט, און וואָס פאַר אַ גאָלדענער מענש איז דאָס געוועזען! אמת, פאָטער מיין? דערפאַר האָבען מיך טאַקע אונזערע נישט ליעב. און מיר איז אַלץ איינס. איך בין אַ פרעהליכער מענש, איך האָב אַלעמען ליעב, איך בין יעראָשקע, אָט אַזוי איז דאָס, פאָטער מיינער.

און דער אַלטער האָט פריינדליך אַ קלעפּעל געטהון איבער׳ן פּלייצע דעם יונגען מאַן.

## XII.

וואַניושע, וואָס האָט שוין אויספּעיעט דערוויילע פּאַרטיג צו ווערען מיט זיין בעל־הבית׳ישקייט, וואָס האָט זיך שוין אַפילו אָבגעגאָלט ביים ראָטנעם צירולניק און וואָס האָט שוין אַרויסגע־לאָזען די הויזען איבער די שטיוועל, — אַ סימן, אַז די ראָטע פערנעהמט נערוימיגע קוואַרטירען, — האָט זיך געפיהלט אין בעסטען מוט. ער האָט אויפמערקזאַם און נישט גינציג אַ קוק געטהון אויף יעראָשקען, ווי אויף אַ ווילדע זעלטענע חיה, אַ שאָקעל געגעבען מיט קאָפּ, קוקענדיג אויף די פערפּאַטשקעטע פּאָדלאָגע און, נעהמענדיג פון אונטער דער באַנק צוויי לעדיגע פלעשער, איז ער אַוועק צום ווירט.

— גוטען אָווענד אייך, ליעבינקע, — האָט ער געזאָגט, מאַכענדיג ביי זיך אַ הסכם צו זיין בעזונדערס זאַנפט.

— דער האַר האָט געהייסען קויפען טשיהיר. גיעסט אָן, מיינע וואוהלינקע.

די אַלטע האָט גאָר נישט געענפערט. דאָס מיידעל, שטע־הענדיג פאַר אַ קליינעם טאָטערשען שפּיגעלע, האָט זיך פערפּוצט דעם קאָפּ מיט אַ טיכעל; זי האָט שטום אַ קוק געגעבען אויף וואַניושען.

— איך וועל בעצאָהלען, מיינע אָנגעזעהענע, — האָט גע־זאָגט וואַניושע, קלינגענדיג אין קעשענע מיט דעם קופּער־געלד. — איהר וועט זיין גוטע, און מיר וועט זיין גוט, אַזוי איז אַ סך גלייכער, — האָט ער צוגעלעגט.

— אַ סך? — האָט אָבגעריסען געפרעגט די אַלטע.

— אַנ׳אַכטעל.

— געה, מיין אייגענס, און גיעס אָן, — האָט געזאָגט די באָבע אוליטאַ, זיך ווענדענדיג צו דער טאָכטער, — פון אָנגעהייבענעם גיעס אַיין, מיין טייערע.

דאָס מיידעל האָט גענומען די שליסעלע און אַ גראַפין און איז אַרויס פון שטוב צוזאַמען מיט וואַניושען.

— זאָג נאָר, ווער איז דאָס פּרויענצימער? — האָט

געפרעגט אָלענין, ווייזענדיג אויף מאַריאַנען, וועלכע איז אין דער זעלבער צייט פערבייַ פאַר'ן פענסטער.

דער אַלטער האָט אַ פינטעל געטהון מיט די אויגען און בעגעבען מיט'ן אוילענבויגען אַ קלאַפּ דעם יונגען מאַן.

— וואַרט, — האָט ער געזאָגט און האָט זיך אַרויסגע־שטעקט פון פענסטער, — קחם, קחם, — האָט ער זיך צוהוסט און זיך צובלעקעט, — מאַריאַנושקאַ! אַ אַמעלע מאַריאַנקאַ! האָב מיך ליעב, דושענקאַ. איך בין אַ חוזק־מאַכער, — האָט ער שטיל געזאָגט, זיך ווענדענדיג צו אָלעניגען.

דאָס מיידעל, נישט אָבקעהרענדיג דעם קאָפּ, מאַכענדיג קרעפטיג און גלייכמעסיג מיט די הענד, איז פערבייַ פאַר'ן פענ־סטער מיט דעם בעזונדערען פראַנטעוואַטען, חוואַטסקען גאַנג, מיט וועלכען עס געהען די קאָזאַצקעס. זי האָט נאָר לאַנגזאַם אַ פאָהר געטהון אויף'ן אַלטען מיט איהרע שוואַרצע שאָטענדיגע אויגען.

— האָב מיך ליעב, וועסט זיין אַ גליקליכע! — האָט געשריען יעראָשקע און, צופינטעלענדיג, האָט ער מיט אַ פרעג אַ קוק געטהון אויף'ן יונקער. — איך בין אַ יונג מיט ביינער, איך בין אַ חוזק־מאַכער, — האָט ער צוגעלעגט. — אַ מיידעל אַ מלכה! האַ?

— אַ פאַרשוין, רוף איהר צו אַהער, — האָט גע־זאָגט אָלענין.

— ניין, ניין? — האָט אַרויסגערעדט דער אַלטער. — די שדכנ'ט מען מיט לוקאַשקען. לוקאַ — איז אַ קאָזאַק אַ חוואַט, אַ דזשיגוט, נישט לאַנג האָט ער צוגע'הרג'ט אַנ'אַברעקען. איך וועל דיר אָבעסערע בעקומען. כ'וועל דיר אַזאַ בעקומען וואָס וועט אין גאַנצען זיין אָנגעטהון אין זיידענס און זילבער. געזאָגט — וועט שוין זיין; כ'וועל קריגען אַ פאַרשוין.

— אַנ'אַלטער, און וועגען וואָס ער רעדט! — האָט גע־זאָגט אָלענין, — ס'איז דאָך אַ זינד.

— אַ זינד? וואו אַ זינד? — האָט ענשלאָסען געענפערט דער אַלטער. — קוקען אויף אַ שענע מיידעל איז אַ זינד? הולען

מיט איהר איז אַ זינד ? אָדער ליעב האָבען זי איז אַ זינד ? דאָס איז ביי אַייך אַזוי. ניין, פאָטער מיינער, דאָס איז נישט קיין זינד, נאָר אַ רעטונג. גאָט האָט דיך בעשאַפען, גאָט האָט אַ מיידעל בעשאַפען. אַלץ, פאָטערעל, האָט ער בעשאַפען . . . איז אויף אַ וואוהלע מיידעל צוקוקען נישט קיין זינד. אויף דעם האָט מען זי בעשאַפען, מען זאָל זי ליעב האָבען און זיך פרעהען מיט איהר. אָט אַזוי אורטייל איך, גוטער מענש.

דורכגעהענדיג דעם הויף און אַריינגעהענדיג אין פינסטערען קיהלען-שטעלכעל, אָנגעשטעלט מיט פעסלעך, איז מאַריאַנאַ צו מיט דער געוועהנליכער תפילה צום פעסעל און האָט אַראָבגע-לאָזען אין איהם דעם ליווער. וואַניושע, שטעהענדיג אין טהיר, האָט געשמייכעלט אויף איהר קוקענדיג. איהם איז געווען שטאַרק קאָמיש, וואָס זי איז נאָר אין איין העמד, צוזאַמענגעצויגען פון הינטען און פערקאַשערט פון פאָרענט, און נאָך קאָמישער איז געווען, וואָס זי טראָגט אויף'ן האַלז האַלבע-רובעל'ס. ער האָט געטראַכט, אַז דאָס איז גאָרנישט קיין רוסישער שטייגער און, אַז ביי זיי אין הויף, וואָלט מען יוער ווייסט ווי געלאַכט, ווען מען וואָלט דערזעהען אַזאַ מיידעל. לאַ פיל קאָם סע טרע ביע — האָט ער געקלערט זאָגען איצט זיין האַר.

— וואָס שטעהסטו דאָ, שד! — האָט פלוצים אַ געשריי געטהון אויף איהם דאָס מיידעל — וואָלט ער חאַטש דעם גראַפין דערלאַנגט.

אָנגיעסענדיג אַ פולען גראַפין מיט קאַלטען רויטען וויין, האָט מאַריאַנע איהם דערלאַנגט וואַניושען.

— גיעב דער מאַמען דאָס געלד, — האָט זי געזאָגט, אָבשטויסענדיג די האַנד פון וואַניושען מיט'ן געלד. וואַניושע האָט זיך צושמייכעלט.

— פאַר וואָס זייט איהר, אַזוינע בייזע, ליעבינקע, — האָט ער געזאָגט גוטמוטיג בייטענדיג אַ פוס אויף אַ פוס, אין דער צייט, ווען דאָס מיידעל האָט צוגעמאַכט דאס פעסעל, זי האָט זיך צולאַכט.

— און איהר זייט אפשר גוטע ?

— מיר מיט מיין האַרען זענען זעהר גוטע, — האָט מיט איבערציינגונג געענטפערט וואַניושע, — מיר זענען אַזוינע גוטע, אַז אומעטום, וואו מיר האָבען געוואוהנט זענען אונז געבליעבען די בעל־הבתים דאַנקבאַר. ווייל ער איז אַן'איידעלער מענש.

דאָס מיידעל האָט זיך אָבגעשטעלט, זיך צוהערענדיג.

— צו איז ער אַ חתונה־געהאַטער דיין פּאַן, וואָס?

— ניין! אונזער האַר איז אַ יונגער און נישט קיין חתונה־געהאַטער. ווייל איידעלע מענשען האָבען קיינמאָל נישט יונג חתונה, — האָט מיט אַ טאָן פון אַ לעהרער געזאָגט וואַניושע.

— עפּעס אַ קליינינגקייט! זיך צופרעסען ווי אַן'אָקס, און אויף חתונה האָבען איז ער יונג. ער איז אייער אַלעמענס קאָמאַנדיר? — האָט זי געפרעגט.

— מיין האַר איז אַ יונקער, דאָס הייסט, ער איז נאָך נישט קיין אָפיציער. און אַ טיטעל האָט ער אָבער נאָך גרעסער פון אַ גענעראַל — פון אַ הויכער פּערזאָן, ווייל נישט נור אונזער פּאָלקאָווניק, דער קייזער אַליין קען איהם, — האָט שטאָלץ ערקלערט וואַניושע. — מיר זענען נישט אַזוינע, ווי די אַנדערע שלעפּערס אינפאַנטעריסטען, און אונזער פּאַפּאַעלע איז אַליין אַ סענאַטאָר; טויזענד, מעהר נאָך, פויערים האָט ער געהאַט און איצט שיקט ער אויך צו טויזענדער אויף אַ מאָל. ווייל אונז האָט מען טאַקע אַלע מאָל האָלד. אַ מאָל טרעפט איהר אַפילו אַ קאַפּיטאַן, אָבער ער האָט נישט קיין געלד. וואָס קען שוין דערפון אַרויס קומען?

— געה, איך וועל צומאַכען, — האָט איהם דאָס מיידעל איבערגעהאַקט די רעד.

וואַניושע האָט געבראַכט דעם וויין און האָט געמעלדעט אָלענינען, אַז לאַ פּיל סע טרעזשאָלי, אין באַלד איז ער אַוועק מיט אַ נאַרישען געלעכטער.

## XIII.

דערווייל האָט מען אויף'ן פּלאַץ אָבגעקלאַפּט אַן'אָווענד־

מאַרש, דער עולם האָט זיך צוריק געקעהרט פון דער אַרבייט. אין די טהויערען האָבען געבלעקעט די בהמות, זיך שטופענדיג אין שטויבינגען גאָלדענעם וואָלקען. און מיידלעך און ווייבער האָבען זיך צושמאַיעט אויף די גאַסען און הויפען, צוגעהמענדיג די בהמות. די זון איז שוין אין גאַנצען אונטערגעגאַנגען הינטער דעם פערשנעעטען קייט פון די בערג. נאָר איין איינציגער בלאָהעלעכער שאָטען האָט זיך צושפרייט אויף דר'ערד און הימעל. איבער די פערטונקעלטע גערטנער האָבען זיך אָנגעצונדען שטערען, און ביסלעכווייז זענען פערשטילט געוואָרען די שטימען אין דער סטאַניצע. זיך אָבפאַרטיגענדיג מיט די בהמות, זענען זיך די קאָזאַצקעס אַרויס אויף די ווינקלען פון גאַס און, קנאַקענדיג סעמעטשקעס האָבען זיי זיך צוגעזעצט אויף די שוועלען. צו איינעם פון די געזעמעלעך, נאָכדעם ווי זי האָט אויסגעמעלקט צוויי קיה און איין אָקסענקוה, האָט זיך אויך מאַריאַנקאַ צוגעזעצט.

דאָס געזעמעלע איז בעשטאַנען פון עטליכע ווייבער און מיידלעך מיט איין איינציגען אַלטען קאָזאַק.

מען האָט גערעדט מכח דעם גע'הרג'עטען אַברעק. דער קאָזאַק האָט פערצעהלט, און די ווייבער האָבען איהם אויסגעפרעגט.

— און צו וועט ער בעקומען אַ גרויסע בעלוינונג, וואָס? — האָט געפרעגט אַ קאָזאַצקע.

— ווי דען? מען זאָגט, אַז, מען וועט אַ צלם אַרויס שיקען.

— מאָסעוו האָט איהם שוין אַזוי אויך געוואָלט אַנ'עולה טהון. צוגענומען דעם ביקס, אָבער מען איז דערגאַנגען דערפון אין קיזליאַר ביי דעם קאָמאַנדיר.

— איז דאָס אַ פאָדלע נשמה, דער מאָסעוו.

— מען זאָגט, אַז לוקאַשקע איז שוין געקומען, — האָט געזאָגט איינע פון די מיידלעך.

— הוליעט ביי דער יאַמקע צוזאַמען מיט נאַזאָרקען. מען זאָגט אַ האַלבען עמער שוין אויסגעטרונקען. יאַמקע איז

געווען אַ פּרייע אויסגעלאַסענע קאָזאַצקע, וואָס האָט געהאַלטען אַ שענק.

— האָט דאָס דער כּל־בו׳ניק מזל! — האָט עמעצער גע־זאָגט. — טאַקע אַן׳אמת׳ר כּל־בו׳ניק. נאָר וואָס איז דאָ צו רעדען! אַ וואוהלער יונג, און אַ בריה! אַן׳אָרדענטליכער יונג. אַזוי איז אויך דער פֿאָטער געווען, טאַטע קיריאַק... אין גאַנצען אין פֿאָטער, בשעת מען האָט איהם דער׳הרג׳ט האָט די גאַנצע סטאַניצע געיאָמערט נאָך איהם... אָט געהען זיי, דוכט זיך, — האָט ווייטער גערעדט די קאָזאַצקע, אָנווייזענדיג אויף קאָזאַקען, וואָס נעהערען זיך צו זיי אויף׳ן גאַס.

— יערגושאָוו איז אויך מיט זיי שוין געקומען. זעהסט דעם שכּור!

לוקאַשקע, נאַזאָרקע און יערגושאָוו, האָבענדיג אויסגע־טרונקען אַ האַלבען עמער, זענען געגאַנגען צו די מיידלעך. אַלע דריי, בעזונדערס דער אַלטער קאָזאַק זענען געווען רויטער ווי אַלעמאָל. יערגושאָוו האָט זיך געשאָקעלט און, לאַכענדיג אַלץ אין דער הויך, האָט ער געשטויסען נאַזאָרקען אין די זייטען.

— וואָס, זינגט איהר נישט קיין ליעדלעך, זיצערקעס? — האָט ער אַ געשריי געגעבען צו די מיידלעך. — איך זאָג: שפּיעלט אויף צו אונזער הוליאַניע.

— גוט געטאָגט? גוט געטאָגט? — האָבען זיך דערהערט בעגריסונגען.

— צוליעב וואָס שפּיעלען? צו איז היינט יום־טוב?, — האָט געזאָגט אַ ווייבעל, — דו ביזט היינט מלא, טאָ שפּיעל.

יערגושאָוו האָט זיך פֿערנאַנדער געלאַכט און אַ שטויס נעגעבען נאַזאָרקען: — שפּיעל דו, אפשר! איך וועל אויך שפּיעלען, איך בין אַ לייט, זאָג איך דיר.

— וואָס, מ־בּות, איהר זייט אַיינגעשלאָפֿען? — האָט גע־זאָגט נאַזאָרקע. מיר זענען געקימען פֿון קאָרדאָן דאַוונען, מיר האָבען אויך פֿאַר לוקאַשקע אָבגעדאַווענט. (דאַוונען, הייסט אויף דער שפּראַך פֿון די קאָזאַקען עמעצען גראַטולירען

ביי׳ם ווייַן, אָדער גליק ווינשען; אין אַלגעמיינעם געברויכט מען דאָס אין דעם זין פון אָנ׳שכור׳ען זיך.

לוקאַשקע, צוגעהענדיג צים געזעמעלע, האָט לאַנגזאַם אויפגעהויבען די פּאַפּאַכע, (אַ קאַווקאַזער פּיטערנע היטעל), און האָט זיך אָבגעשטעלט נעבען די מיידלעך. די ברייטע באַקען און דער קאַרק זענען געווען ביי איהם רויט. ער איז געשטאַנען און גערעדט שטיל און מיט סטאַטעק; נאָר אין די לאַנגזאַמקייט און סטאַטעטשניקייט איז געווען מעהר לעבענדיגקייט און קראַפט, ווי אין דעם פּלאַפּלען און דער פערשמאַיעטקייט פון נאַזאַר׳ען. ער האָט געהאַט אַ פּנים פון אַ קויקעל וואָס האָט זיך צווישעט און, וואָס, פערדרעהענדיג דעם עק און הירזשענענדיג, האָט זיך פּלוצים ווי אַ צוגעשמידטער אָבגעשטעלט אויף אַלע פיער פיס.

לוקאַשקע איז שטיל געשטאַנען אַקעגען די מיידלעך; זיינע אויגען האָבען געשמייכעלט; ער האָט וועניג גערעדט, קוקענדיג אַמאָל אויף די שכור׳ע קאַמעראַדען, אַמאָל אויף די מיידלעך. בעת מאַריאַנאַ איז צו צום ווינקעל גאַס, האָט ער מיט אַ רוהיגער נישט האַסטיגער בעוועגונג אויפגעהויבען די פּאַפּאַכע, זיך אָבגערוקט אַ ביסעל אין באַלד זיך ווידער אַוועקגעשטעלט אַקעגען איהר, לייכט אויסשטעלענדיג אַ פוס, פערלעגענדיג די גרויסע פינגער הינטער׳ן גאַרטעל און שפּיעלענדיג זיך מיט׳ן דאָלכמעסער.

מאַריאַנאַ, אַלס ענטפער אויף זיין גרוס האָט לאַנגזאַם איינגעבויגען דעם קאָפּ, זיך צוגעזעצט צו די אַנדערע און גענומען קנאַקען סעמעטשקעס. לוקאַשקע, נישט אַראָבנעהמענדיג די אויגען, האָט געקוקט אויף מאַריאַנען און, קנאַקענדיג סעמעטשקעס, האָט ער אַלע ווייַלע אויסגעשפּיעגען. אַלע זענען שטיל געוואָרען, ווען עס איז צוגעגאַנגען מאַריאַנע.

— וואָס? אויף לאַנג געקומען? — האָט געפרעגט די קאָזאַצקע, איבעררייסענדיג דאָס שטילשווייגען.

— ביז מאָרגען, — האָט סטאַטעטשנע געענטפערט לוקאַשקע.

— מילא, גיעב גאָט, אַז עס זאָל דיר זיין צו נוצען, — האָט געזאָגט דער קאָזאַק. — איך פרעה מיך, טאַקע אָקאָרסט געזאָגט דאָס.

— און איך זאָג דאָס אייגענע, — האָט אונטערגעכאַפּט דער שכור׳ער יערגושאָוו, לאַכענדיג. — וואָס פאַר אַ געסט! — האָט ער צוגעלעגט, ווייזענדיג אויף אַ פערבייגעהענדיגען סאָלדאַטען, — סאָלדאַטסקע בראָנפען איז אַ מחיה, איך האָב דאָס האָלד!

— דריי שדים האָט מען צוגעטריעבען צו אונז, — האָט געזאָגט איינע פון די קאָזאַצקעס, — דער זיידע איז שוין גע-גאַנגען צום סטאַניטשנעם. אָבער מען קען גאָר נישט העלפען, זאָגט מען.

— אַהאַ! ס׳איז עפּעס שוין אַ צרה געוועזן? — האָט געזאָגט יערגושאָוו.

— אָנגערויכערט, מן הסתם, מיט טאַבאַק? — האָט גע-פרעגט אַ צווייטע קאָזאַצקע, — דו רויכער אויף׳ן הויף וויפיעל דו ווילסט, אָבער אין שטוב וועלען מיר דאָס נישט דערלאָזען. זאָל אַפילו דער סטאַניטשנער קומען, איך לאָז נישט. מען וועט נאָך בע׳גנב׳ענען. זעהסט, ער, דעם שד׳ס זוהן, דער סטאַניטשנע האָט טאַקע ביי זיך נישט אַריינגעלאָזען.

— געפעלט דיר ניט! — האָט יערגושאָוו ווייטער געזאָגט.

— און מען זאָגט נאָך, אַז די מיידלעך האָט מען בע-פוילען צו מאַכען די בעטען פאַר די סאָלדאַטען און זיי צו פּאָיענען מיט טשיחיר און מעד, — האָט געזאָגט נאַזאָרקע, אויסשטעלענדיג אַ פּיס, ווי לוקאַ, און אַקיראַט ווי ער, פערריי-סענדיג די פּאַפּאַכע אויף הינטען.

יערגושאָוו האָט זיך צולאַכט, און אָנכאַפּענדיג זיך אָן וואָס, האָט ער אַרומגענומען אַ מיידעל, וואָס איז געזעסען נעהענטער — אודאי אַזוי!

— אַוועק דו פּעך! — האָט זיך צוקוויטשעט דאָס מיידעל, — איך וועל דיין ווייב דערצעהלען.

— דערצעהל! — האָט ער אויסגעשריען. — נאַזאָרקע זאָגט דוקא אמת; געוועזן אַזאַ צירקולאַר, ער איז דאָך אַ גע-לערנטער. אמת. — און ער האָט אַרומגענומען כסדר אַ צווייטע מיידעל.

— וואָס האָסט זיך צונעטשעפּעט, פאַרך, — האָט זיך לאַכענדיג צוקוויטשעט די הויטע אוסטענקע מיט'ן רונדען פּנים'על, זיך פערמעסטענדיג אויף איהם.

דער קאָזאַק האָט זיך אָבגערוקט אין איז שיער נישט געפאַלען.

— זעהסט, און מען זאָגט נאָך, אַז מיידלעך האָבען נישט קיין כח; באַלד נישט צונע'הרג'עט אין גאַנצען.

— נו פעך, צו וואָס האָט דיר דער שד אַהער געבראַכט פון קאָרדאָן? — האָט געזאָגט אוסטענקע און, זיך אָבקעהרענדיג פון איהם, האָט זי ווייטער אויסגעשאָסען מיט אַ געלעכטער.

— וואָס, פערשלאָפען דעם אַברעקען? אָט וואָלט ער דיר אָבגעשניטען די יאָהרען, און עס וואָלט טאַקע גלייכער געווען.

— וואָלסט זיך פונדעסטוועגען צוואָמערט! — האָט זיך פערנאַנדערגעלאַכט נאַזאָרקע.

— איך וויל שוין דיר יאָמערען!

— זעהסט, עס אַרט איהר גאָר נישט. זאָג, נאַזאָרקע וואָלט זיך צויאָמערט, האַ? — האָט געזאָגט יערגושאָוו.

לוקאַשקע האָט די גאַנצע צייט, שווייגענדיג געקוקט אויף מאַריאַנקען, זיין בליק האָט, ווי עס שיינט, צומישט דעם מיידעל די רעיונות.

— עס לאָזט זיך הערען, מאַריאַנקע, אַז מען האָט ביי אייך אַיינגעקוואַרטירט דעם קאָמאַנדיר? — האָט ער געזאָגט זיך צורוקענדיג צו איהר.

מאַריאַנקע, ווי איהר שטייגער איז, האָט נישט באַלד גע־ענטפערט און האָט לאַנגזאַם אויפגעהויבען די אייגען אויף די קאָזאַקען. לוקאַשקע האָט געשמייכעלט מיט די אויגען, אַקוראַט ווי עפּעס בעזונדערעס, וואָס איז גאָר נישט אָבהענגיג פון גע־שפּרעך, איז פאָרגעקומען צווישען איהם און דעם מיידעל.

— יאָ, זיי איז גוט, ווען זיי האָבען צוויי שטיבער, — האָט זיך אַריינגעמישט פאַר מאַריאַנקע אַן אַלטע קאָזאַצקע, — אָבער ביי פאָמושקינען האָט מען אויך אַיינגעקוואַרטירט זייערן אַ קאָמאַנדיר, זאָגט מען, אַז ער האָט אַזוי די גאַנצע שטוב

פערנומען מיט זיין אייגענס, אַז מען האָט זיך נישט וואו אַ הינ־
צוטהון מיט דער גאַצער משפחה. געהערט אַנ'אָנשיקעניעס,
אַ גאַנצע מחנה האָט מען צוניף־געזי־יעבען אין סטאַניצע! ס'זיך
אַ מעשה אָנצוטהון! און קדחת וועלען זיי שוין דאָ אויפטהון! —
האָט זי געזאָגט.

— מען זאָגט, אַז זיי וועלען בויען אַ בריק איבער'ן
טערעק, — האָט געזאָגט אַ מיידעל.

— און מיר האָט מען געזאָגט, — האָט זיך אַריינגעמישט
נאַזאָרקע, צורוקענדיג זיך צו אוסטענקע, — אַז מען וועט אַ גרוב
גראָבען, מען וועט דאָרט מייד עך אַריינזעצען, וואָס האָבען נישט
ליעב יונגע בחורים. — און ער האָט ווידער געמאַכט זיין גע־
ליעבטע העויה, פון וואָס אַלע האָבען זיך פערנאַנדער געלאַכט,
און יערגושאָוו האָט גענומען אין די אָרעמ'ס אַנ'אַלטע קאָזאַצקע,
אויסקאָזענדיג מאַריאַנקען, לויט דעם סדר נאָך.

— וואָס נעהמסטו נישט אַרום מאַריאַנקען? אַלעמען כסדר
דאַרף מען, — האָט געזאָגט נאַזאָרקע.

— ניין, מיין אַלטעטשקע איז זיסער. — האָט אויסגעשריען
דער קאָזאַק, קושענדיג די אַלטע, וואָס האָט זיך געריסען פון
זיינע הענד.

— ער וועט נאָך דערשטיקען! — האָט זי געשריען,
לאַכענדיג. אַ רעגעלמעסיג קלאַפּען פון טריט איף'ן עק גאַס
האָט איבערגעריסען דאָס געלעכטער. דריי סאָלדאַטען אין
שינעלען מיט ביקסען אויף די פּלייצעס זענען געגאַנגען אין
גלייכען טריט אָבצובייטען דעם וואַך ביי'ן ראָטנעם קאַסטען. דער
געפריינטער, אַנ'אַלטער קאַוואַלער, בייז אַ קוק געבענדיג אויף די
קאָזאַקען, האָט געפיהרט די סאָלדאַטען אַזוי, אַז לוקאַשקע און
נאַזאָרקע, וואָס זענען געשטאַנען אין מיטען וועג, האָבען געמוזט
מאַכען אַ וואַרע. נאַזאָרקע האָט זיך אָבגערוקט, אָבער לוקאַשקע
האָט נאָר צוזאַמענגעצויגען די ווימפּערען, אָבנעקעהר- דעם
קאָפּ אין דעם ברייטען רוקען און האָט זיך נישט געריהרט
פון אָרט.

— עס שטעהען מענשען, גייה אַרום, — האָט ער אַרויס־

נערערט, קוקענדיג אָן אַ זייט און מיט פעראַכטונג אַ טאָך טהו־ענדיג אויף די סאָלדאַטען.

די סאָלדאַטען זענען שווייגענדיג פערביי פאַזע, זאָבקלאַ־פענדיג רעגעלמעסיג די טריט אויף דעם שטויבינגען וועג.

מאַריאַנאַ האָט זיך צולאַכט, און נאָך איהר אַלע מיידלעך.

— וואָס פאַר אַנ'אויסגעפוצטע בחורים, — האָט געזאָגט גאַזאָרקע, — עפּעס ווי לאַנגע־קאַפּאָטניקעס מלמדים, — און ער האָט אָבמאַרשירט אויף'ן גאַס, זיי איבער מישענדיג.

אַלע האָבען זיך ווידער צולאַכט.

לוקאַשקע איז לאַנגזאַם צוגעגאַנגען צו מאַריאַנען.

— און וואו שטעהט ביי אײַך דער קאָמאַנדיר? — האָט ער געפרעגט.

מאַריאַנאַ האָט אַ טראַכט געטהון.

— און דער נייער שטוב האָט מען זיי אַריינגעלאָזען, — האָט זי געזאָגט.

— וואָס איז ער, אַנ'אַלטער, אָדער אַ יונגער? — האָט לוקאַשקע ווייטער געפרעגט, זיך צוזעצענדיג צו איהר.

— צו ווייס איך, — האָט געענפערט דאָס מיידעל, — איך בין געגאַנגען פאַר איהם נאָך טשיחיר, געזעהען, אַז ער זיצט מיט פעטער יעראָשקע אין פענסטער, עפּעס אַ געלער. און זאָבען האָט ער געבראַכט אַ גאַנצע פוהר.

און זי האָט אַראָבגעלאָזען די אויגען.

— ווי בין איך שוין צופריעדען, אַז איך האָב זיך שוין אָבגעבעטען פון קאָרדאָן! האָט געזאָגט לוקאַשקע, זיך נעהענטער צורוקענדיג צום שוועל, אַ וואו עס איז געזעסען דאָס מיידעל און קוקענדיג איהר אין די אויגען.

— וואָס? ביזט אויף לאַנג געקומען? — האָט געפרעגט מאַריאַנאַ, לייכט שמייכעלענדיג.

— ביז מאָרגען. גיעב סעמעטשקעס, — האָט ער צוגעלעגט, אויסשטרעקענדיג די האַנד.

מאַריאַנע האָט זיך אין גאַנצען צושמייכעלט און געעפענט

דעם קראַגען פון העמד, — נעהם נישט צו אַלע, — האָט זי געזאָגט.

— אמת, איך האָב די גאַנצע צייט געבענקט נאָך דיר, ביי גאָט, — האָט ער געזאָגט מיט אַנ'איינגעהאַלטענעם רוהיגען שטילען קול. לוקאַ, אַרויסנעהמענדיג סעמעטשקעס פון אונטער'ן מיידעלס אָרעם, איז זיך נאָך נעהענטער צוביוגענדיג צו איהר, האָט צו איהר עפּעס שטיל גערעדט, שמייכלענדיג מיט די אויגען.

— איך וועל ני'שט קומען, — האָט פּלוצים מאַריאַנאַ הויך געזאָגט, זיך אָברוקענדיג פון איהם.

— אמת... אָט דאָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגען, — האָט שטיל געזאָגט לוקאַשקע. — ביי גאָט! קום, מאַשענקע!

מאַריאַנקע האָט געשאָקעלט מיט אַ „ניין" דעם קאָפּ. נאָר זי האָט געשמייכעלט.

— פריינדרעלע מאַריאַנקאַ! אָ, פריינדרעלע! די מאַמעלע רופט עסען, — האָט אויסגערופען דער יונגערער ברודער פון מאַריאַנקען, צולויפענדיג צו די קאָזאַצקעס.

— איך קום באַלד, — האָט געענפערט דאָס מיידעל, — דו געה, פאָטערעל, געה אַליין: איך קום באַלד.

לוקאַשקאַ איז אויפגעשטאַנען און אויפגעהויבען די פּאַפּאַחע.

— ס'ווייזט אויס, אַז איך וועל אויך געהען אַ היים, גלייכער אַזוי, — האָט ער געזאָגט, מאַכענדיג אַ גלייכגילטיג געזיכט, נאָר זיך אָבהאַלטענדיג קוים פון אַ שמייכעל, און איז פערשוואונדען הינטער'ן ווינקעל פון הויז.

דערווייל איז שוין די נאַכט אין גאַנצען אַראָב אויף דער סטאַניצע. ליכטיגע שטערן האָבען זיך צושאָטען אויפ'ן טינקעלען הימעל. די גאַסען זענען געווען פינסטער און לעדיג. נאַזאַרקע איז געבליעבען מיט די קאָזאַצקעס און עס האָט זיך געהערט זייער געלעכטער, און לוקאַשקע, אָבגעהענדיג מיט שטילע טריט פון די מיידלעך, האָט זיך אַיינגעבויגען ווי אַ קאַץ און האָט פּלוצים מיט שטילע טריט אָנגעהויבען לויפען, (אונטערהאַלטענדיג דעם דאָלכ-מעסער, וואָס האָט זיך געוואָרפען), נישט אַ היים,

נאָר אין דער ריכטונג פון חאַרונזשעס הויז. אָבלויפענדיג צוויי גאַסען און פערקעהרענדיג זיך אין אַ געסעל, האָט ער פערקאַשערט די טשערקעסקע און האָט זיך געזעצט אויף דער ערד אין שאָטען פון פאַרקאַן. „געזעהען, אַ חאַרונזשירע“! — האָט ער געטראַכט וועגען מאַריאַנקען. — „לאָזט אַפילו, אַ שד, זיך נישט שפּיעלען! יוארט נאָר אַ ווײַלע“.

די טריט פון אַ פּראָווינציאַלער, וואָס דערנעהערט זיך האָבען איהם צושטרייט. ער האָט זיך גענומען אַײנהאָרכען און האָט געשמייכעלט צו זיך אַליין. מאַריאַנאַ, אַראָבלאָזענדיג דעם קאָפּ, איז נעגאַנגען מיט האַסטיגע גלייכע טריט געראָד צו איהם צו, קלאַפּענדיג מיט אַ צווייגעלע אויף די שטעקלעך פון פאַרקאַן. לוקאַשקע האָט זיך אויפגעהויבען, מאַריאַנקאַ האָט אַ ציטער געגעבען :: האָט זיך אָבגעשטעלט.

— האָסטו געזעהען, פערשאָלטענער שד! האָט מיך איבערגעשראָקען. טאַקע נישט געגאַנגען אַ היים, — האָט זי געזאָגט און זיך הויך צולאַכט.

לוקאַשקע האָט מיט איין האַנד אַרומגענומען דאָס מיידעל און מיט דער אַנדערער האָט ער גענומען פאַר׳ן בעקעל:

— וואָס האָב איך דיר געוואָלט זאָגען... ביי גאָט! — זיין שטים האָט געציטערט און זיך אַלע ווײַלע אָבגעריסען.

— וואָס פאַר אַ שמועס׳ען ביי נאַכט, — האָט געענפערט מאַריאַנקע, — די מאַמע וואַרט, און דו געה צו דיין דושענקע.

און זיך בעפרייענדיג פון זיין האַנד, איז זי אָבגעלויפען עטליכע טריט. צולויפענדיג צום טהירעל פון איהר הויף, האָט זי זיך אָבגעשטעלט און האָט זיך אימגעקעהרט צום קאָזאַקען, וועלכער איז מיט איהר גלייך געלויפען. נישט אויפהערענדיג זי אַײנצורעדען, אַז זי זאָל בלייבען מיט איהם אַ ווײַלע.

— נו, וואָס האָסטו געוואָלט זאָגען, האַלב נאַכטיגער? — און זי האָט זיך ווייטער צולאַכט.

— דו לאַך נישט פון מיר, מאַריאַנאַ! ביי גאָט! טאָ וואָס איז, אַז איך האָב אַ דושענקע? חאַפּט זי דער רוח! זאָג נאָר אַ וואָרט, וועל איך דיך שוין אַזוי ליעב האָבען.

— וואָס דו ווילסט, וועל איך טהון. אָט זענען זיי! (און ער האָט אַ קלונג געטהון מיט געלד אין די קעשענעס). איצט ווע׳לען מיר אַ לעב טהון. מענשען פרעהען זיך, און איך? איך זעה נישט ביי דיר קיין פרייד מאַריאַנושקאַ."

דאָס מיידעל האָט גאָר נישט געענטפערט, געשטאַנען פאַר איהם און מיט האַסטיגע בעוועגונגען פון די פינגער האָט זיך געבראָכען דאָס צווייגעל אויף קליינע שטיקעלעך.

— און צו וואָס אַלץ וואַרטען און וואַרטען! צו האָב איך דיך שוין נישט ליעב, מאַמעלע? וואָס דו ווילסט, טהו מיט מיר, — האָט ער פלוצים געזאָגט, שטאַרק בייז ווערענדיג, און האָט זי אָנגענומען ביי די הענד.

מאַריאַנאַ האָט נישט געענדערט איהר רוהיגען געזיכטס-אויסדרוק און שטים.

— דו קיראַזשע זיך נאָר נישט, לוקאַשקע, און הער צו מיינע ווערטער, — האָט זי געזאָגט נישט אָבנעהמענדיג די הענד און זיך נישט דערווייטערענדיג פון איהם, — אוודאי בין איך אַ מיידעל, און פונדעסטוועגען הער מיך צו. דו לאָז נאָר אָב די הענד, און איך וועל דיר זאָגען. חתונה האָבען — וועל איך, אָבער נאַרישקייטען זאָלסטו פון מיר זיך נישט דערוואַר-טען, — האָט געזאָגט מאַריאַנאַ נישט אָבקעהרענדיג דאָס געזיכט.

— חתונה האָבען מיט מיר ווערסטו? חתונה האָבען — הענגט נישט אָב פון אונזער ווילען. דו האָב מיך אַליין ליעב, מאַריאַנושקאַ, האָט געזאָגט לוקאַשקע, ווערענדיג מיט אַ מאָל פון אַ פינסטערען בייזען אַ זאַנפטער, צערטליכער און אַ נאָכגע-בענדיגער, שמייכעלענדיג און קוקענדיג איהר אין די אויגען.

מאַריאַנע האָט זיך צוגעדריקט צו איהם און שטאַרק אַ קוש געגעבען אין די ליפען.

— ברודערעל, — האָט זי געשעפטשעט, ליידענשאַפטליך זיך צודריקענדיג צו איהם. דערנאָך, מיט אַ מאָל זיך אַרויסרייי-סענדיג איז זי ענטלויפען און זיך נישט אומקעהרענדיג איז זי אַריין אין טהויער פון איהר הויף.

נישט קוקענדיג אויף דעם געבעט פון קאָזאַק, וואַרטען

נאָך אַ רגע, הערען, וואָס ער וועט איהר זאָגען, — מאַריאַנאַ האָט זיך נישט אָבגעשטעלט.

— געה, מען וועט דערזעהען! — האָט זי האַסטיג גע-זאָגט, — שוין אַזוי אויך, דאַכט זיך, דרעהט זיך איבער'ן הויף אונזער קוואַרטיראַנט, דער שד.

„חאַרונזשיבע"! — האָט געטראַכט לוקאַשקע „חתונה האָבען וועט זי! חתונה האָבען איז אַ זאַך פאַר-זיך — אָבער דו האָב מיך פריהער ליעב".

ער האָט געטראָפען נאַזאָרקען ביי יאַמקען, און הוליענדיג מיט איהם צוזאַמען איז ער אַוועק צו דונאַשקען און, נישט קוקענדיג אויף איהר אונטרייקייט, האָט ער גענעכטיגט ביי איהר.

## XIV.

אָלענין איז טאַקע ווירקליך געגאַנגען איבער'ן הויף אין דער צייט, ווען מאַריאַנאַ אין אַריין אין טהויער, און ער האָט געהערט ווי זי האָט געזאָגט: „עס געהט אַרום דער קוואַרטיראַנט, דער שד". דעם גאַנצען אָוועגד האָט ער צוגעבראַכט מיט פעטער יעראָשקע אויף'ן גאַניקעל פון זיין נייער קוואַרטיר. ער האָט געהייסען אַרויסטראָגען דעם טיש, דעם טהע-מאַשין, וויין, אַנ'אָנגעצונדען ליכט און ביי אַ גלאָז טהעע און אַ ציגאַר האָט ער געהערט די מעשות פון אַלטען, וואָס האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ טרעפּעל צו די פיס זיינע. נישט קוקענדיג דאַרויף, וואָס די לופט איז געווען שטיל, האָט דאָס ליכט שטאַרק געשמאָלצען און דער פייער האָט זיך געוואָרפען אויף אַלע זייטען, בעלייבענדיג אַ מאָל דעם זיילכעל פון גאַניקעל, אַמאָל דעם טיש און דאָס געפעס, אַמאָל דעם ווייסען געשוירענעם קאָפּ פונ'ם אַלטען.

די נאַכט-שמעטערלינגען האָבען זיך אַרומגעדרעהט און, שיטענדיג שטויב פון די פליגעלעך האָבען זיי זיך געצאַפּעלט אויף'ן טיש און אין די גלעזער, אַמאָל אַרויפליעהענדיג אויף'ן פייער פון ליכט, אַמאָל פערשווינדענדיג אין דער שוואַרצער לופט פון דעם נישט בעלויכטעטען ענול. אָלענין האָט אויסגע-

טרונקען צוזאַמען מיט יעראָשקע פינף פלעשער טשיחיר. יעראָשקע, אָנגיעסענדיג יעדעס מאָל די גלעזער פלעגט אײנעם דערלאַנגען אַלענינען, אָנשטויסען מיט זיין גלאָז, און ער פלעגט נישט אויפהערען צו רעדען. ער האָט פערצעהלט מכח דעם פערצייטיגען קאָזאַצקען לעבען, ווענען זיין טאטען דעם ברייטפלייציגען, וואָס פלעגט אײנער אַליין שלעפען אויף דער פלייצע אַ צעהנ־פודיגען קערפער פון אַ ווילדען שווייַן און, זיך נישט אויפהויבענדיג פון אָרט, פלעגט ער קענען אויסטרינקען צוויי עמער טשיחיר. פערצעהלט מעשות פון זיין אײנענער צייט און מכח זיין פריינד גיריטשקע, מיט וועמען ער פלעגט פון הינטערען טערעק אין דער צייט פון דער פעסט איבערפעקלער קאַווקאַזער מאַנטלען. ער האָט פערצעהלט מעשות פון זיינע געיעגען, ווען ער האָט אין איין פריהמאָרגען צוויי הירשען דערשאָסען. ווענען זיין דושענקע, וועלכע פלעגט צו איהם ביי נאַכט לויפען צום קאָרדאָן, און אַלץ האָט ער אַזוי שען מיט אַזאַ בילדער־שפראַך פערצעהלט, אַז אָלענין האָט נישט בעמערקט, ווי עס איז אַוועק די צייט.

— אָט אַזוי, פאָטערעל מיינער, — האָט ער גערעדט, — האָסטו מיך טאַקע נישט געקאָנט אין מיין גאָלדערנער צייט, איך וואָלט דיר אַלץ בעוויעזען. היינט האָט יעראָשקע אַ טאָפּ געלעקט, און דאַמאָלס האָט מיט איהם געקלונגען אין גאַנצען פאָלק. ווער האָט דעם בעסטען פערד, ווער האָט גורדאַס אַ שווערד, (די שווערדען און מעסער פון מייסטער גורדאַ האָט גע'שמ'ט אויף גאַנץ קאַווקאַז), צו וועמען געהען זיך אָנ'שכור'ען, מיט וועמען הולוענען? וועמען שיקען אין די בערג דער'הרג'ענען דעם חאַן אַחמעט? — אַלץ יעראָשקע. וועמען האָבען האָלד די מיידלעך? אַלע וועלען זאָגען — יעראָשקע. ווייל איך בין געווען אַנ'אמת'ער דזשיגוט. אַ שכור, אַ גנב, אָבגעשלאָגען מחנות פערד אין די בערג, אַ ליעדעל־זינגער... אויף אַלץ אַ בריה. היינט זענען שוין נאָר נישטאָ אַזוינע קאָזאַקען. אַ חלשות צו קוקען. פון דער ערד אָט אַזוי גרויס, (יעראָשקאַ האָט אָבגעמאָסטען אַנ'אַרשין די הויך), טהוט זיך אָן אַ פּאָר נאַרישע שטיוועל, קוקט נאָר אויף די

שטיוועל, דאָס איינציגע פערגעניגען זיינס. אָדער ער שכירט זיך אָן ווי אַ פויק; אַפילו שכור'ען קען ער נישט. ווי אַ מענש, עפעס אַזוי זיך... אָבער ווער בין איך גערוען? איך בין גערוען, יעראָשקע גנב. ויעניג וואָס מען האָט מיך געקענט אין די סטאַניצעס— אין די בערג האָט מען מיך געקענט. קונאַקעס־פירסטען פלעגען קומען צורייטען. און איך בין גערוען מיט אַלעמען אַ קונאַק: אַ טאָטער — זאָל זיין אַ טאָטער, אַנ'אַרמעניער — זאָל זיין אַנ'אַרמעניער, אַ סאָלדאַט — זאָל זיין אַ סאָלדאַט, אַנ'אָפיציער — זאָל זיין אַנ'אָפיציער. מיר איז אַלץ גלייך, נאָר אַ שכור זאָל ער זיין. דו דאַרפסט זיך נישט ריין האַלטען פון דער אַרומיגער וועלט: מיט אַ סאָלדאַט זאָלסטו נישט טרינקען, מיט אַ טאָטער נישט עסען.

— ווער זאָגט דאָס? — האָט געפרעגט אָלענין.

— אונזערע רביים, אָדער הער נאָר אַ מאָל אַ מולאַ אָדער אַ קאַדי אַ טאָטערשען: „איהר זייט נישט קיין טריעגיאַאורען, פאַר וואָס עסט איהר חזיר?" הייסט, אַז איטליכער האָט זיך זיין געזעץ. און נאָך מיר נאָך, איז אַלץ איינס. אַלץ האָט גאָט בעשאַפען צום פערגעניגען פאַר'ן מענשען. עס איז נישטאָ אין קיין זאַך קיין זינד. נעהם חאָטש אַ ביישפיעל פון אַ חיה. זי וואוהנט אין טאָטערשען וואַלד און אין אונזערען. וואו זי קומט דאָרטען איז איהר היים. וואָס גאָט גיעט, דאָס פרעסט זי. איך מיין, אַז דאָס אַלצדינג איז נור אַ פאַלשע זאַך, — האָט ער פערענדיגט, ווערענדיג אַ ווײַלע שטיל.

— וואָס איז פאַלש? — האָט געפרעגט אָלענין.

— אָט דאָס וואָס די רביים אונזערע זאָגען. ביי אונז, מיין פאָטערל, איז גערוען דער עלטעסטער פון מיליטער אין אַ סטאַניצע מיין קונאַק. געוועזן אַ יונג מיט ביינער, אָט אַזוי ווי איך, האָט מען איהם צו גע'הרג'עט אין די טשענטשער בערג. פלעגט ער זאָגען, אַז אַלץ האָבען די רביים אויסגעטראַכט פון אייגענעם קאָפ. ווערסט פגר'ען, פלעגט ער זאָגען, וועט אויסוואַכסען גראָז אויף דיין קבר'על. און מעהר גאָר נישט, — דער אַלטער האָט זיך צולאַכט — גערוען אַ מורא'דיגער יונג!

— און ווי אַלט ביסטו ? — האָט געפרעגט אָלענין .
— דאָס ווייס דער אייבערשטער, אפשר ! אַ יאָהר זיע־בעציג וועט זיין בשעת עס איז געווען ביי אונז די קייזערינע, בין איך שוין נישט געווען קיין קליינינקער. אָט בערעכען, צו איז שוין דאָס אַ סך מיט יאָהרען. אַ יאָהר זיעבעציג וועט דאָס זיין ?
— עס וועט זיין. און דו ביסט נאָך אַ לייט.
— מילא, אַ דאַנק גאָט, איך בין געזונד, געזונד אין אַלעמען ; נאָר דאָס ווייב, די מכשפה, האָט קאַליע געמאַכט...
— ווי אַזוי ?
— אָט אַזוי קאַליע געמאַכט...
— הייסט, אַז דו וועסט שטאַרבען, וועט גראָז אויס־וואַכסען ?
יעראָשקע האָט , ווי עס ווייזט אויס, נישט געוואָלט אויס־דריקען זיין געדאַנקען אויף קלאָר. ער האָט אַ ווײַלע געשוויעגען.
— און דו, ווי מיינסטו ? טרינק ! — האָט ער אויסגעשריען, שמייכעלענדיג און דערלאַנגענדיג איהם וויין.

## XV.

— טאָ מ'כח וואָס האָב איך גערעדט ? — האָט ער ווייטער גערעדט, זיך עפּעס דערמאַהנענדיג. — יאָ, אָט וואָס פאַר אַ מענש איך בין ! איך בין אַ יעגער. מיינס גלייכען וועט מען אין גאַנצען פּאָלק נישט געפינען אַזאַ יעגער. איך וועל דיר געפינען איטליכע חיה, איטליכען פויגעל און דיר ווייזען ; און וואָס און וואו — איך ווייס אַלץ. איך האָב אַ הונד, און צוויי ביקסען, און נעצען, און אַ פּיסטאָנביקס, און אַ האַביכט, אַלץ איז דאָ, אַ דאַנק גאָט. אויב דו ביסט אַנ'אמת'ער יעגער, בע־ריהמסט זיך נישט, וועל איך דיר אַלץ ווייזען. איך בין מיר אַזאַ מענש ! זעה איך אַ שפור, ווייס איך שוין די חיה ; און ווייס, וואו זי צולעגט זיך צו, וואו זי טרינקט און וואו זי וועט זיך לעגען אָברוהען, איך מאַך מיר אַנ'אָרט אויף הויכע קלעצער אָרער

אויף בוימער, זיץ דורך אַ נאַכט, און אַכט־אָב; וואָס זאָל איך זיצען אין דער היים! וועסט נאָר זינדיגען און זיך אָנגיעסען ווי אַ פויק, עס וועלען נאָך קומען די ווייבער, דאָס, יענץ, די יונגלעך שרייען; וועסט משוגע ווערען. אָבער נאָר אַנ׳אַנדער זאַך ווען דו געהסט אַרויס אַ שפּעטען פאַר נאַכט, קלייבסט זיך אויס אַנ׳אָרט, דריקסט צו די וואַסער־ריטלעך, זעצסט זיך און זיצסט, וואוהלער יונג, וואַרטסט, אַלץ וואָס אין וואַלד טהוט זיך, ווייסטו אַלץ. גיסט אַ קוק אויף׳ן הימעל, — געהען זיך די שטערען; קוקענדיג אויף זיי זעהסטו, וויפיעל צייט עס איז אַוועק. קוקסט זיך אַרום, — עס שאָקעלט זיך דער וואַלד, וואַרטסט אַלץ, אַז אָט אָט וועט אָנהויבען זיך צוברעכען אין די צווייגען, עס וועט קומען דער ווילדער חזיר זיך שווענקען. דו הערסט ווי עס קוויטשען דאָרט די יונגע אָדלערם, ווי עס ענפערען אָב די העהנער אין דער סטאַניצע, אָדער די גענז. גענז, — איז נאָך פאַר האַלבע נאַכט, הייסט עס. און אַלע די זאַכען ווייס איך. און ווען אַמאָל גיעט אַ שאָס אַ ביקס פון דער ווייטענס, קומען אַלערליי געדאַנקען אין קאָפּ. קלערסטו: ווער האָט דאָס געקענט שיעסען? צו אַ קאָזאַק, אויך אַ זוינער ווי איך, האָט אַ חיה אָבגעאַכט, צי האָט ער געטראָפען, אָדער ער האָט נור צוקאַליעטשעט, און זי וועט געהען די וואוהלינקע, אין די בוימלעך אָבווישען דאָס בלוט, גאָר אומזיסט אומנישט! דאָס האָב איך פיינד, אַך! כ׳האָב דאָס פיינד! צו וואָס צוקאַליעטשען אַ חיה? אַ שוטה, אַ שוטה! אָדער דו טראַכסט „אפשר האָט אַנ׳אַברעק עפּעס אַ נאַרישען קאָזאַקעל נע׳הרג׳עט“? דאָס אַלץ געהט דיר דורך׳ן קאָפּ. אָט טאַקע איינמאָל, זיצענדיג ביים וואַסער, — איך קוק, — אַ וויעגעל שווימט אין דער הויך. גאָך גאָר אַ גאַנצע, נאָר די קאַנט אָבגעבראָכען. זענען דאָס געקומען רעיונות! וועמענס וויעגעלע? מן הסתם זענען געקומען אייערע שדים, די סאָלדאַטען אין אַאול, אַיועק געשלעפּט די משעטשענקעס, דאָס קינד האָט עפּעס אַ שד צוגע־הרג׳ט, גענומען פאַר די פיסלעך — און אָן וואַנד — אַ זעץ. צו טהוט מען נישט אַזוי? עך, מענשען האָבען גאָר קיין נשמה

נישט! און עס זענען אַזוינע געדאַנקען אַריין אין קאָפּ, אַז אַ רחמנות האָט זיך צוגאָסען. איך קלער: דאָס וויענעל האָט מען אַוועקגעשליידערט, דאָס ווייבעל האָט מען פעריאָגט אַהער, דאָס הויז האָט מען פערברענט, און דער דזשיגוט האָט גענומען דעם ביקס אין איז אַוועק ראַבעווען אויף אונזער זייט. זיצסט אַלץ און קלערסט. און ווען דו דערהאָכסט אין דעם וואַלד גע־דיכטעניש, ווי עס ברעכט די צווייגען אַ מחנה'לע קליינע ווילדע חזירים'לעך, הויבט עס אָן אין דיר עפּעס אַזוי צוקלאַפּען... מאַמעלע, געהט צו! הויבט אָן שמעקען, טראַכסט: דו זיצסט, דו וועסט זיך נישט אַ ריהר טהון, און אין האַרצען: דון! דון! דון! אָט אַזוי וואַרפט עס דיר. אָט היינט היי יאָהר איז צוגעגאַנגען אַ היבשע מחנה, עס האָט אָנגעהויבען זיך צו שוואַרצען אין דער טונקעלקייט. „דעם פאָטער און דעם זוהן..." איך האָב שוין געוואָלט שיעסען. ווי זי דערלאַנגט דאָס אַ הירזשע אויף די חזירים'לעך כלומר'שט: „אַ צרה, קינדערלעך: אַ מענש זיצט", און אַלע האָבען זיך צוריק גענומען ברעכען דורך די צווייגען. אָט אַזוי נאָהענט, אַז מיר דוכט, איך וואָלט איהר מיט די צייהן אויפגעגעסען.

— ווי אַזוי האָט דאָס דער חזיר די חזירים'לעך געזאָגט, אַז עס זיצט אַ מענש? — האָט געפרעגט אָלענין.

— און דו וואָס מיינסט? דו מיינסט, זי איז אַ נאַר די חיה? ניין, זי איז קליגער פאַר'ן מענשען. אומזיסט רופט מען זי — חזיר. זי ווייס אַלץ. חאָטש נעהם דעם ביישפּיעל: אַ מענש געהט פאַר ביי פאַר אַ שכור, ער בעמערקט דאָס ניט, און ווען אַ חזיר וועט אַרויף אויף דיין שפּור, וועט ער באַלד מאַכען אַ ויברח. הייסט עס, אַז די חיה האָט שכל, ווען דו פיהלסט נישט דיין אַויר, און זי—יאָ. וואָס איז דאָ צו רעדען: דו ווילסט זי צו'הרג'ענען, און זי וויל שפּאַציערען אין וואַלד אַ לעבעדיגע. דו האָסט זיך אַזאַ געזעץ, און זי האָט אַזאַ געזעץ. זי איז אַ חזיר, און פונדעסטוועגען איז זי נישט ערגער פאַר דיר; איך אַזאַ בעשעפעניש פון גאָט. עך — מאַ! נאַריש איז דער מענש, נאַריש, נאַריש איז דער מענש! — האָט איבערגע'חזר'ט

עטליכע מאָל דער אַלטער און, אַראָבלאָזענדיג דעם קאָפּ, האָט ער זיך פערקלערט.

אָלענין האָט זיך אויך פערטראַכט, און, אַראָבגעהענדיג פון גאַניקעל, פערלענגענדיג די הענד אייף הינטען, האָט ער שווייגענדיג גענומען שפּאַציערען איבערען הויף. אָבמינטערענדיג זיך, האָט יעראָשקע אויפגעהויבען דעם קאָפּ און גענומען זיך שאַרף צוקוקען צו די נאַכט־שמעטערלינגען, וועלכע האָבען זיך געדרעהט אַרום דעם פלאַקערענדיגען פייער פון ליכט און פלעגען זיך אָפּט אָבסמאַיליענען ביים פייער.

— נאַר, נאַר איינע! — האָט ער אָנגעהויבען — וואו פליהסטו? נאַר איינע! נאַר איינע! — ער האָט זיך אויפגעהויבען און גענומען אָבטרייבען מיט זיינע גראָבע פינגער די שמעטערלינגען.

— דו וועסט פערברענט ווערען, נאַרעלע, אָט דאָ פליעה, — נענוג אָרט, — האָט ער גערעדט מיט אַ צערטליכער שטים, זיך בעמיהענדיג מיט די גראָבע פינגער איידעל אָנצונעהמען פאַר די פליגעלעך און אָבצולאָזען.

— דו מאַכסט זיך אַליין אונגליקליך, און איך האָב אויף דיר רחמנות

ער איז אַ צייט געזעסען, פלוידערענדיג און טרינקענדיג פון פלאַש. און אָלענין איז הין און קאַריק געגאַנגען איבער'ן הויף. מיט אַ מאָל האָט איהם אָבגעשטעלט אַ שטילער־שטילער שמועס. פערהאַלטענדיג, נישט ווילענדיגערהייט, דעם אָטהעם, האָט ער דערהערט אַ פרויען־געלעכטער, אַ מענישע שטימע און אַ קלאַנג פון אַ קוש. מיט אַ כיון מאַכען רוישענדיג דאָס גראָז אונטער די פיס, איז ער אַוועק אויף'ן דער אַנדערער זייט הויף. נאָר אין אַ ווייַלע אַרום האָט די פורטקע אַ סקריפּ געטהון. אַ קאָזאַק אין אַ טונקעלע טשערקעסקע און אין אַ פאַפּאַחע (דאָס איז געווען לוקאַ) איז אַוועק אין דער לענג פון פאַרקאַן. און דאָס הויכע פרויען־צימער אין אַ ווייסען טיכעל איז פאַר פאַרביי אָליענינען. „נישט איך האָב מיט דיר קיין עסקים, נישט דו—מיט מיר", האָט ווי געזאָגט דער פעסטער גאַנג פון מאַריאַנקען. ער האָט זי בעגלייט מיט די בליקען ביז'ן גאַניקעל פון ווירטס שטוב, ער האָט אַפילו בעמערקט

דורך׳ן פענסטער, ווי זי האָט אַראָבגענומען דאָס טיכעל און זיך געזעצט אויף דער באַנק. און מיט אַ מאָל האָט פערנומען דאָס האַרץ פון יונגען מאַן דאָס געפיהל פון בענקשאַפט און איינזאַמקייט, עפּעס אונקלאָרע וואונשען און האָפנונגען, און אַ קנאה־געפיהל צו עמעצען עפּעס.

די לעצטע פייערלעך זענען פערלאָשען געוואָרען אין די שטיבער. די לעצטע שטימען זענען פערהילכט געוואָרען אין דער סטאַניצע. און די צוימלעך ביי די גערטנער, און די בהמות, וואָס האָבען זיך געקאָליערט אויף׳ן הויף, און די דעכער פון די הייזער, און די שלאַנקע בוימער — אַלץ, האָט זיך אויסגעדוכט, האָט געשלאָפען אַ געזונדען, שטילען פערהאָרעוועטען שלאָף. נאָר די אונאויפהערליכע קלינגענדע טענער פון די פרעש זענען געקומען צופליוגען פון דער נאַסער ווייטקייט צום אָנגעשטערענגטען אויער. אויף מזרח־צו זענען געוואָרען די שטערן שיטערער און, עס האָט זיך געדאַכט, אַז זיי צורינען אין דער ליכטיגקייט, וואָס שטאַרקט זיך כסדר. איבער׳ן קאָפּ האָבען זיי זיך צושאָטען אַלץ טיפער און געדיכטער. דער אַלטער, אָנשפּאַרענדיג דעם קאָפּ אויף דער האַנד, איז אַיינגעדרעמעלט. אויף אַנקעגענדיגען הויף האָט זיך צושריען אַ האָהן. אין אָלעניך איז אַלץ געגאַנגען און געגאַנגען, קלערענדיג וועגען עפּעס. די קלאַנגען פון אַ ליעד, וואָס ווערט געזונגען אין עטליכע שטימען איז דערגאַנגען צו זיין אויער. ער איז צוגעגאַנגען צו פּאַרקאַן זיך אַיינצוהערען. יונגע קאָזאַקעס שטימען האָבען זיך צוגאָסען אין אַ לוסטיג ליעד, און מעהר פאַר אַלעמען האָט זיך אָבגעצייכענט מיט שאַרפקייט און כח איינע אַ יונגע שטים.

— ווייסטו, ווער דאָס זינגט? — האָט געזאָגט יעראָשקע זיך אייפכאַפּענדיג, — דאָס איז לוקאַשקע, דער דזשיגוט, ער האָט אַ טשעטשענעץ צו געהרג׳עט, דערפאַר פרעהט ער זיך אַזוי איצט. און וואָס פרעהט ער זיך, דער שוטה, דער שוטה!

— און דו האָסט געהרג׳עט מענשען? — האָט געפרעגט אלעניך.

דער אַלטער האָט זיך פּלוצים אויפגעהייבען אויף ביידע

אוילענבויגענס און האָט נאָהענט צוגערוקט זיין פנים צו אָלעניגס געזיכט.

— שד! — האָט ער אָנגעשריען אויף איהם, — וואָס פרעגסטו? מען טאָר נישט זאָגען. אַ נשמה קאַליע מאַכען איז אַ קונץ, אָי, אַ קונץ! זיי געזונד, פּאָטער מיין; זאַט און שכור, — האָט ער געזאָגט אויפשטעהענדיג, — קומען מאָרגען אויף געיעג?

— קום.

— זעה נאָר פריה אופשטעהען, וועסטו פערשלאָפען — שטראָף.

— האָב נישט קיין מורא, כ'וועל פריהער פאַר דיר אויפשטעהען. — האָט געענפערט אָלענין.

דער אַלטער איז אַוועק, דאָס ליעד איז פערשטומט געוואָרען. עס האָבען זיך דערהערט טריט און אַ פרעהליך שמועסען. אַ וויילע שפּעטער האָט זיך ווידער דערהערט אַ ליעד, נאָר אַ סך ווייטער — און דער הויכער קול פון יעראָשקען האָט זיך פעראייניגט מיט די פריהערדיגע שטימען. „וואָס פאַר אַ מענשען, וואָס פאַר אַ לעבען", האָט געטראַכט אָלענין, אָבזיפצענדיג, און איז אַליין אַוועק אין שטוב.

## XVI.

פעטער יעראָשקע איז געווען אַ קאָזאַק אויסער דיענסט און אַנ'איינצעלטער מענש; זיין ווייב איז פאַר צוואַנציג יאָהר, שמד'ענדיג זיך אויף'ן רוסישען גלויבען, אנטלאָפען פון איהם און האָט חתונה געהאַט מיט אַ רוסישען פעלדפעבעל; קינדער האָט ער נישט געהאַט. ער האָט זיך נישט בעריהמט, דערצעהלענדיג פון זיך, אַז ער איז געווען פערציימען דער ערשטער וואַטסקער בחור אין דער סטאַניצע. אַלע האָבען איהם געקענט אין פאָלק פאַר זיין אַמאָליגער וואַטסקער בריה'שאַפט. נישט איין מאָרד פון טשעטשענצעס און רוסישע איז געלעגען אויף זיין געוויסען. ער פלעגט אויך געהען אין די בערג, פלעגט אויך ביי די רוסישע גנב'נען און ער איז שוין צוויי מאָל געזעסען אין געפענגעניש.

דער גרעסטער טייל פון זיין לעבען פלעגט פערגעהען אין וואַלד אויף געיעג, וואו ער פלעגט זיך אַ מעת־לעת שפּייזען מיט אַ שטיק ברויט און פלעגט גאָר נישט טרינקען, חוץ וואַסער. דערפאַר אין דער סטאַניצע פ־עגט ער הוליענען פון פריה ביז אָוונד. צוריקקעהרענדיג זיך פון אָליענין, איז ער אויף צוויי שעה איינגעשלאָפען און זיך אויפחאַפּענדיג נאָך פאַר טאָג, איז ער געלעגען אויף'ן בעט און געאַרבייט פאַר אַ מענשען, מיט וועמען ער האָט זיך ערשט נעכטען בעקענט. די איינפאַכקייט פון אָלענין איז איהם זעהר געפעלען (די איינפאַכקייט אין דעם זין, וואָס מען האָט נישט געקאַרגט פאַר איהם מיט וויין). און אָלענין אַליין איז איהם געפעלען. ער האָט זיך געוואונדערט, פאַר וואָס די רוסישע זענען אַלע איינפאַך און רייך און פאַר וואָס ווייסען זיי פון גאָר נישט, און אַלע זענען זיי געלערנטע לייט. ער האָט בעקלערט מיט זיך אַליין אָט די אַלע פראַגען און אויך מכח דעם, וואָס אַזוינס זאָל ער אויסבעטען פאַר זיך ביי אָ־ענינען. די שטוב פון פעטער יעראָשקע איז געווען גענוג גרויס און נישט אַלט, נאָר ס'איז געווען צו בעמערקען, אַז עס פעהלט דאָ אַ בעל־הבית'ע. נישט קוקענדיג אויף דעם, וואָס געוואוהנליך האָט ליעב אַ קאָזאַק ריינליכקייט, איז די גאַנצע שטוב געווען פערברודיגט און שטאַרק אין אונאָרדנונג. אויף'ן טיש איז געווען אָנגעשליידערט אַ פערבלוטיגטער מאַנטעל, אַ האַלבע זיסע חלה און נעבען זיי אַנ'אָבגעפליקטער צוריסענער שוואַלב — שפּייז פאַר'ן האַביכט. אויף די בענק זענען געלעגען צוואַוואָרפען פאָרשנעס, אַ ביקס, אַדאָלכמעסער, אַ זעקעל, צו־נעצטע קליידער און שמאַטעס. אין ווינקעל אין אַ כלי'לע מיט שמוציגע שטינקענדיגע וואַסער האָבען זיך גענעצט אַ צווייטע פאָר פאָרשנעס; דערביי זענען געשטאַנען אַ ביקס און אַ פיס־טאָנען־ביקס. אויף דער דיעל איז געלעגען אַ נעץ, עטליכע דער־שאָסענע פאַזאַנען, און ביי'ן טיש האָט, צוקלאַפּענדיג אויף דער ברודיגער פאָרלאָגע, געשפּאַציערט אַ היהנדעלע, אַ צוגעבונדענע פאַר איין פיסעל. אין דעם נישט געהייצטען אויווען איז געשטאַ־נען אַ שערבעל מיט עפּעס אַ מילכיגען שיטערען מאַכל. איבער'ן

איוויען האָט געקווימשעט אַ פייגעלע, וואָס האָט געמיהט זיך אָבצורייסען פון אַ ציקער־שטריקעל, און אַנ'אָבגעבלאַקירטער האָביכט איז זיך רוהיג געזעסען אויף'ן קאַנט, קיקענדיג פון דער זייט אויף דאָס היהנדעלע און איבערבויגענד דאָס קעפעל אַמאָל פון רעכטס אויף לינקס.

פעטער יעראָשקע אַליין איז געלעגען אין איין העמד מיט'ן בויך אַראָב אויף דעם קורצען בעטער, וואָס איז געשטאַנען צווישען וואַנד און איוועך, און פערדייסענדיג די שטאַרקע פיס איוף'ן איוועך האָט ער געקאָלופעט מיט'ן גראָבען פינגער די ראַצען אויף די הענד, וואָס האָט איהם אָנגעקראַצט דער האָביכט, וואָס ער האָט אויפגעהאָדעוועט אָהן הענטשקעס. אין גאַנצען צימער, בעזונדערס נעבען אַלטען איז די לופט געווען דורכגענומען מיט דעם שטאַרקען נישט אונאָנגענעהמען ריח, וואָס פלעגט שטענדיג בעלייטען פעטער יעראָשקע.

— אודע — מאַ, פעטער? (ד. ה.: צו הויז, פעטער?), — האָט זיך דערהערט פון פענסטער אַ שאַרפע שטים, און וועלכען ער האָט באַלד דערקענט די שטים פון שכן לוקאַשקע.

— אודע, אודע, אודע! אין דער היים, געה אַריין! — האָט געשריען דער אַלטער, — שכן מאַרקאַ, לוקאַ מאַרקאַ, וואָס, צום פעטער געקימען? אָדער דו געהסט אין קאָרדאָן?

דער האַביכט האָט זיך איופגעהאַפט פון בעל־הבית'ס געשריי און, זיך רייסענדיג אויף'ן שטריק, האָט ער גענומען פאַטשען מיט די פליגעל.

דער אַלטער האָט ליעב געהאַט לוקאַשקען און נאָר פאַר איהם איינעם האָט ער געמאַכט אַנ'אויסנאַהם אין דער פעראַכטינג צום יונגען דור. חוץ דעם, לוקאַשקע און זיין מוטער, ווי שכנים, פלעגען נישט זעלטען געבען דעם אַלטען ווייך, פראָדוקטען און אַנדערע זאַכען אין דער ווירטשאַפט, וועלכע האָבען אייסגעפעהלט ביי יעראָשקען. פעטער יעראָשקע, וואָס פלעגט זיך איבערגיין אין פאַר עפעס, פלעגט שטענדיג זוכען די סבה דערפון אין פראַקטישע מאָטיוען. „טהי וואָס איז, פערמעגענדיגע לייט, — פלעגט ער רעדען צו זיך, — איך ברענג זיי אַ היהנדעלע, אַ שטיק

פריש הזיר־פלייש, און זיי פערגעסען דעריבער נישט דעם פעטער: ברענגען אַ מאָל אַ קיכעלע, אַ שטיקעל ווייסע ברויט״.

— אַ געזונד דיר, מאַרקאַ! גוט וואָס דו ביסט אַריין, — האָט פרעהליך אויסגערופען דער אַלטער אין, מיט אַ גיכער בעוועגונג אַראָבלאָזענדיג די פיס פון בעט האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט, געמאַכט אַ פּאָר טריט אויף דעם סקריפּענדיגער פּאָדלאָגע, אַ קוק געטהאָן אויף זיינע אויסגעקעהרטע פיס און מיט אַ מאָל האָבען די פיס איהם זיך אויסגעזעהען לעכערליך: ער האָט אַ שמייכעל געטהון, אַ קלאַפּ געטהון איין־מאָל מיט דער באָרוועסער פּיאַטע און נאָך אַ מאָל זיך ווי אַ סאָלדאַט אומגעדרעהט. — גוט געמאַכט, האַ? — האָט ער געפרעגט, פינקעלענדיג מיט די קליינע אויגלעך. לוקאַשקע האָט קוים אַ שמייכעל געטהון.

— וואָס, צו געהסט שוין אין קאָרדאָן? — האָט געפרעגט דער אַלטער.

— איך האָב דיר געבראַכט טשיחיר, פעטער, וואָס איך האָב אין קאָרדאָן פערשפּראָכען.

— זאָל דיר הריסטאָס העלפען, — האָט געזאָגט דער אַלטער, אויפגעהויבען דעם בעשמעט אין טשאַמבאַרעס, וואָס האָבען זיך געוואַלגערט אויף דער פּאָדלאָגע, אָנגעטהון זיך, פערצויגען מיט אַ ריעמען, אָנגעגאָסען וואַסער פון אַ שערבעל אויף די הענד, זיי אָבגעווישט מיט אַן׳אַלטער טשאַמבאַרע, מיט אַ שטיקעל קאַם האָט ער צוקאַמט דעם באָרד און האָט זיך אַניעדערגעשטעלט פאַר לוקאַשקען. — פאַרטיג. — האָט ער געזאָגט. לוקאַשקע האָט געפונען אַ טעפּעל, אָבגעווישט, אָנגעגאָסען וויין און, זעצענדיג זיך אויף אַ באַנק, האָט ער דערלאַנגט דעם פעטער.

— זיי געזונד! דעם פאָטער און דעם זוהן!.. — האָט געזאָגט דער אַלטער מיט אַ וויכטיגער יום־טוב׳דיגער מינע, צונעהמענדיג דעם וויין. — אַז דו זאָלסט בעקומען, וואָס דו ווינשט זיך, אַז דו זאָלסט זיין אַ לייט, זאָלסט זיך צו אַ צלם דערדיענען!

לוקאַשקע האָט אויך מיט אַ תפילה אָבגעטרונקען פון דעם ווייץ און האָט איהם אַוועקגעשטעלט אויפ'ן טיש. דער אַלטער איז אויפגעשטאַנען, גענומען אַ געטריקענטע פיש, אַוועקגעלעגט אויפ'ן שוועל, צוקלאַפט איהם מיט אַ שטעקען אַז ער זאָל זיין ווייכער און, אַוועקלעגענדיג דעם פיש מיט זיינע פערגרעבטע הענד אויף זיין איינציגען בלאָהען טעלער, האָט ער איהם דער־לאַנגט צום טיש.

— איך האָב אַלץ, און אויף צו פערבייסען איז אויך דאָ, גאָט צו דאַנקען. — האָט ער שטאָלץ געזאָגט, — נו, און וואָס זאָגט מאָסעוו? האָט געפרעגט דער אַלטער.

לוקאַשקע האָט דערצעהלט, ווי דער אוריאַדניק האָט צו־גענומען פון איהם דעם ביקס, ווענדיג, ווי ס'ווייזט אוים, וויסען דעם אַלטענס מיינונג.

— צוליעב'ן ביקס שפּאַר זיך נישט איין. ווערסט נישט גע־בען דעם ביקס, וועט קיין בעלויהנונג נישט זיין, — האָט געזאָגט דער אַלטער.

— וואָס רעדסטו, פעטער! וואָס פאַר אַ בעלויהנונג פאַר נישט דערוואַכסענע (נישט דערוואַכסענע, רופט מען די קאָזאַקען, וואָס האָבען נאָך נישט אָנגעהייבען דעם דיענסט אויף'ן פערד)? און דער ביקס איז אַ וואוהלער, אַ קרימער, קאָסט אַבציג מאָנעטען.

— ע. פערגעס! געוועזן אַ מעשה איך האָב זיך צוקריעגט מיט'ן סאָטניק: אַ פערד ביי מיר געבעטען. גיעב, זאָגט ער, דעם פערד, איך וועל דיר צושטעלען פאַר אַ חאָרונזשע. איך האָב נישט געגעבען, איז טאַקע גאָר נישט אַרויס.

— וואָס איז דאָ צו רעדען, פעטער! אָט דאַרף מען קויפען אַ פערד און, מען זאָגט, אַז הינטער'ן טייך ווערסטו אונטער פופציג מאָנעטען נישט בעקומען. די מאַמע האָט נאָך נישט פערקויפט דעם ווייץ.

— עך! מיר האָבען קיין עגמת נפש נישט געהאַט, — האָט געזאָגט דער אַלטער: — ווען פעטער יעראָשקע איז געווען אין דיינע יאָהרען, פלעגט ער שוין מחנות פערד אָב'גנב'נען ביי

די נאָגאַיצעס און פערטרייבען זיי הינטער'ן טערעק. עס פלעגט טרעפען, אַז אַ וואוהלען פערד פלעגט מען אַוועקגעבען פאַר אַ שטאָף בראָנפען אָדער פאַר אַ בורקע.

— וואָס האָט איהר אַזוי וואָלוועל אַוועקגעגעבען? — האָט געפרעגט לוקאַשקע.

— שוטה, שוטה מאַרקאַ! — האָט מיט פעראַכטונג געזאָגט דער אַלטער, — מען קען נישט אַנדערש, דערום גנב'עסט דו, כדי נישט צו זיין קאַרג. און איהר האָט מן הסתם גאָר נאָך נישט געזעהען, ווי מען טרייבט פערד. וואָס שווייגסטו?

— וואָס זאָל איך רעדען, פעטער? מיר זענען, ס'ווייזט אויס, גאָר נישט אַזוינע מענשען, — האָט געזאָגט לוקאַשקע.

— שוטה, שוטה, מאַרקאַ! נישט אַזוינע מענשען! — האָט געענפערט דער אַלטער, איבערמישענדיג דעם יונגען קאָזאַק. — צו בין איך נישט געווען אין דיינע יאָהרען דער אייגענער קאָזאַק.

— צו וואָס איז? — האָט געפרעגט לוקאַשקע.

דער אַלטער האָט מיט פעראַכטונג אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ.

— פעטער יעראָשקע איז געווען אַנ'איינפאַכער, גאָר נישט געשאָנעוועט. דערום איז טאַקע גאַנצע טשעטשענצע געווען מיינע קונאַקעס. קומט צו מיר צו פאָהרען אַזאַ קונאַק, איך פאָיע איהם אָן מיט בראָנפען, גיעב איהם פון אַל'דאָס גוטס, לעג איהם שלאָפען אין איין בעט מיט מיר; און פאָהר איך צו איהם, ברענג איך איהם, פּעשקעש, אַ מתנה, אָט אַזוי איז מען זיך נוהג, און נישט ווי מען פיהרט זיך היינט: דער איינציגער נחת נאָר, מען קנאַקט סעמעטשקעס און שפייט אַרויס דעם שאָלעכץ, — האָט מיט פעראַכטונג געענדיגט דער אַלטער, איבערמישענדיג די פנים'ער, וואָס קנאַקען סעמעטשקעס און שפייען דעם שאָלעכץ ביי די היינטיגע קאָזאַקען.

— דאָס ווייס איך, — האָט געזאָגט לוקאַשקע, — דאָס איז אמת!

— ווילסטו דו זיין אַ וואוהלער יונג, זיי אַ דזשיגוט, נישט

קיין פויער. אַ פויער קען אויך אַ פערד קויפען: צעהלט אָב די מטבע און נעהמט זיך צו דאָס פערד.

זיי זענעןביידע ענטשוויעגען.

— עס איז דאָך אַזוי לאַנגווייליג, פעטער, אין דער סטאַניצע אָדער אין קאָרדאָן; און זיך צוהוליענען איז ניטאָ — וואו, אַלץ אַנ'עולם וואָס שרעקט זיך. אָט האָטש נאַזאַרען נעהם. די טעג בין איך געוועזן אין אאול; האָט גיריי־חאַן גערופען אין נאָגאַי נאָך פערד. קיינער איז נישט געפאָהרען; און ווי פאָהרט מען אליין?

— און וואו איז דער פעטער? דו מיינסט, אַז איך בין שוין אויסגעטריקענט! גיעב אַ פערד, איך פאָהר באַלד קיין נאָגאַי.

— צו וואָס די פוסטע רעד! — האָט געזאָגט ליקאַ, — אָט דו זאָג ווי זיך נוהג צו זיין מיט גיריי־חאַן? ער זאָגט, אַז דו ברענג נאָר דעם פערד ביז צום טערעק, און דאָרטען חאָטש גיעב אַ גאַנצען פאָלק, איך וועל שוין געפינען אַנ'אָרט. ער איז דאָך אַ נעגאָלטער שטערען, שווער איהם צו גלויבען.

— גיריי־חאַן מעג מען גלויבען, דער גאַנצער אָבשטאַם זיינער זענען גוטע מענשען; זיין פאָטער איז געוועזן אַ טרייער קונאַק. האָרך נאָר דעם פעטער, איך וועל דיר צו קיין שלעכטס נישט צורעדען: הייס איהם געבען אַ שבועה, וועט שוין זיין אַלץ רעכט. און ווען דו פאָהרסט מיט איהם, האַלט פונדעסטוועגען דעם פיסטאָלעט גרייט. גיכער נאָך דעמאָלסט, ווען מען וועט אָנהויבען זיך טיילען מיט די פערד. איינמאָל, האָט מיך נישט שיער אַזוי אַוועק גע'הרג'עט עפעס אַ טשעטשענעץ; איך האָב ביי איהם פערלאַנגט צעהן מאָנעטען פאַר אַ פערד. גלויבען — גלויב, אָבער אָהן אַ ביקס זאָלסט זיך שלאָפען נישט לעגען.

לוקאַשקע האָט אויפמערקזאַם געהערט דעם אַלטען.

— אמת פעטער? מען זאָגט אַז דו האָסט אַזאַ וואונדער־גראָז, — האָט ער געזאָגט, שווייגענדיג אַ ווייל.

— אַזאַ גראָז האָב איך נישט. אָבער, זאָל שוין מיינע

איבערגעזעהען, איך וועל דיר אויסלערנען, ביסט אַ וואוהלער יונג. אייסלערנען, האַ?

— לערן אוים, פעטער.

— אַ פאַנצער־זשאַבע קענסטו? דאָס איז דאָך אַ שד, די פאַנצער־זשאַבע.

— ווי קען מען דאָס נישט!

— געפין איהר נעסט אין פערפלעכט דאָס מיט אַ פלאָנ־טער ארום, אַז זי זאָל נישט קענען אַרויס. וועט זי קומען, זיך דרעהען אַרום נעסט אין וועט באַלד אַוועק צוריק, וועט געפינען דעם וואונדער־גראָז, וועט דאָס ברייגנען און וועט צינישטער־ען דעם פלאָנטער. און דו אָט קום צום רעכטער צייט דעם אַנדערען מאָרגען און זעה: וואו עס איז צובראָכען, דאָרטען ליעגט דאָס וואונדער־גראָז. נעהם צו און טראָג אַוועק, וואוהין דו ווילסט. וועט שוין נישט זיין פאַר דיר נישט קיין שלאָס, נישט קיין ריעגעל.

— צו האָסטו אויספּראָבירט אַ מאָל, פעטער?

— געפּראָבירט האָב איך נישט, אָבער גוטע לייט האָבען מיר דאָס געזאָגט. איך האָב נאָר געהאַט איין פערדעניש, „געזונד זאָלט איהר זיין", וואָס איך פלעג זאָגען, אייהדער איך פלעג זיך זעצען אויף'ן פערד. קיינער האָט נישט צוגע'הרג'ט דערווייל.

— וואָס איז דאָס פאַר „אַ געזונד זאָלט איהר זיין".

— און דו ווייסט נישט? עך, לייט! אָט פרעג טאַקע דעם פעטער. נו, האָרך, זאָג מיר נאָך:

געזונד זאָלט איהר זיין, וואָס לעבט אין ציון.

דאָס איז דיין קייזער.

מיר זעצען זיך אויף די פערד.

סאָפאָניע יאָמערט.

זכריהו רעדט.

פאָטער מאַנ־אַריטשע.

וואָס האָט האָלד מענשען.

— וואָס האָט האָלד מענשען, — האָט איבערגע׳חזר׳ט דער אַלטער — נו ווייסט שוין? זאָג איבער.

לוקאַשקע האָט זיך פערנאַנדער נעלאַכט.

— וואָס, פעטער, צוליעב דעריבער האָט מען דיך נישט דער׳הרג׳עט? און אפשר יאָ.

— איהר זייט געוואָרען חכמים. דו לערן זיך אויס און זאָג — קיין שלעכטס וועט דערפון דיר נישט אַרויס קימען. נו. זינג „מאַנדאַריטשע” און אויס, — און דער אַלטער האָט זיך צולאַכט. — און דו, לוקאַ פאָהר נישט אין נאָגאַי, הערסט!

— פאַר וואָס?

— ס׳איז נישט די צייט, עס איז נישט דער עולם פון אַמאָל, אומזיסט זייט איהר קאָזאַקען. און וויפיעל רוסישע לייט מען האָט דאָ צונויפגעטריעבען! מען וועט נאָך פער׳משפט׳ען. לאָז, אין דער אמת׳ען. וואו קריעכט איהר! אָט אַמאָל איך מיט גירימשקען...

און דער אַלטער האָט זיך שוין געגרייט דערצעהלען איינע פון זיינע אינענדליכע מעשׂית. נאָר לוקאַשקע האָט אַ קוק געטהון אין פענסטער.

— ס׳איז שוין פולער טאָג, פעטער, — האָט ער איהם איבערגעהאַקט. — שוין צייט, קום אַמאָל אַריין.

— זאָל דיר חריסטאָס העלפען, און איך וועל אַריין צום אינפאַנטעריסטען: פערשפּראָכען צו פיהרען אויף נעיעג; שיינט, אַ גוטער מענש צו זיין.

## XVII.

פון יעראָשקען איז לוקאַשקע אַוועק אַהיים. ווען ער איז אוועק האָט שוין אַ פייכטער טהויאיגער טומאַן זיך אופגעהויבען פון דער ערד און אַיינגעהילעט די סטאַניצע. די בהמות, וואָס האָבען זיך נישט געזעהען, האָבען זיך גענומען ריהרען פון אַלע זייטען. עפטער און עקשנות׳דיגער האָבען זיך צושריען די העהנער. די לופט איז געוואָרען קלאָרער, און דער עולם האָט

אָנגעהויבען אויפצושטעהן. צוגעהענדיג נאָהענט, האָט לוקאַשקע בעטראַכט דעם פאַרקאַן, נאַס פון טומאַן, דאָס גאַניקעל פון שטוב און דאָס אָפענע שטעלכעל.

אויף'ן הויף האָט זיך געהערט דער קלאַנג פון האַקען האָלץ. די מאַמע איז אויפגעשטאַנען און, שטעהענדיג פאַר'ן אויווען האָט זי געוואָרפען אין איהם האָלץ. אויפ'ן בעטעל האָט נאָך געשלאָפען דאָס שוועסטערעל.

— וואָס, לוקאַשקע, האָסט זיך אָנגעהוליעט, — האָט שטיל געזאָגט די מאַמע, — וואו ביסטו דאָס געוועזן די נאַכט?

— אין סטאַניצע געוועזן, — האָט נישט גערן געענפערט דער זוהן, אַרויסנעהמענדיג פון טשיך דעם ביקס און בעקוקענדיג איהם.

אַריינשיטענדיג פולווער אין קעסטעל פון ביקס, האָט לוקאַשקע אָבגעזוכט אַ זעקעלע, אַרויסגענומען פון איהם עטליכע לעדיגע גילזען און האָט זיי אָנגעהויבען אָנלאָדען, פערשטאָפענדיג זיי אַקוראַטנע מיט אַ קוילכעל, איינגעוויקעלט אין אַ שמאַטקע. אַרויסרייסענדיג מיט די צייהן די פערשטאָפטע גילזען און, בעקוקענדיג זיי נאָך אַ מאָל, האָט ער אַוועקגעלעגט דעם זאַק אויף אַנ'אָרט.

— הער, מאַמעלע, איך האָב דיר געבעטען פעריכטען די טאָרבעס: האָסטו פעריכט? — האָט ער געפרעגט.

— ווי דען! די שטומע האָט נעכטען געצירעוועט עפעס. צו איז שוין צייט דיר צו געהען אין קאָרדאָן? איך האָב דיך גאָר נישט אָנגעזעהען.

— איך וועל זיך נאָר צורעכט מאַכען, און מען מוז שוין געהען. — האָט געזאָגט לוקאַשקע, פעבינדענדיג דאָס זעקעלע פולווער. — און וואו איז די שטומע? צו איז זי אַוועקגעגאַנגען?

— מן הסתם האָלץ האַקען. זיך מצער געווען אַלץ צוליעב דיר. איך וועל איהם שוין קיינמאָל נישט זעהען, זאָגט זי. מאַכט אָט אַזוי מיט דער האַנד צום פנים, קנאַקט מיט דער צונג און דריקט אַזוי די הענד צום האַרצען: כלומר'שט,

אַ רחמנות. זאָל איך איהר אפשר רופען? וועגען אַברעקען האָט זי דאָך אַלץ פערשטאַנען.

— ריף, — האָט געזאָגט לוקאַשקע, — עס איז נאָך גע־וועזען ביי מיר אַ שטיקעל פעטס, דערלאַנג אַהער. מען דאַרף דעם שווערד אויסשמירען.

די אַלטע איז אַרויס, און אין אַ ווײלע אַרום איז אַריין אין שטיב דורך די סקריפענדיגע טרעפּלעך לוקאַשקעס שטומע שוועס־טער. זי איז געווען מיט זעכס יאָהר עלטער פאַר לוקאַשקען, און איז געווען זעהר שטאַרק עהנליך צו איהם, ווען נאָר נישט דער טעמפּער פּנים, מיט די גראָבע גרימאַסען, מיט וואָס עס צייכנען זיך אויס אַלע טויב־שטומע. אָנגעטהון איז זי געווען אין אַ גראָב פערלאַטעט העמד; די פיס זענען געווען באָרוועס און פערפאַטשקעט; אויפ׳ן קאָפּ האָט זי געהאַט אַן אַלט בלאָה טיכעל. דער קאַרק, דאָס געזיכט זענען געווען אָדערדיג, ווי ביי אַ פּויער. נאָך די קליידער נאָך, און נאָך אַנדערע סימנים, האָט מען באַלד געזעהען, אַז זי האָרעוועט שווער ווי אַ מאַנסביל. זי האָט אַריינגעטראָגען אַ בינדטעל האָלץ און דאָס צוגעשליידערט צום אויווען. דערנאָך איז זי צו צום ברודער מיט אַ גליקליכען שמייכעל, וואָס האָט צוקנייטשט דעם גאַנצען פּנים, האָט איהם אָנגעריהרט ביי׳ן פּלייצע און האָט אָנגעהויבען צו מאַכען איהם האַסטיגע סימנים מיט די הענד, מיט׳ן פּנים און מיט׳ן גאַנצען קערפּער.

— שוין גוט, שוין גוט! סטעפּקאַ, אַ לייט, — האָט גע־ענטפערט דער ברודער, שאָקע׳ענדיג מיט׳ן קאָפּ, — אַלץ אָנגע־גרייט, פּעריכט, לייט! אָט האָסטו דערפאַר! — האָט ער אַרויס־גענומענדיג פון קעשענע, איהר דערלאַנגט צוויי לעקעכלעך.

דער שטומענס געזיכט איז רויט געוואָרען, און זי האָט זיך צוברומט פון שמחה. האַסטיג צונעהמענדיג די לעקעכלעך, האָט זי נאָך גיכער גענומען מאַכען צייכענס, אָנווייזענדיג אָפט אויף איין זייט און פערבייפיהרענדיג מיט׳ן גראָבען פינגער פאַרביי די ברעמען אין געזיכט. לוקאַשקע האָט איהר פערשטאַנען, און ער האָט שמייכלענדיג, אַלץ צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ. זי האָט גע־

רערט, אַז דער ברודער האָט געגעבען די מיידלעך גוטע זאַכען; אַז די מיידלעך האָבען איהם אַלע האָלד, דאָס איינע אַ מיידעל מאַריאַנקע איז בעסער פאַר אַלעמען, און זי האָט איהם אויך האָלד. מאַריאַנקען האָט זי בעצייכענט דערמיט, וואָס זי האָט האַסטיג געוויעזען אין דער ריכטונג פון חאַרונזשעס הויף, אויף איהרע ברעמען, איהר פּנים, קלינגענדיג מיט דער צונג און שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ. „ליעבט", האָט זי געוויזען דערמיט, וואָס זי האָט צוגעדריקט די האַנד צום האַרצען, קושענדיג די האַנד און ווי אַרומנעהמענדיג עפּעס. די מאַמע איז צוריק אַריין אין שטוב און, דערפאַהרענדיג מכח וואָס עס איז דאָ גערערט געוואָרען פון דער שטומע, האָט זי זיך צושמייכעלט און געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— איך האָב די טעג געזאָגט אולימען, אַז איך וועל קומען אָנבאָטען דעם שדוך. — האָט געזאָגט די מאַמע, — זי האָט גוט אָנגענומען מיינע רעד.

לוקאַשקע האָט שווייגענדיג אַ קוק געטהאָן אויף דער מאַמען.

— וואָס רעדסטו מאַמע? מען דאַרף דעם וויין אַרויספיהרען. אַ פערד קויפען.

— כ'יועל אַרויספיהרען, אַז ס'וועט קומען די צייט; איך וועל די פעסער פעריכטען, — האָט געזאָגט די מוטער, ווייזט אויס, נישט ווינשענדיג, אַז דער זוהן זאָל זיך מישען אין בעל־הבית'ישקייט. — ווען דו וועסט אַוועקגעהען, — האָט אָנגעזאָגט די מאַמע דעם זוהן, — נעהם נאָר דעם זאַק אין פאָרהויז. ביי לייטען געליעהען. אָנגעגרייט דיר אויף צו נוצען אין קאָרדאָן. אָדער זאָל איך דאָס אין דער סאַקווע אַריינלעגען. (סאַקווע, רופען אָן די קאָזאַקען אַ טאָרבעטשקע, וואָס זיי פערלעגען דאָס הינטער'ן זאָטעל).

— רעכט, — האָט געענטפערט לוקאַשקע, — און ווען פון הינטער'ן טייך וועט קומען גיריי־חאַן, טאָ שיק איהם אין קאָרדאָן, וואָרום איצט יועט מען נישט אַזוי גיך אָבלאָזען אַהיים. איך האָב מיט איהם אַנ'עסק.

ער האָט זיך גענומען קלייבן אין וועג.

— איך וועל איהם שיקען, שיקען, לוקאַשקע. הייסט דאָס, אַז די גאַנצע נאַכט האָסטו בײַ יאַמקען געהוליעט? — האָט געזאָגט די אַלטע, — דעריבער האָב איך טאַקע בײַ נאַכט, ווען איך בין אַרויס צו די בהמות, געהערט, אַקוראַט ווי דײַן שטימע וואָלט געזונגען ליעדלעך.

לוקאַשקע האָט גאָר נישט געענפערט, איז אַרויס אין פאָרהויז, פערוואַרפענדיג איבער׳ן פּלייצע דאָס זעקעל. האָט אונטערגעקאַשערט דעם מאַנטעל, גענומען דעם ביקס און האָט זיך אָבגעשטעלט בײַ דער שוועל.

— זײַ געזונד, מאַמעלע, — האָט ער געזאָגט צו דער מוטער, פערמאַכענדיג הינטער זיך דעם טהויער. — שיק נאָר דאָס פעסעל מיט נאַזאָרקען; פערשפּראָכען די קאַמעראַדען; ער וועט אַרײַנקומען.

— זאָל דיר חריסטאָס בײַשטעהען, לוקאַשקע! גאָט זאָל זײַן מיט דיר! כ׳וועל צושיקען, פון דעם פרישען פאַס צושי-קען, — האָט זיך געזעגענט די אַלטע, צוגעהענדיג צום פּאַרקאַן, — הער נאָר עפּעס, — האָט זי צוגעלעגט, זיך אַריבערבויגענדיג איבער׳ן פּאַרקאַן.

דער קאָזאַק האָט זיך אָבגעשטעלט.

— דו האָסט דאָ געהוליעט, נו, גאָט צו דאַנקען דערפאַר! ווי זאָל דאָס אַ יונגער מענש נישט פרעהליך זײַן? נו, און גאָט האָט דיר געגעבען הצלחה. דאָס איז אַלץ וואוהל. אָבער דאָר-טען, זוהנדלע, זעה נאָר, אַז דו זאָלסט זיך האַלטען... מעהר פאַר אַלץ גיעב נאָך דײַן עלטעסטען, מען טאָר נישט אַנדערש! און איך וועל פערקויפען דעם ווײַן, אָנגרײַטען געלד אויף אַ פערד און איך וועל דיר אַ מיידעל אויס׳שרכנ׳ען.

— שיין רעכט, רעכט! — האָט געזאָגט דער זוהן, זיך בייזערענדיג.

די שטומע האָט אַ געשרײַ געטהון. דאַמיט מען זאָל זי אויך בעמערקען. געוויעזען אויפ׳ן קאָפּ און האַנד, וואָס דאָס האָט בעטײַט: אַ געגאָלטע קאָפּ, אַ טשעטשענעץ. דערנאָך צוזאַמענ-

ציהענדיג די ברעמען, האָט זיך געמאַכט אַ מינע, אַז זי צילעווועט זיך פון אַ ביקס, אַ געשריי געטהון און אָנגעהויבען האסטיג צו זינגען, שאָקעלענדיג מיט'ן קאָפּ. זי האָט געזאָגט, אַז לוקאַשקע זאָל הרג'ענען נאָך אַ טשעטשענעץ.

לוקאַשקע האָט פערשטאַנען, אַ שמייכעל געגעבען און מיט גיכע, לייכטע טריט, אונטערהאַלטענדיג דעם ביקס הינטער'ן פּלייצע אונטער דער בורקע, איז ער פערשוואונדען אין געדיכטען נעבעל.

שטעהענדיג נאָך אַ ווײַלע ביי'ן טהויער, איז די אַלטע אַריין צוריק אין שטוב, און האָט זיך באַלד גענומען פאַר דער אַרבייט.

# XVIII.

לוקאַשקע איז אַוועק אין קאָרדאָן, און פּעטער יעראָשקע, אין דער אייגענער צייט, האָט צונויפגעפייפט די הינד און, אַריבערקריכענדיג איבער'ן פּאַרקאַנדעל, איז ער מיט זייטיגע אַרומיגע וועגען צוגעגאַנגען צו אָליענינ'ס קוואַרטיר. געהענדיג אויף נעיעג האָט ער נישט ליעב געהאַט זיך צו טרעפען מיט ווייבער. אָלענין האָט נאָך געשלאָפען און אַפילו וואַניושע, זיך אויפחאַפּענדיג, נאָר נאָך נישט אויפשטעהענדיג, האָט זיך אַרומגעקוקט, און האָט געפרובט טרעפען, צו איז שוין צייט אויפצושטעהען, צו נישט. פּעטער יעראָשקע מיט'ן ביקס הינטער'ן פּלייצע און אין גאַנצען יעגערשען פּוץ האָט אויפגעעפענט די טהיר.

— שטעקענס אַהער! — האָט ער זיך צושריען מיט זיין געדיכטען באַס, — אַנ'איבערקעהרעניש! טשעטשענצעס זענען דאָ! איוואַן, שטעל אויף דעם האַר דיינעם, דעם סאַמאָוואַר, און דו שטעה אויף! לעבעדיג! — האָט געשריען דער אַלטער. — אָט אַזוי פיהרט זיך ביי אונז, גוטער מענש! אָט זענען שוין די מיידלעך אויפגעשטאַנען. קוק אין פענסטער, קוק נאָר, זיי געהען שוין נאָך וואַסער און דו שלאָפסט.

אָלענין האָט זיך אויפגעהאַפּט און איז אויפגעשפּרונגען.

און עס איז איהם אַזוי פריש און פרעהליך געוואָרען אויפ'ן האַר-צען, ווען ער האָט דערזעהען דעם אַלטען און דערהערט זיין שטים.

— לעבעדיג! לעבעדיג, וואַניושאַ! — האָט ער אַ געשריי געגעבען.

— אָט אַזוי געהסטו דאָס אויף נעיעג! מענשען פריה-שטיקען, און דו שלאָפסט, ליאַם! וואוהין? — האָט ער אַ געשריי געגעבען אויפ'ן הונד.

— דער ביקס איז שוין צורעכט געמאַכט? — האָט גע-שריען דער אַלטער, אַקוראַט ווי אין שטוב וואָלט געווען אַ גאַנצער המון מענשען.

— מילא, פערזוינדיגט זיך, נישטאָ וואָס צו מאַכען. פול-ווער, וואַניושע, גילזען! — האָט געזאָגט אָלענין.

— שטראָף — האָט געשריען דער אַלטער.

— דו טע וואולעוואו? — האָט געזאָגט וואַניושאַ און זיך נאַריש צולאַכט.

— דו ביסט נישט אונזערער! דו פלאַפּעלסט נישט אין אונזער לשון, שד! — האָט געשריען אויף איהם דער אַלטער אויסשטשירענדיג די וואָרצלען פון די צייהן.

— פאַר'ן ערשטען מאָל איז מען מוחל, — האָט געשמיי-כעלט אָלענין, אַרויפציעהענדיג די גרויסע שטיוועל.

— פאַר'ן ערשטען מאָל איז מען מוחל, — האָט געענטפערט יעראָשקע, — אָבער ווען דו וועסט אַ צווייטען מאָל פערשלאָפען — אַנ'עמער טשיחיר שטראָף. אַז עס וועט וואַרעמער ווערען, וועסטו שוין דעם הירש נישט געפינען.

— און ווען דו וועסט איהם געפינען, איז ער דאָך קלי-גער פאַר אונז, — האָט געזאָגט אָלענין, איבער'חזר'ענדיג די רעד פון אַלטען, וואָס ער האָט נעכטען געזאָגט. — איהם וועסטו נישט אָבנאַרען.

— דו לאַך נאָר! אָט דער'הרג'ע נאָר, און דעמאָלסט רעד. נו, לעבעדיג! קוק, אָט געהט דער בעל־הבית צו דיר, — האָט געזאָגט יעראָשקע, וואָס האָט אַלץ געקוקט אין פענסטער.

— זעהט נאָר, ווי ער האָט זיך אייסגעפוצט, אַ נייעם ראָק אָנ־געטהון, אַז דו זאָלסט זעהען, דאָס ער איז אַנ'אָפיציער. עך! ס'אַרע לייט, ס'אַרע לייט!

און ווירקליך, וואַניושע האָט געמעלדעט, אַז דער בעל־הבית וויל זעהען דעם האַר.

— לאַרזשאַן. — האָט ער מיט אַ טיעפען געדאַנקען גע־זאָגט, געבענדיג פאָרויס צו פערשטעהען דעם האַרען די כונה פון חאַרונזשעס וויזיט. באַלד דערויף איז אַריין דער ווייט אַליין אין אַ נייער טשערקעסקע, מיט אָפיציערסקע עפּאָלעטען און געפוצטע שטיוועל, — אַ זעלטענע זאַך ביי קאָזאַקען, — מיט אַ שמייכעל אויף די ליפען און, זיך וויעגענדיג אויף די זייטען, האָט ער געוואונשען גליק אויפ'ן נייעם אָרט.

דער חאַרונזשע, איליאַ וואַסילעוויטש, איז געווען אַ גע־בילדעטער קאָזאַק, וואָס האָט זיך שוין אָנגעזעהן רוסלאַנד, איז געווען אַ שול־לעהרער און, די הויפּטזאַכע, איז געווען אַנ'־אַדעלמאַן. איהם האָט זיך שטאַרק געוואָלט זיין אַנ'אַדעלמאַן; נאָר, נישט ווילענדיג, האָט זיך געפיהלט, אַז אונטער די אָנגע־נומענע מיאוסע גלאַטע מאַניערען פון העפליכקייט, בעזעסענקייט און דער אונגעלומפּערטער איידעלער שפּראַך איז געזעסען דער אייגענער פעטער יעראָשקע.

— גוט מאָרגען דיר, פאָטערל איליאַ וואַסיליעוויטש! — האָט געזאָגט יעראָשקע, אויפשטעהענדיג און, ווי עס האָט אויס־געוויעזען אָלענינען, זיך איראָניש טיעף ביקענדיג.

— גוט מאָרגען, פעטער! דו ביסט שוין אויך דאָ? — האָט געענטפערט דער חאַרונזשע, פון אויבען אַראָב צושאָקע־לענדיג איהם מיט'ן קאָפּ.

דער חאַרונזשע איז געווען אַ מענש פון אַ יאָהר פערציג, מיט אַ גראָהען ציגענעם בערדעל, אַ דאַרער, שלאַנקער און נאָך גאַנץ שעהן פאַר זיינע פערציג יאָהר. אַריינקומענדיג צו אָלענינען האָט ער, ווי ס'ווייזט אויס, פחד געהאַט, אַז מען זאָל איהם נישט אָננעהמען פאַר אַ געוויעהנליכען קאָזאַק, און געוואָלט איהם באַלד געבען צו פיהלען, וואָס ער איז אַזוינס.

— דאָס איז אונזער נמרוד פון מצרים, האָט ער געזאָגט, ווייזענדיג מיט אַ צופריעדענעם שמייכעל אויפ'ן אַלטען, זיך צוקעהרענדיג צו אָלעניגען. — אַ יעגער פאַר גאָט. דער ערשטער בריה ביי אונז. האָבען שוין געלייטזעיגט בעקאַנט צו ווערען מיט איהם?

פעטער יעראָשקע, בעטראַכטענדיג די פיס, וואָס זענען געווען אין נאַסע פּאָרשנעס, האָט אַ פּערקלערטער געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ, עפּעס ווי ער וואָלט נשתּומם געוואָרען פון דעם האַרונזשעס לומדות, און ער האָט גע'הזר'ט פאַר זיך: נמרוד ...צרים! וואָס ער קען נישט אויסטראַכטען?!

— אָט מיר קלייבען זיך טאַקע אויף געיעג, — האָט געזאָגט אָליענין.

— ריכטיג אַזוי, — האָט געזאָגט דער האַרונזשע, — און איך האָב צו אייך אַנ'עסק'על.

— וואָס ווילט איהר זאָגען גוטס?

— אַזוי ווי איהר זייט אַנ'איידעלמאַן, — האָט אָנגעהויבען דער האַרונזשע, — און ווי איך פערשטעה זיך, זענען מיר אייך אַ מענש מיט'ן טיטעל אָפיציער, און דעריבער ווילען מיר קענען צורעכט קומען, ווי אַלע איידעלע לייט. (ער האָט זי־ ייבנגעשטעפּט און אַ קוק געטהאָן מיט אַ שמייכעלע אויפ'ן אַלטען אָלעניגען). נאָר אויב איהר וואָלט געהאַט דעם ווינש, לויט מיין איינשטימונג, וואָרום מיין ווייב איז אַ נאַרישע פרוי אין אונזער שטאַנד, האָט זי נישט געקענט אין דער היינטיגער צייט גענוי בעגערמען אייערע רעד פון נעכטיגער דאַטע. וואָרום די קוואַרטיר מיינע פאַר'ן פּאָלק-אַדיוטאַנט וואָלט געקענט געהען אָהן אַ שטאַל פאַר זעכס מאָנאַטען, און פאַר אומזיסט קען איך אַלע מאָל, ווי אַנ' איידעלמאַן, אָבטיילען פון זיך. און אויב עס ווינשט זיך אייך, קען איך, ווי אַליין אַ מענש מיט אַנ'אָפיציערסקען טיטעל, אין אַלץ איינשטימען מיט אייך, און ווי אַ בעוואוהנער פון היגען קאַנט נישט נאָר נאָך אונזער מנהג נאָך, נאָר איך קען היטען אַלע בעדינגונגען.

— רעדט ווי אַ מאַראַס, — האָט געבורטשעט דער אַלטער.

דער האַרונזשע האָט נאָך לאַנג גערעדט אין דעם אייגענעם אופן. פון דעם אַ־עם האָט אָלענין קוים מיט צרות פערשטאַנען דעם וואונש פון אַלטען, וואָס האָט פערלאַנגט זעכס זילבערנע רובעל אַ חודש פאַר די וואוהנונג. ער האָט גערן איינגעווילינגט און אָנגעבאָטען זיין גאַסט אַ גלאָז טהע. דער האַרונזשע האָט זיך אָבגעזאָגט.

— לויט אונזער נאַרישען מנהג, — האָט ער געזאָגט, — האַלטען מיר פאַר אַ זינד צו בענוצען אַ וועלטליך גלאָז. איינגענטליך, לויט מיין בילדונג, וואָלט איך געקענט פערשטעהען, נאָר מיין ווייב לויט דער מענשליכער שוואַכקייט...

— טאָ וואָס, מעג מען אייך געבען אַ גלאָז טהע?

— אייב איהר וועט ערלויבען, וועל איך ברייננגען מיין גלאָז, אַ בעזונדערען, — האָט געענטפערט דער האַרונזשע און איז אַרויס אויפ'ן גאַניק. — אַ גלאָז אַהער! — האָט ער אַ רוף געטהון.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט זיך געעפענט די טהיר און אַ פערברוינטע יונגע האַנד אין אַ ראָזעווען אַרבעל האָט זיך בעוויזען מיט אַ גלאָז. דער האַרונזשע איז צו צו דער טהיר, גענומען דאָס גלאָז און עפעס שטיל גערעדט מיט דער טאָכטער. אָלענין האָט איינגעגאָסען טהע דעם האַרונזשען אין דעם בעזונדערען גלאָז, יעראָשקען — אין דעם וועלטליכען.

— איך וויל אייך אָבער נישט פערהאַלטען, — האָט געזאָגט דער האַרונזשע, זיך אָבריהענדיג און אויסטרינקענדיג דעם טהע, — אָט אַזוי ווי איך בין, האָב איך אויך אַ שטאַרקען חשק צום פישפאַנג, און דאָך בין איך נאָר ווי אויף אַ ווייל, ווי אויף רעקרעאַציע פון מיין שטעל. איך וויל אויך אויספּרובען מיין גליק צו וועט ניט אַריין אין מיין גורל די געשענקען פון טערעק. איך האָף, אַז איהר וועט אויך מיך בעזוכען, אַ טרונק טהון דעם טאַטענס, נאָך אונזער סטאַניצע־מנהג, — האָט ער צוגעלעגט.

דער האַרונזשע האָט זיך פערנייגט, געדריקט די האַנד אָלענינען און איז אַרוס. אין דער צייט ווען אָלענינען האָט זיך

צוגעגרייט, האָט ער געהערט דעם בעפעהלענדיגען און דעם פעס טען קול פון האַרונזשע, וואָס האָט אָבגעגעבען די היימישע אַלערליי בעפעהלען. און אין עטליכע מינוט, האָט אָלענין גע־זעהען, ווי דער האַרונזשע אין פערקאַשערטע הויזען ביז די קניע און אין אַ צוריסענעם בעשמעט מיט אַ נעץ אויף דער פלייצע איז פערביי פאַר זיין פענסטער.

— אַ געריעבענער יונג, — האָט געזאָגט יעראָשקע אויס־טרינקענדיג די טהע פון וועלטליכען גלאָז. — וועסטו איהם דאָס טאַקע געבען זעכם מאָנעטען? געהערט אַנ'אַקט? די בעסטע שטוב וועט מען דיר אין דער סטאַניצע אַוועקגעבען פאַר צוויי מאָנע־טען. ס'אַרע אַ בעסטיע! איך וועל דיר מיינע אַוועקגעבען פאַר דריי מאָנעטען.

— ניין, איך וועל שוין דאָ בלייבען, — האָט געזאָגט אָלענין.

— זעכס מאָנעטען! מן הסתם געשאָנקענע געלד. עכ־ך! האָט געענטפערט דער אַלטער, — איוואַן, דערלאַנג טשיחיר.

צוביסענדיג און אויסטרינקענדיג בראָנפען אויפ'ן וועג, איז אָלענין מיט'ן אַלטען צוזאַמען אַרויס אויפ'ן גאַס אַ זייגער אַכט אין דער פריה.

אין טהויער האָבען זיי זיך בעגעגענט מיט אַנ'איינגעשפאַנ־טער פוהר. פערבונדען ביז די אויגען מיט אַ ווייס טיכעל, מיט אַ בעשמעט איבער'ן העמד, אין שטיוועל און מיט אַ לאַנגען רי־מעל אין האַנד, האָט מאַריאַנע געשלעפט אָקסען פאַר אַ שטריק, וואָס איז געוועז צוגעבונדען צו זייערע הערנער.

— מאַמעלע, — האָט געזאָגט דער אַלטער, מאַכענדיג אַ מינע, ווי ער וויל זי אַרומנעהמען.

מאַריאַנקע האָט זיך פערמאָסטען אויף איהם מיט'ן ריטעל און האָט פרעהליך אַ קוק געטהון אויף ביידען מיט איהרע שענע אויגען.

אָלענינען איז נאָך פרעהליכער געוואָרען אויפ'ן האַרצען.

— נו, לאָמיר געהען! — האָט ער געזאָגט, ארויפוואַר־

פענדיג דעם ביקס אויף דער פלייצע און פיהלענדיג אויף זיך דעם בליק פון מיידעל.

— הי, הי! האָט געקלונגען הינטער איהם די שטימע פון מאַריאַנען, און באַלד דערויף האָט אָנגעהויבען סקריפּענען די פוהר, וואָס האָט זיך גענומען ריהרען.

דער נעבעל האָט זיך טיילוויַיז אויפגעהויבען, ענטפּלעקענ־דיג נאַסע געפּלאָצטענע דעכלעך, טיילווייז זיך פערוואַנדעלט אין טהוי, פייכט מאַכענדיג דעם וועג און דאָס גראָז ביי די פּאַרקאַ־נעס. אומעטום האָט שוין געדרעהט זיך דער רויך פון די קוי־מענס. דער עולם איז שוין אַוועק פון דער סטאַניצע — ווער צו דער אַרבייט, ווער צום טייך און ווער צום קאָרדאָן. די יעגער זענען געגאַנגען צוזאַמען מיט דעם פייכטען מיט גראָז פערוואַכ־סענעם וועג. די הינד, פאָכענדיג מיט'ן עק און זיך אַרומקוקענ־דיג אויפ'ן בעל־הבית זייערען, זענען געלאָפען ביי'ן זייט וועג. מיליאָנען מיקען האָבען געהוזשעט אין דער לופט און האָבען גע־רודפ'ט די יעגער, בעדעקענדיג זייער רוקען, הענד און אויגען. עס האָט געשמעקט מיט גראָז אין דער פייכטקייט פון וואַלד. אָלענין האָט זיך אַלע ווײַלע אַרומגעקוקט אויף די פוהר, אויף וועלכער עס איז געזעסען מאַריאַנע, און צוגעטריעבען מיט'ן ריטעל די אָקסען.

כל זמן דער וועג איז געגאַנגען הינטער די סטאַניצע ביי די לאָנקעס, האָט יעראָשקע נישט אויפגעהערט צו רעדען. ער האָט נישט געקענט פערגעסען דעם חאַרוגזשע און האָט איהם כסדר געזידעלט.

— וואָס ביסטו אַזוי אין כעס אויף איהם? — האָט איהם געפרעגט אָלענין.

— אַ קאַרגער! איך האָב איהם פיינד, — האָט געענט־פערט דער אַלטער. — ער וועט פגר'ן, וועט אַלץ איבערבליי־בען. פאַר וועמען אייביג שפּאָרען? אויפגעבויט צוויי הייזער. אַ צווייטען גאָרטען האָט ער ביי'ן ברודער צ־נגע'גזל'ט. היינט וואָס איז דאָס פאַר אַ בריה אַ הינד אין פּאַפּירענ־שרייבען! מען קומט צו איהם צו פאָהרען פון אַנדערע סטאַניצעס אַ פּאַפּיער אויפ־

שרייבען. וועט ער דיר אָנשרייבען, וועט שוין זיין, ווי מען דאַרף. און צוליעב וועמען שפּאָרען? אין גאַנצען איין יונגעל און אַ מיידעל; חתונה מאַכען, וועט קיינער נישט בלייבען.

— קלייבט ער טאַקע אויף נדן, — האָט געזאָגט אָליענין.

— וואָס פאַר אַ נדן? מען נעהמט דאָס מיידעל אַזוי אויך, אַ וואוהלע מיידעל. און דאָס איז נאָך אזאַ שד. אַז ער וויל זי חתונה מאַכען דוקא מיט אַ רייכען, וויל אַ גרויסען קאַלים (די מתנה, וואָס די מחותנים גיעבען דער כלה'ס עלטערען) אַרויס-רייסען. לוקאַ איז אַ קאָזאַק, מיינער אַ שכן און אַ פּלעמעניק, אַ יונג מיט ביינער, אָט דער אייגענער, וואָס האָט צוגע'הרג'עט דעם טשעטשענעץ, ער שדכנ'ט זיך שוין פון לאַנג אָן; און ער גיעט אַלץ נישט אַוועק. דאָס, דיזעס און יענץ; דאָס מיידעל איז נאָך צו יונג, זאָגט ער, און איך וויים, וואָס ער טראַכט. וויל אַז מען זאָל זיך בוקען פאַר איהם. וואָס איז געווען פאַר אַ הרפה היינט צוליעב דעם מיידעל. און פון דעסטוועגען וועט ווערען דער שדוך מיט לוקאַשקען, וואָרום ער איז דער ערשטער קאָזאַק אין דער סטאַניצע, אַ דזשיגוט, צוגע'הרג'עט אַנ'אַברעק, מען וועט איהם אַ צלם געבען.

— וואָס איז דאָס געווען אַזוינס? ווען איך בין נעכטען געגאַנגען אויפ'ן הויף, האָב איך געזעהען ווי דעם ווירטס מיי-דעל האָט זיך געקושט מיט עפּעס אַ קאָזאַק, — האָט געזאָגט אָלענין.

— דו בעריהמסט זיך, — האָט אַ געשריי געטהון דער אַלטער, זיך אָבשטעלענדיג.

— ביי גאָט! — האָט געזאָגט אָליענין.

— אַ וויב — אַ שד, — האָט, זיך בעטראַכטענדיג, געזאָגט יעראָשקע. — און וואָס פאַר אַ קאָזאַק?

— איך האָב נישט געזעהען.

— נו. וואָס פאַר אַ קרופּיי האָט ער געהאַט אויף דער פּאַפּאַחע? אַ ווייסען?

— יאָ.

— אוז אַ מאַנטעל אַ רויטען? פון איין הויך מיט דיר?

— ניין, העבער.

— דאָס איז ער טאַקע. — יעראָשקע האָט זיך צולאַכט. — דאָס איז ער טאַקע, מיין מאַרקאַ. ער הייסט לוקאַשקע. איך רוף איהם מאַרקאַ, איך ווייצעל זיך. דאָס איז טאַקע ער. איך האָב איהם האָלד! אָט אַזוינער בין איך אויך געווען פאָטער מיינער; וואָס איז דאָ צוקוקען אויף זיי? ס'האָט געטראָפען אַז מיין דושענקע שלאָפט מיט דער מאַמען דער שווענערין אין איין בעט, און איך קריעך פאָרט אַריין. ס'זיך געטראָפען, זי וואוהנט אין דער הויך; די מאַמע איז געווען אַ מכשפה, אַ שד: אַ גרויל, ווי זי האָט מיך פיינט געהאַט. טרעפט, אַז איך קום מיט מיין פריינד, גיריטשקע האָט ער געהייסען. שטעל זיך אונ־טער'ן פענסטער, קריעך אַרויף אויף זיין פלייצע, הויב אַרויס דעם פענסטער, און בעפאַל זי. זי האָט דאָרטען געשלאָפען אויף אַ באַנק. איינמאָל האָב איך זי אויפגעוועקט. האָט זיך שטאַרק איבערגעשראָקען. האָט מיך נישט דערקענט. ווער ז'דאָס? און רעדען טאָר איך נישט. די מאַמע האָט זיך שוין גענומען פאַר־קענען. טהו איך דאָס אַ נעהם דאָס היטעל און שטאָפּ איהר דאָס אַריין אין שנוק: האָט זי טאַקע באַלד נאָכ'ן געוואַלד־ריס אין היטעל מיך דערקענט. זיך אויפגעהויבען גיך; מען דאַרף שוין קיין זאַך נישט. און ברענגט גוטע באַרען, טרויבען, פלעגט אַלץ ברייגען צושלעפען, — האָט פערענדיגט יעראָשקע, וואָס האָט ליעב געהאַט אַלץ צונעהמען פון דער פּראַקטישער זייט. — און זי איז נישט געווען די איינציגע. יאָ, ס'איז געווען אַ לעבען.

— און איצט וואָס איז?

— קום בעסער אייפזוכען דעם הונד, די פאַזאַנען אויף די ביימער צוטרייבען, און דענסמאָ[illegible]ט שיעס.

— דו וואָלסט געשפּיעלט מיט מאַריאַנען אין ליעבעניש?

— דו זעה צו בעסער אויף די הינד. ביינאַכט וועל איך דיר דערוויייזען, — האָט געזאָגט דער אַלטער, טייטענדיג אויף זיין ליעבלינג ליאַם.

זיי זענען ענטשוויעגען געוואָרען.

אָבגעהענדיג אַ טריט הונדערט, לויטער שמועס'ענדיג, האָט זיך דער אַלטער ווידער אָבגעשטעלט און געטייטעלט אויף אַ ריטעל, וואָס איז געלעגען איבער'ן וועג.

— וואָס מיינסטו? — האָט ער געזאָגט, — דו מיינסט, אַז ס'דאַרף אַזוי זיין? ניין. דאָס שטעקעל ליעגט נישט גוט.

— פאַרוואָס נישט גוט?

— דו הויבסט גאָר נישט אָן צו וויסען. דו האָרך נאָר מיר צו. ווען עס ליעגט אַזוי אַ שטעקעל, געה דאָס נישט אַריבער, אָדער געה אַרום, אָדער נעהם דאָס צו פון וועג און זאָג די תפילה: „דעם פאָטער, דעם זוהן און דעם הייליגען גייסט", און געה זיך געזונדערהייט. וועט עס שוין דיר נישט שאָדען. אָט אַזוי האָבען אַלטע לייט מיר נאָך געלערנט.

— נו, וואָס פאַר אַ נאַרישקייטען! — האָט געזאָגט אָלענין, — דו דערצעהל בעסער וועגען מאַריאַנען. וואָס, זי הוליעט מיט לוקאַשקען?

— שאַ! איצט שווייג, — האָט ער ווידער מיט אַ שטילען קול איבערגעהאַקט אָ־ענינען, — הער זיך נור צו. מיר וועלען געהען פאַזע אַרום דעם וואַלד.

און דער אַלטער, געהענדיג שטיל אין זיינע פאָרשנעס איז געגאַנגען פאָרויס מיט אַ שמאָל שטעגעלע, וואָס איז אַריין אין געדיכטען, ווילדען פערוואַכסענעם וואַלד. ער האָט עטליכע מאָל אַ קוק געטהון מיט אַ קרימעלע אויף אָלענינען. וואָס האָט נעמאַכט אַ גערויש און נעקלאַפט מיט זיינע גרויסע שטיוועל און, וואָס נישט טראָגענדיג פאָרזיכטיג דעם ביקס, פלעגט זיך אָפט פערטשעפען אָן די צווייגען, וואָס האָבען זיך צואַוואַכסען איבער'ן וועג.

— מאַך נישט קיין גערויש, געה שטילער, סאָלדאַט! — האָט ער איהם שטילערהייט געזאָגט מיט אַ בייזער.

ער האָט זיך געפיהלט אין דער לופט, אַז די זון איז שוין אין גאַנצען אַרויס. דער נעבעל איז זיך צעגאַנגען, נאָר ער האָט נאָך פערהילעט די שפיצען בוימער. דער וואַלד האָט זיך אויסגעדאַכט מורא'דיג הויך, ביי איטליכען טריט פאָרווערטס האָט

זיך געביטען דער אויסזעהען פון אָרט. דאָס וואָס האָט געשיינט צו זיין אַ בוים, האָט זיך אַרויסגעשטעלט פאַר אַ דאָרן; די ריט-לעך האָבען זיך אויסגעדאַכט, ווי ביימער.

# XIX.

ארום איז געוואָרען שטיל. דאָס גערויש פון סטאַניצע איז שוין איצט נישט דערגאַנגען צו די יעגער; נאָר די הינד האָבען געבראָכען די דערנער, זעלטענווייז פלעגען זיך אָברופען די פויגעל. אָלענין האָט געוואוסט, אַז אין וואַלד איז געפעהר-ליך, אַז די אַברעקען בעהאַלטען זיך שטענדיג אין די דאָזיגע ערטער. ער האָט אויך געוואוסט, אַז אַ ביקס פאַר'ן צופוס געהער איז די בעסטע פערטהיידיגונג. מען קען נישט זאָגען, אַז ער האָט געהאַט פחד, נאָר ער האָט געפיהלט, אַז אַנ'אַנ-דערען אויף זיין שטעל וואָלט געקלאַפּט דאָס האַרץ פאַר שרעק, און, זיך שאַרף אַיינקוקענדיג אין דעם נעבעלדיגען פייכטען וואַלד, זיך צוהאָרבענדיג צו די זעלטענע שוואַכע גערוישען, פלעגט ער זיך חאַפּען פאַר'ן ביקס און דערביי האָט ער געפיהלט עפּעס אַ נייַ אַנגענעהם געפיהל. פעטער יעראָשקע, געהענדיג פאָרויס, פלעגט ביי יעדען זומפּעל, אויף וועלכע זענען געווען די דאָ-פּעלטע סימנים פון אַ חיה, זיך אָבשטעלען, שאַרף בעטראַכטענ-דיג דאָס און פלעגט זיי ווייזען אָלענינען. ער האָט כמעט נישט גערעדט, נאָר זעלטענווייז מיט אַ שטילער שטים פלעגט ער מאַ-בען זיינע בעמערקונגען. דער וועג, מיט וועלכען זיי זענען גע-גאַנגען איז געווען אַמאָל אויסגעטרעטען פון אַ פוהר און איז שוין פון לאַנג אָן געווען פערוואַכסען מיט גראָז. דער וואַלד מיט זיינע קאַווקאַזער ביימער איז געווען אַזוי געדיכט און פערוואַכסען, אַז מען האָט גאָר נישט געקענט זעהען אַדורך זיי. כמעט יעדער בוים איז געווען אַרומגעפלאָכטען מיט ווילדע וויינבלעטער פון אויבען ביז אונטען; אונטען זענען געוואַכסען געדיכט טונקעלע דערנער. יעדע קליינע לאָנקעלע איז געווען בעוואַכסען מיט יאַג-דעס און מיט גראָהע זיך שאָקלענדיגע ריטלעך-ביימלעך. ערטער-

וויז פלעגען גרויסע היה'שע טריט און קליינע טריטלעך פון פאַ־
זאַנען אַראָב פון וועג אין די געדיכטקייט פון וואַלד. דער כח
פון וואַכסען אין דעם דאָזיגען וואַלד, וואָס האָט נאָך נישט
אויסגעטרעטען קיין בהמה, האָט מורא'דיג פערוואונדערט אָלעני־
נען, וועלכער האָט אַזוינס גלייכען קיינמאָל נישט געזעהען. דער
דאָזיגער וואַלד, די סכנות אין איהם, דער אַלטער מיט'ן גע־
היימניספולען שטילען קול, מאַריאַנקע מיט איהר קרעפטיגער
שלאַנקער פיגור און די בערג — אַלץ האָט זיך אויסגעדאַכט
אָלענינען, ווי אַ חלום.

— שוין אַוועקגעזעצט דעם פאַזאַן, — האָט שטיל געזאָגט
דער אַלטער, זיך אַרומקוקענדיג און אַראָבלאָזענדיג איבער'ן צורה
דאָס היטעל. — פערמאַך דעם שנוק: אַ פאַזאַן. ער האָט מיט אַ
בייזער אַ מאַך געטהון אויף אָלענינען און איז געקראָכען וויטער,
במעט אויף אַלע פיער. — אַ מענשענשען שנוק האָט זי פיינד.

אָלענין איז נאָך געווען פון הינטען, ווען דער אַלטער האָט
זיך אָבגעשטעלט און גענומען בעטראַכטען אַ בוים. דער האָהן
האָט זיך אָנגעבלאָזען פונ'ם בוים אויף דעם הונד, וואָס האָט גע־
בילט אויף איהם, און אָלענין האָט דערזעהען אַ פאַזאַן. נאָר אין
דער אייגענער רגע האָט זיך דערהערט אַ שאָס, ווי פון אַ קאַנאָן,
פון געזונדען יעראָשקעס ביקס, און דער האָהן האָט אַ פליה
געטהון, פערליערענדיג פעדערען, און איז אַניעדערגעפאַלען אויף
דר'ערד. צוגעהענדיג צו יעראָשקע האָט אָלענין איבערגעשראָקען
אַ צווייטען האָהן. פריימאַכענדיג דעם ביקס, האָט ער געציעלע־
וועט און האָט אויסגעשאָסען. דער פאַזאַן האָט זיך אַ דרעה גע־
געבען אין דער הויך צו און דערנאָך, ווי אַ שטיין, זיך טשעפענדיג
פאַר די צווייגען, איז ער אַניעדערגעפאַלען אין דער געדיכטקייט
פון וואַלד.

— אַ לייט! — האָט לאַכענדיג אויסגעשריען דער אַלטער,
וואָס האָט נישט געקענט ציעלעווען, בשעת דער פויגעל פליעהט.

צונויפנעהמענדיג די פאַזאַנעס, זענען זיי געגאַנגען וויטער.
אָלענין, צורייצט פון בעוועגונג און דעם שבח, האָט אַלץ פער־
פיהרט אַ שמועס מיט'ן אַלטען.

— שטעה! דאָ וועלען מיר געהען, — האָט איהם איבער־געהאַקט דער אַלטער, — נעכטען האָב איך דאָ געזעהען די סימנים פון אַ הירשען.

זיך פערקעהרענדיג אין די געדיכטעניש און אָבגעהענדיג דריי הונדערט טריט אַנ׳ערך, זענען זיי אַרויס אויף אַ לאָנקע, פערוואַכסען מיט ריטלעך און פערטרונקען פון וואַסער. אָלענין פלעגט נישט קענען אַלץ ד׳עריאָגען דעם אַלטען יעגער, און פעטער יעראָשקע מיט אַ טריט צוואַנציג פאָרויס האָט זיך אַיינגע־בויגען, מאַכענדיג צו איהם מיט דער האַנד מיט אַ וויכטיגער מינע. צוגעהענדיג צו איהם, האָט אָלענין דערזעהען אַ סימן פון אַ מענשענס פוס, וואָס האָט איהם געוויזען דער אַלטער.

— זעהסט?

— כ׳זעה. וואָס איז? — האָט געזאָגט אָלענין, וועלענדיג שטאַרק רעדען וואָס רוהיגער: — אַ צייכען פון אַ מענשען. נישט ווילענדיג האָט ער זיך דערמאָהנט אָן קופערס העלדען און אָן די אברעקען, און קוקענדיג אויף די וויכטיגע מינע מיט וואָס עס איז נעגאַנגען ווייטער דער אַלטער, האָט ער זיך נישט דער־וועגט פרעגען. און ער איז געווען אין ספק, צו פיהלט זיך דאָ אַ געפאַהר, צו מאַכט דאָס געיעג אַזוי אַלץ געהיימניספול.

— ניין, דאָס איז דער צייכען פון מיר, — האָט איינפאַך געענטפערט דער אַלטער און געוויעזען אויפ׳ן גראָז, וואו מען האָט קוים געזעהען אַ צייכען פון אַ חיה.

דער אַלטער איז אַלץ געגאַנגען ווייטער. אָלענין גלייך מיט איהם. אָבגעהענדיג אַ טריט צוואַנציג און זיך אַראָבלאָזענדיג אונטען־צו, זענען זיי אין דער געדיכטקייט צו צו אַ ברייטען באַרען־בוים, אונטער וועמען די ערד איז געווען שוואַרץ. און עס איז איבערגעבליעבען די צואָה פון אַ חיה.

דער אַרומגעפלאָכטענער אָרט פון וויינבלעטער איז געווען עהנליך צו אַ בעקוועמען צוגערעקטען קיאָסק, אַ קיהלער און אַ טונקעלער.

— פריהמאָרגענס דאָ געווען, — האָט געזאָגט מיט אַ זיפץ דער אַלטער, — נאָך צו זעהען, נאָך נאָר פריש.

מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אין וואַלד אַ שרעקליכער קלאַפּ צעהן טריט די ווייט פון זיי. ביירע האָבען אַ ציטער געגעבען און זיך געחאַפּט פאַר'ן ביקס, נאָר מען האָט גאָרנישט נישט געזעהען; מען האָט נאָר געהערט ווי עס ברעכען זיך די צווייגען.

אַ רגע צייט האָט זיך געהערט אַ האַסטיגעס רעגעלמעסיגעס קלאַפּען ווי אַ גאַלאָפּ, פון קלאַפּ איז געוואָרען אַ דונער. וואָס האָט זיך געטראָגען אין שטילען וואַלד ווייטער און ווייטער, ברייטער און ברייטער. עפּעס האָט זיך ווי אָבגעריסען ביי אָלענינען אין האַרצען. אומזיסט האָט ער זיך שאַרף איינגעקוקט אין דאָס גרינע געדיכטעניש, ענדליך האָט ער אַ קוק געטהון אויפ'ן אַלטען. פעטער יעראָשקע, צודריקענדיג דעם ביקס צום האַרצען איז געשטאַנען ווי צוגעשמידט; דאָס היטעל איז אַראָב אָן אַ זייט, די אויגען האָבען געגלאַנצט מיט אַנ'אונגעוואוהנליכען גלאַנץ און דאָס אָפענע מויל, פון וואו עס האָבען אַרויסגעקוקט בייזע צופרעסענע צייהן, איז ווי פערגליווערט געוואָרען אין זיין לאַגע.

— אַ הירש, — האָט ער אַרויסגערעדט, און אַ שליידער געבענדיג דעם ביקס אָן דר'ערד, האָט ער זיך גענומען רייסען פאַר'ן גראָהען באָרד. — אָט דאָ געשטאַנען! אַביסעל אַראָבגעהען פון שטעגעל נאָר! שוטה! שוטה! — און ער האָט מיט כעס זיך געחאַפּט פאַר'ן באָרד. — שוטה! חזיר! — האָט ער גע'חזר'ט, זיך רייסענדיג פאַר'ן באָרד ביז וועהטאָג. איבער'ן וואַלד אין נעבעל איז ווי פערבייגעפלויגען עפּעס: אַלץ ווייטער און ווייטער, ברייטער און ברייטער האָט געדונערט דאָס געלויפערייו פון צושראָקענע הירשען.

פאַרנאַכט ערשט האָט זיך אומגעקעהרט אָלענין מיט'ן אַלטען, אַ פערמאַטערטער, אַ הונגעריגער און אַ געקרעפטיגער. דער מיטאָג איז געווען פאַרטיג. ער האָט זיך אָנגעגעסען, געטרונקען צו ביסעל מיט'ן אַלטען, אַז ס'איז איהם געוואָרען וואַרם און פרעהליך אויפ'ן האַרצען, און ער איז אַרויס אויפ'ן גאַניקעל. ווידער האָבען זיך אויפגעהויבען פאַר די בליקען די בערג פאַר'ן זונענאונטערגאַנג. ווידער האָט פערצעהלט דער אַלטער זיינע

אונענדליכע מעשות וועגען אַבּרעקען, דזשענקעס, וועגען די אַמאָליגע חוואַטסקע צייט, פֿון אַ לעבען אָהן זאָרג. ווייטער איז די פאַרשווין מאַריאַנאַ אַריין, אַרויס און אַריבער דעם הויף. אונטער דעם העמד האָט זיך אָבגעצייכענט אַ קרעפטיגער מיידעלשער קערפּער פֿון אַ גרויסער שענהייט.

.XX

אויף מאָרגען איז אָלענין אָהן דעם אַלטען אַוועק צו דעם אייגענעם אָרט, וואו ער האָט מיט יעראָשקען איבערגעשראָקען דעם הירש. אייהדער צו געהען אַרום דורכ'ן טהויער, איז ער אַריבער געקראָכען איבער'ן פאַרקאַן פֿון שטעכעדיגע דערנער, ווי דאָס פלעגען אַלע טהון אין דער סטאַניצע. און ער האָט נאָך נישט אויסגעפּיעט אָבצורייסען די דערנער פון זיין טשערקעסקע, ווי דער הונד, וואָס איז געלאָפען פאָרויס האָט שוין אויפגעהויבען פֿון די ערטער צוויי פאַזאַנען. ווי נאָר ער איז אַריין אין דאָס געדיכטעניש פון די דערנער, האָבען זיך אויף יעדען טריט אויפגעהויבען צושראָקענע פאַזאַנען. (דער אַלטער האָט איהם נישט געוויעזען דעם אָרט, ווייל ער האָט איהם געוואָלט איבערלאָזען פאַר אַ געיעג מיט'ן פיסטאָנענביקס). אָלענין האָט צוגע'הרג'ט פינף שטיק פאַזאַנען אויף צוועלף מאָל שיסען און, קריעכענדיג אין די דערנער צוליעב זיי, האָט ער זיך אַזוי אויסגעמוטשעט, אַז דער שוויים האָט גענאָסען פֿון איהם טייכענווייז. ער האָט צוגערופען דעם הונד, אַראָבגעלאָזען די העהנדלעך, אַוועקגעלעגט קוילען אויפ'ן שראָט און, זיך אָבמאַכענדיג מיט דעם אַרבעל פון טשערקעסקע פון די מיקען, איז ער שטיל געגאַנגען צום נעכטיגען אָרט. ס'איז אָבער נישט געווען איינצוהאַלטען דעם הונד, וואָס פלעגט אַלע ווייל זיך אַ וואָרף טהון אויף די סימנים. און ער האָט דערשאָסען נאָך אַ פּאָר פאַזאָנען, און זיך פערהאַלטענדיג צוליעב זיי, האָט ער נאָכמיטאָגס־צייט אָנגעהויבען צו דערקענען דעם נעכטיגען אָרט.

דער טאָג איז געווען אַ קלאָרער, אַ שטילער, אַ הייסער. די

מאָרגענדינע פרישקייט איז אַפילו אין וואַלד אויסגעטריקענט גע־
וואָרען און מיריאַדען מיקען האָבען אָהן אַ גוזמא פערשטעלט
דאָס געזיכט, דעם רוקען און די הענד. דער שוואַרצער הונד
האָט בעקומען צוליעב זיי אַ גראָהען קאָליער: זיין רוקען איז
אין גאַנצען בעדעקט געווען פון מיקען. די טשערקעסקע, דורך
וועלכע זיי האָבען דורכגעשטאָכען זייערע גיפט־שטעכעלעך האָט
אויך בעקומען אַ גראָהען אויסזעהען.

אָלענין איז גרייט געווען צו ענטלויפען פון די מיקען;
איהם האָט זיך אויסגעדוכט, אַז זומער קען מען שוין גאָר נישט
לעבען אין דער סטאַניצע. ער איז שוין געגאַנגען אַהיים; נאָר,
בעטראַכטענדיג זיך, אַז עס לעבען דאָך דאָ מענשען, האָט ער
בעשלאָסען צו דערליידען און האָט אַוועקגעגעבען זיין לייב די
מיקען מיט זייערע גיפט־שטעכעלעך און — אַ וואונדערבאַרע
זאַך! — צו מיטאָג־צו איז איהם דאָס געפיהל געוואָרען זאָגאַר
אַנגענעהם. איהם האט זיך זאָגאַר אויסגעדוכט, אַז ווען נישט די
דאָזיגע מיקען־אַטמאָספערע, וואָס רינגעלט איהם אַרום פון אַלע
זייטען, ווען נישט דער מיקען־טייג, וועלכע פלעגט מיט דער
האַנד זיך צושמיערען אויף שוויסיגען פנים, ווען נישט דאָס
בעאונרוהיגענדע בייסעניש אין גאַנצען לייב, וואָלט דער היגער
וואַלד פערלאָרען ביי איהם דעם גאַנצען חאַראַקטער, דעם גאַנ־
צען חן זיינעם. די מיריאַדען מיקען האָבען אַזוי צוגעפאַסט צו
דעם ווילדען מיאוס פערוואַכסענעם וואַלד, צו דער מאַסע חיות
און פויגלען, וואָס האָבען איהם איבערפולט, צו דער טונקעלער
גרינקייט, צו דעם שמעקעדיגען הייסען אויר, צו די זומפלעך
ברודינע וואַסער, וואָס דער טערעק האָט דורכגענעצט און וואָס
האָט געבור־בולקעט ערגעץ וואו הינטער געדיכט הענגענדיגע
בלעטער, — אַז איהם האָט אָנגעהויבען צו געפעלען גראָד דאָס,
וואָס פריהער האָט איהם זיך אויסגעדוכט שרעקליך נישט אַרי־
בער צוטראָגען. ער איז אַרום דעם אָרט, וואו נעכטען איז געווען
די חיה און, גאָרנישט געפינענדיג, האָט ער געוואָלט זיך אָברו־
העןָ. די זון איז געשטאַנען איבער'ן סאַמע וואַלד און אַלעמאָל
ווען ער איז אַרויס אויף אַ לאָנקע, אָדער אויפ'ן וועג איז זי גע־

פּאַלען ווי אַ פּאָמפּאָדיקעל איבער'ן רוקען און קאָפּ. זיעבען שוועד רע פּאַזאַנעס האָבען געצויגען זיין קרייץ אַזש ביז צו ווערהטאָג. ער האָט אויפגעזוכט די נעכטיגע צייכענס פון הירשען, אַרונטער אונטער די ניעדעריגע ביימלעך אין דער געדיכטקייט, אין דעם איינענעם אָרט, וואו נעכטען איז געלעגען דער הירש, און האָט זיך צולעגט ביי זיין געלעגער. ער האָט בעקוקט אַרום דאָס טונקעל גרינע גראָז, בעקוקט דעם פייכטען אָרט, די נעכטיגע צואה, דעם סימן פון הירש'ס קניע, אַ שטיקעל שוואַרץ־ערד, וואָס דער הירש האָט אָבגעריסען און זיינע אייגענע נעכטיגע סימנים. עס איז איהם געווען קיהל, בעקוועם; ער האָט וועגען גאָרנישט געטראַכט, איהם האָט זיך גאָרנישט געוועלט. און מיט אַמאָל איז אַרויף אויף איהם אַזאַ מאָדנעס געפיהל פון עפּעס אַ גליקליכקייט אָהן אַ שום סבה, פון אַ ליעבשאַפט צו אַלץ אין דער וועלט, אַז ער האָט אָנגעהויבען, לויט דעם אַלטען קינדישען הרגל, זיך צו צלמ'ען און עפּעס עמיצען צו דאַנקען. עס איז איהם מיט אַ בעזונדערער קלאָרקייט פלוצים אַריין אין קאָפּ אַז „אָט איך דימיטרי אָלענין, בין עפּעס אַנ'א־יסנאַהם אונטער גאָטס בעשעפּענישען, ליעג זיך מיר אַליין, גאָט וויים וואו, אויף דעם אָרט, וואו עס האָט געוואוהנט אַ הירש, אַנ'אַלטער הירש, אַ שיינער, וואָס האָט אפשר קיינמאָל נישט געזעהען קיין מענשליכע בריאה, און אויף אַזאַ אָרט, וואו עס איז נאָך קיינמאָל נישט געזעסען עמיצער אַ מענש און האָט דאָס נישט געקלערט. איך זיץ, און אַרום מיר שטעהען אַלטע און יונגע ביימער, און איינער פון זיי איז אַרומגעפלאָכטען מיט די גירלאַנדען פון ווילדע וויינבלעטער; נעבען מיר פּאָרקענען זיך אַרום פּאַזאַנען, טרייבענדיג איינער דעם אַנדערן און פיהלען, אפשר, די געהרג'טע ברידער". ער האָט בעטאַפּט זיינע פּאַזאַנען, בעטראַכט זיי און אָבגעווישען די וואַרם־פּערבלוטיגטע האַנד אָן דער טשערקעסקע. „זיי פיהלען, אפשר, די העהנער און מיט אונצופריעדענע פּנים'ער קלייבען זיי זיך אַריבער אויף אַנ'אַנדער זייט; נעבען מיר דורכפליהענדיג צווישען די בלעטער, וואָס רוכטען זיך זיי אַיים מורא'דיג גרויס ווי אינזעלען הוזשענען די מיקען.

איינס, צוויי, דריי, פיער, הונדערטער, טויזענדער, מיליאָנען מיקען, און אַלע הוזשענען עפּעס און הוזשענען צוליעב עפּעס און איטליכער פון זיי איז אַזאַ מין בעזונדערער דימיטרי אַליין פאַר זיך, ווי איך אַליין". איהם האָט זיך קלאָר פאָרגעשטעלט, וואָס עס טראַכטען און הוזשען די מיקען. „אַהער, אַהער ברידערלעך! אָט איז עפּעס אַ זאַך וואָס מען קען אַכל'ען", הוזשענען זיי און קלעפען איהם אַרום פון אַלע זייטען. און עס איז איהם קלאָר געוואָרען, אַז ער איז גאָרנישט קיין רוסישער אַיידעלמאַן, אַ מיטגליעד פון דער מאָסקאָווער געזעלשאַפט, אַ פריינד און אַ קרוב פון דעם און יענעם, נאָר גאָר פּראָכט דער אייגענער מיק, אָדער דער אייגענער פאַזאַן אָדער הירש, ווי די וואָס לעבען איצט אַרום איהם. „אַקוראַט ווי זיי, ווי פעטער יעראָשקע, וועל איך לעבען, שטאַרבען. און ער איז טאַקע גערעכט ווען ער זאָגט: גראָז וועט נאָר אויסוואַכסען".

„טאָ וואָס איז, אַז גראָז וועט וואַכסען? — האָט ער ווייטער געטראַכט — פונדעסטוועגען דאַרף מען לעבען, דאַרף מען גליקליך זיין, ווייל איך פערלאַנג נאָר איין זאַך — גליק. אַלץ איינס, וואָס איך זאָל נישט זיין: צו אַ חיה, ווי אַלע אַנדערע, נאָך וועמען עס וועט אויסוואַכסען גראָז, און מעהר גאָרנישט, אָדער איך בין אַ רעהמעל, אַוואו עס איז אַיינגעשטעלט אַטייל פון איין-איינציגען גאָט. מען דאַרף אַלץ לעבען אויפ'ן בעסטען אופן. ווי דאַרף מען לעבען, אום צו זיין גליקליך, און פאַרוואָס בין איך פריהער נישט געווען גליקליך?" און ער האָט אָנגעהויבען זיך צו דערמאָהנען זיין פריהערדיגען לעבען און עס איז איהם מאוס געוואָרען פאַר זיך אַליין. ער אַליין האָט אויסגעזעהען אין זיינע אויגען פאַר אַג'ענאָאיסטען, וואָס איז גאָר נישט צופריעדענצושטעלען, ווען אין דער'אמת'ן האָט ער פאַר זיך אַליין גאָר נישט בעדאַרפט. און ער האָט אַלץ געקוקט אויף אַלע זייטען, אויף די דורכשיינענדיגע גרינע צווייגען, אויף די זון, וואָס לאָזט זיך אַראָב און אויפ'ן קלאָרען הימעל און ער האָט זיך געפיהלט אַזוי גליקליך ווי פריהער. „פאַרוואָס בין איך גליקליך און צוליעב וואָס האָב איך געלעבט פריהער? — האָט ער

אַ קלער געטהון. — וואָס פאַר אַ פערלאַנגער איך בין געווען פריהער, וואָס פאַר אַן'אויסקלערער איך בין געווען, און איך האָב גאָר נישט געהאַט דערפון חוץ האַרצוועהטאָג און שאַנד! און אָט ווי איך בעדאַרף עס גאָר נישט צום גליק!" און מיט אַמאָל האָט זיך ווי ענטפלעקט פאַר איהם אַ ליכט אין די אויגען. „גליק איז אָט דאָס — האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט, — גליק בעשטעהט דערין וואָס מען לעבט פאַר אַנדערע, און דאָס איז קלאָר. אין מענשען ליעגט אַ בעדערפניש צו גליק; דערפון איז געדרונגען, אַז דאָס בעדערפניש איז אַ ריכטיגעס. ווען מען בעפריעדיגט דאָס עגאָאיסטיש, דאָס הייסט, מען זוכט עשירות, כבוד, לעבענס-בעקוועמקייט, ליעבע קען פּאַסירען, אַז די אומשטענדער זענען אַזינע, אַז עס איז אונמעגליך צו בעפריעדיגען די אַלע פערלאַנגענישען. דערפון זעהט מען, אַז די פערלאַנגענישען זענען נישט די ריכטיגע, נישט דאָס בעדערפניש אין גליק איז דאָס נישט ריכטיגע. וועלכע פערלאַנגענישען קענען אַלעמאָל בעפריעדיגט ווערען, נישט קוקענדיג אויף אויסערע אומשטענדע? וועלכע? ליעבע, זעלבסטאויפאָפּפערונג!" ער האָט זיך אַזוי דערפרעהט און איז אַזוי אויפגערעגט געוואָרען, ענטדעקענדיג, ווי עס האָט איהם זיך אויסגעדאַכט, די נייע וואָרהייט, אַז ער איז אויפגעשפרונגען און אונגעדולדיג אָנגעהויבען זוכען עפעס, פאַר וואָס ער וואָלט זיך גיכער געקענט אָפּפּערען, וועמען ער וואָלט געקענט טהון גוטס, וועמען ער וואָלט געקענט ליעבען. „איך דאַרף פאַר זיך גאָר נישט" — האָט ער אַלץ געטראַכט, — פאַרוואָס נישט לעבען פאַר אַנדערע?" ער האָט גענומען דעם ביקס און מיט דער דעה זיך גיכער אומצוקעהרען אַהיים, אים דאָס אַלץ צו בעקלערען און צוגעפינען אַ פאַל וואו ער זאָל קענען טהון גוטס, איז ער אַרויס פון דעם וואַלד-געדיכטעניש. דערגעהענדיג ביז צו דער לאָנקע, האָט ער זיך גענומען אַרומקוקען: די זון איז שוין נישט געווען צו זעהען הינטער די שפּיצען פון די בוימער; עס איז געוואָרען קיהלער און דער אָרט האָט איהם זיך אויסגעזעהען גאָר נישט בעקאַנט און גאָר נישט ענליך צו דעם, וואָס האָט אַרומגערינגעלט די סטאַניצע. אַלץ האָט זיך מיט אַ

סאָל פערענדערט — און דער וועטער און דער חאַראַקטער פון וואַלד; דעם הימעל האָבען פערצויגען גערדיכטע וואָלקענס, דער ווינד האָט געדרוישט אין די שפּיצען פון די בוימער, פון אַלע זייטען האָבען זיך נאָר געזעהען ריטער־בוימלעך און אַנ'איבערגע־לעבטער צובראָכענער וואַלד. ער האָט גענומען רופען דעם הונד, וואָס איז פון איהם אָבגעלאָפען צוליעב עפּעס אַ חיה, און זיין שטים האָט געקלונגען ווי אַנ'אַ מדבר. און מיט אַ מאָל איז איהם אַ שוידער אַריבער איבער'ן לייב. ער האָט אָנגעהויבען פּחד צו בעקומען. אַריין אין קאָפּ אַברעקען, אַלערליי מאָרדען, וועגען וועלכע מען האָט איהם פערצעהלט און ער האָט געוואַרט: אָט, אָט שפּרינגט אַרויס אַ טשעטשענעץ פון הינטער די בוימער און ער וועט מוזען פערטיידיגען דאָס לעבען און שטאַרבען, אָדער ווערען אַ פּחדן. ער האָט זיך דערמאָנט אָן גאָט, אָן צוקונפטי־גען לעבען אַזוי שטאַרק, ווי נאָך קיינמאָל נישט אין זיין לעבען. און פון אַלע זייטען איז געווען די פינסטערע, שטרענגע, ווילדע נאַטור. „און צו לויהנט עס גאָר צו לעבען פאַר זיך, — האָט ער געטראַכט, —אַז אָט אָט שטאַרבסטו נישט האָבענדיג געטהון קיין גוטס און אַזוי, אַז קיינער וועט דערפון נישט וויסען אַפילו“. ער איז געגאַנגען אין דער ריכטונג, וואו ער האָט גערעכענט צו געפינען די סטאַניצע. וועגען געיעג האָט ער שוין נישט געטראַכט, ער האָט געפיהלט אין די גליעדער אַ טוידט־מידיגקייט און מיט אַ בעזונדערער אויפמערקזאַמקייט, פאַסט מיט אַנ'אימה האָט ער בעקוקט איטליכען בוים און בוימעל, זיך גרייטענדיג אַלע רגע זיך אָבצורעכענען מיט'ן לעבען זיינעם. זיך אַרומדרעהענדיג אַ היבשע צייט, איז ער אַרויס צו אַ גראָבען, און וועלכער עס האָט געפלייצט אַ זאַמדיגער קאַלטער וואַסער פון טערעק, און אום נישט צו בלאָנדזשענען ווייטער, האָט ער בעשלאָסען צו געהען מיט'ן גראָבען. ער איז געגאַנגען, אַליין נישט וויסענדיג, אַוואו וועט איהם דער גראָבען אַרויספיהרען. מיט אַ מאָל האָבען פון הינטען אָנגעהויבען זיך צו ברעכען די ריטער־בוימלעך. ער האָט אַ ציטער געטהון און זיך געחאַפּט פאַר'ן ביקס. ער האָט זיך פאַר זיך אַליין פערשעמט: דער צוישטעטער הונד, שווער אָט־

הערמטיג האָט זיך אַ וואָרף געטהון אין קאַלטען וואַסער און האָט גענומען לעקען.

ער האָט זיך אָנגעטרונקען צוזאַמען מיט איהם און איז געגאַנגען אין די ריכטונג, וואו דער הונד האָט איהם געצויגען, מיינענדיג, אַז ער וועט איהם אַרויספיהרען צו דער סטאַניצע. נאָר, נישט אַכטענדיג אויף די קאַמעראַדשאַפט פון הונד האָט איהם אַלץ אַרום געשיינט צו זיין נאָך פינסטערער. דער וואַלד איז אַלץ טונקעלער געוואָרען, דער ווינד האָט זיך אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער צושפּיעלט אין די שפּיצען פון די צובראָכענע בוי־מער. עפּעס אַזוינע גרויסע פייגעל האָבען זיך אַרומגעדרעהט נעבען די נעסטען פון די בוימער. די געוויכסען זענען געוואָרען אַלץ אָרעמער אויפ'ן אויסזעהען, אַלץ אָפטער האָבען זיך געזעהען דאָס רוישענדיגע ריטערבוימעל און נאַקעטע זאַמדיגע לאָנקעס מיט אויסגעטרעטענע צייכענס פון חיות. צום רוישען פון ווינד איז נאָך צו עפּעס אַ נישט פרעהליכע, מאָנאָטאָנעס הוזשריי. ס'איז בכלל געוואָרען נישט היימליך אויפ'ן האַרצען. ער האָט בעטאַפּט פון הינטען די פאַזאַנעס, איינער האָט געפעהלט. דער פאַזאַן האָט זיך אָבגעריסען און איז פערפאַלען געוואָרען, נאָר דאָס פערבלוטיגטע העלזעל און קעפעל האָבען אַרויסגעשטעקט פון גאַרטעל. עס איז בעפאַלען אויף איהם אַזאַ אימה, ווי נאָך קיינמאָל נישט. ער האָט אָנגעהויבען צו בעטען פאַר גאָט, און ער האָט נאָר פאַר איין זאַך מורא געהאַט, אַז ער וועט שטאַר־בען, נישט האָבענדיג געטהון קיין רעכטע גוטע זאַך; און איהם האָט זיך געוועלט אַזוי לעבען, לעבען אום אויסצופיהרען די העל־דענטהאַט פון זעלבסטאויפאָפּפערונג.

## XXI.

מיט אַ מאָל איז ווי אַ זון איהם ליכטיג געוואָרען אויף דער נשמה. ער האָט דערהערט די קלאַנגען פון אַ לשון אויף רוסיש, דערהערט דאָס האסטיגע רענעלמעסיגע פליעסען פון טערעק, און אויף צוויי טריט ווייטער האָט זיך ענטפּלעקט פאַר איהם די

ברייננע זיך בעוועגענדיגע פלאַכקייט פון טייך מיט דעם טונקעלען נאַסען זאַמד אויף די ברעגעס און די וויספעס, דער ווייטער סטעפ, דאָס טהורמעל פון קאָרדאָן, וואָס האָט זיך אָבגעצייכענט איבער׳ן וואַסער, אַנ׳אָנגעזאָטעלט פערד, וואָס איז געגאַנגען מיט דריי פיס אויף אַמאָל צווישען די דערנער און אויף די בערג.

די רויטע זון איז אויף אַ רגע אַרויס פון אַ וואָלקען און האָט פרעהליך אַ גלאַנץ געגעבען איבער׳ן טייך, איבער די וואַסער־ריטשקע, איבער׳ן טהורמעל און איבער די קאָזאַקען, וואָס זענען געזעסען אין אַ קופקע, צווישען וועלכע לוקאַשקע האָט צוגעצויגען צו זיך, נישט ווילענדיג, די אויפמערקזאַמקייט פון אָלענינען דורך זיין שטאַרקע לעבעדיגע פיגור.

אָלענין האָט זיך ווידער אָהן אַ שום אורזאַכע געפיהלט פאָלקאָמען גליקליך. ער איז אַריין אין ניזשנעפראָטאָצקען וואַכפאָסט ביין טערעק, אַקעגען אַ פריעדליכען אַאיל אויף יענער זייט ברעג. ער האָט זיך בעגריסט מיט די קאָזאַקען, נאָר, נישט האָבענדיג דערווייל קיין געלעגענהייט עמעצען צו טהון גוטס, איז ער אַריין אין וואַכשטוב. און אין שטוב האָט ער אויך נישט געפינען קיין געלעגענהייט דערצו. די קאָזאַקען האָבען איהם אויפגענומען קאַלט. ער איז אַריין ווייטער אינעווייניג און האָט פערשריבען אַ פאַפיראָס. די קאָזאַקען האָבען זיך ווייניג וואָס געקימערט מיט איהם, ערשטענס, דערפאַר, וואָס ער האָט געריכערט אַ פאַפיראָס און, צווייטענס, דערפאַר, ווייל זיי האָבען געהאַט אין דעם אָוונד גאָר אַנ׳אַנדער פערווייללונג. פון די בערג זענען געקומען מיט׳ן אויסקוקער נישט קיין פריעדליכע טשעטשענצעס, קרובים פון צוגע׳הרג׳עטען אַברעקען, אויסצוקויפען דעם טויטען גוף. דער ברודער פון דער׳הרג׳עטען, אַ הויכער, שלאַנקער מיט אַנ׳אונטערגעשוירענעם געפאַרבטען באָרד, נישט קוקענדיג דערויף וואָס ער איז געווען אין אַ צוריסענע טשערקעסקע און פאַפאַחע, איז געווען רוהיג און גרויס ביי זיך, ווי אַ מלך. ער איז געווען זעהר עהנליך אין געזיכט אויפ׳ן גע׳הרג׳עטען ברודער. ער האָט קיינעם נישט געהאַלטען פאַר ווערט אַ קוק צו טהון אויף איהם, קיין איינמאָל נישט אַ קוק געטהאָן אויפ׳ן גע׳הרג׳עטען און, זי־

צענדיג אין שאָטען מיט די פיס אונטער זיך, פלעגט ער נאָר טהון שפייען. רויכערענדיג אַ ליולקע, און זעלטענווייז פלעגט ער אַרויסלאָזען עטליכע בעפּייהלענדיגע האַלז־טענער, צו וועלכע עס פלעגט זיך מיט דרך ארץ צו־האָרכען זיין בעגלייטער. עס איז געווען צוזעהען, אַז דאָס איז אַ דזשיגיט, וואָס האָט שוין נישט איינמאָל געזעהען די רוסען, און ביי גאַנץ אַנדערע אומ־שטענדע, און, אַז איצט ווערדט ער שוין נישט נאָר נישט נתפעל פון די רוסען, נאָר זיי אינטערעסירען איהם אַפילו נישט. אָלענין איז צו צום גע'הרג'עטען און אָנגעהויבען קוקען אויף איהם, נאָר דער ברודער, רוהיג, מיט פעראַכטונג האָט אַ קוק געטהון פון איבער די ברעמען אויף אָלענינען, אָבגעהאַקט און מיט אַ בייזער געזאָגט עפּעס. דער אויסקוקער האָט גיך פערדעקט מיט אַ טשער־קעסקע דעם פּנים פון גע'הרג'עטען. אָלענין איז נתפעל געוואָרען פון דער מורא'דיגער גרויסקייט און שטרענגקייט אין געזיכטס־אויסדרוק פון דזשיגיטען; ער האָט געפּרובט מיט איהם פער־פיהרען אַ שמועס, פרעגענדיג פון וועלכען אַאול ער איז, נאָר דער טשעטשענעץ האָט קוים אַ קוק געטהון אויף איהם, אויסגעשפּיע־נען און האָט זיך אָבגעקעהרט. אָלענין האָט זיך אַזוי געוואונ־דערט, וואָס דער בערג־בעוואוהנער אינטערעסירט זיך נישט מיט איהם, אַז ער האָט דאָס ערקלערט דערמיט, וואָס ער איז אַ בהמה, אָדער ווייל ער פערשטעהט נישט זיין שפּראַך. ער האָט זיך געווענדט צו זיין קאַמעראַדען. דער קאַמעראַד, אַנ'אויסקוקער און אַנ'איבערזעצער, איז אויך געווען אַזוי צוקאָדערט, נאָר ער איז געווען אַ שוואַרצער, נישט קיין געלער, אַ בעוועגליכער מיט די ווייסעסטע צייהן און מיט גלאַנציגע שוואַרצע אויגען. דער אויסקוקער איז גערן אַריין אין אַ שמועס און האָט געבעטען אַ פּאַפּיראָס.

— זיי זענען פינף ברודער, — האָט פערצעהלט דער אויסקוקער אויף זיין געבראָכענער האַלב־רוסישער שפּראַך: — שוין דעם דריטען ברודער הרג'ענען צו די רוסען, געבליעבען נאָר צוויי; ער איז אַ דזשיגיט, זעהר אַ דזשיגיט. — האָט געזאָגט דער אויסקוקער, ווייזענדיג אויפ'ן טשעטשענעץ. — ווען מען האָט

צוגע'הרג'עט אַחמעד־חאַנען (אַזוי האָט געהייסען דער גע'הרג'טער), איז ער געזעסען אויף יענער זייט אין די ריטלעך; ער האָט געזעהען אַלץ: ווי מען האָט איהם אין שיפּעל אַריינגעלעגט און צום ברעג געבראַכט. ער איז געזעסען ביז ביי נאַכט. געוואָלט צו'הרג'ענען דעם אַלטען, נאָר די אַנדערע האָבען איהם נישט דערלאָזען.

לוקאַשקע איז צו צו די, וואָס האָבען גערעדט און האָט זיך צוגעזעצט.

— און פון וועלכען אַאול? — האָט ער געפרעגט.

— אָן דאָרטען, אין יענע בערג. — האָט געענטפערט דער אויסקוקער, ווייזענדיג הינטערן טערעק אויף אַ בלאָהען נע־פעלדיגען ערד־שפּאַלט, — סיוק־סו קענסטו? אַ צעהן ווערסט הינטען וועט דאָס זיין.

— אין סיוק־סו קענסטו גיריי־חאַנען? — האָט געפרעגט לוקאַשקע, און עס איז געווען צו זעהען, אַז ער שטאָלצירט מיט דער בעקאַנטשאַפט. — ער איז מיינער אַ קונאַק (אַ גוטער פריינד).

— מיינער אַ שכן, — האָט געענטפערט דער אויסקוקער.

— אַ לייט! — און לוקאַשקע, ווי עס איז געווען צו זע־הען, שטאַרק פּעראינטערעסירט, האָט אָנגעהויבען צו רעדען אויף טאָטעריש מיט'ן איבערזעצער.

באַלד זענען געקומען צו רייטען דער סאָטניק און דער סטאַניטשנע, בעלייט פון צוויי קאָזאַקען. דער סאָטניק, פון די נייע קאָזאַצקע אָפיציערען האָט זיך בעגריסט מיט די קאָזאַקען; נאָר קיינער האָט נישט געענטפערט מיט אַ געשריי, ווי די רו־סישע סאָלדאַטען: „זדראַוויע זשעלאַיעם, וואַשע בלאַגאָראָדיע", נאָר עטיצער האָט געענטפערט מיט אַ געוועהנליכען נייג מיט'ן קאָפּ. אַנדערע ווידער, צווישען זיי אויך לוקאַשקע, האָבען זיך אויפגעהויבען און זיך אויסגעגלייכט אין דער גאַנצער לענג. דער אוריאַדניק האָט מודיע געווען, אַז אויפ'ן וואַב־פּאָסט איז אַלץ אין דער אָרדנונג, דאָס אַלץ האָט אויסגעזעהען אָלעניגען קאָמיש. אַקוראַט ווי די דאָזיגע קאָזאַקען וואָלטען זיך געשפּיעלט אין

סאָלדאַטען. נאָר פון די פאָרמאַליטעטען איז מען באַלד אַריבער צו געוועהנליכע בעציעהונגען און דער סאָטניק, וואָס איז געווען אַזאַ געשיקטער קאָזאַק, ווי די אַנדערע, האָט אָנגעהויבען לעבע־דיג צו רעדען אויף טאָטעריש מיט'ן איבערזעצער. מען האָט אָנגעשריעבען עפעס אַ פּאַפּיער, אַוועקגעגעבען דאָס דעם אויס־קוקער, ביי איהם האָט מען גענומען געלד און מען האָט זיך גענומען צום טויטען קערפּער.

— ווער איז ביי אייך גאַווריל‏אָוו לוקאַ? — האָט געפרעגט דער סאָטניק.

לוקאַשקע האָט אַראָבגענומען דאָס היטעל און איז צו.

— וועגען דעם האָב איך געשיקט אַ ראַפּאָרט דעם פּאָל־קאָלווניק. וואָס וועט דערפון אַרויס — ווייס איך נישט, איך האָב פאָרגעשלאָגען אַ צלם: צו אַנ'אוריאַדניק איז נאָך צו פריה. דו קענסט לייענען און שרייבען?

— ניין.

— און וואָס פאַר אַ יונג מיט ביינער ביסטו דאָס! — האָט געזאָגט דער סאָטניק, שפּיעלענדיג ווייטער דעם קאָמאַנדיר. — בערעק דעם קאָפּ, פון וועלכע גאַווריל‏אָוועס? פון דעם ברייטען, אפשר?

— א פּלעמעניק, — האָט געענטפערט דער אוריאַדניק.

— כ'קען, כ'קען איהם. נו, נעהם, העלף זיי, — האָט ער זיך געווענדט צו די קאָזאַקען.

לוקאַשקעס פּנים האָט פּשוט געלויכטען פאַר פרייד און האָט אויסגעזעהען שענער, ווי געוועהנטליך. אָבטרעטענדיג פון אוריאַדניק און זיך צודעקענדיג, האָט ער זיך ווייטער צוגעזעצט צו אָלענינען.

ווען דער גוף איז שוין געווען אין שיפעל. איז דער טשעטשענעץ דער ברודער צו צום ברעג. די קאָזאַקען האָבען זיך אינסטינקטיוו אָבגערוקט, צו געבען איהם אַ דורכגאַנג. מיט אַ שטאַרקען פוס האָט ער זיך אָבגעשטויסען פון ברעג און איז אַריינגעשפּרונגען אין שיפעל. דאָ האָט ער צום ערשטען מאָל, ווי אָלענין האָט בעמערקט, מיט אַ האַסטיגען בליק בעקוקט אַלע

קאָזאַקען אין ווידער עפּעס אָבגעהאַקט געפרעגט ביי'ן קאַמעראַ־דען. דער קאַמעראַד האָט עפּעס געענטפערט און אָנגעוויזען אויף לוקאַשקען. דער טשעטשענעץ האָט אַ קוק געטהון אויף איהם און, זיך לאַנגזאַם אָבקעהרענדיג, האָט ער גענימען קוקען אויף יענער זייט ברעג. נישט קיין שנאה, נאָר אַ קאַלטע פעראַכטונג האָט זיך אויסגעדריקט אין דעם בליק. ער האָט נאָך עפּעס געזאָגט.

— וואָס האָט ער געזאָגט? — האָט געפרעגט אָלענין ביי דעם איבערזעצער.

— דיינע שלאָגט אונזערע, אונזערע צובלוטינט דיינע. אַלץ איין הורדאַ־מורדאַ, — האָט געזאָגט דער אויסקוקער, אָבי־נאַרענדיג וואַהרשיינליך, זיך צושמייכעלט, אַרויסשטעלענדיג זיינע ווייסע צייהן, און איז אַריינגעשפּרונגען אין שיפעל.

דער ברודער פון גע'הרג'עטען איז געזעסען, זיך נישט ריה־רענדיג און האָט שאַרף געקוקט אויף יענער זייט טייך. ער האָט געהאַט אַזא שנאה און פעראַכטונג, אַז עס האָט אפילו קיין זאַך נישט געוועקט זיין נייגיערדע דאָ. דער אויסקוקער, שטע־הענדיג אויפ'ן עק פון שיפעל, אַריבערוואַרפענדיג די וועסלע דאָ אויף איין זייט, דאָ אויף דער אַנדערער זייט, האָט געשיקט געקירעוועט און האָט נישט אויפגעהערט צו רעדען. איבערשלאָ־גענדיג דעם שטראָם אין דיאַגאָנאַל, איז דאָס שיפעל אַלץ גע־וואָרען קלענער און קלענער. די שטימען זענען קיים צו צום אויער און, ענדליך, זענען זיי צו צו יענעם ברעג, וואו עס זע־נען געשטאַנען זייערע פערד. דאָרטען האָבען זיי אַרויסגעטראָגען דעם גוף און, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס דאָס פערד איז נישט איינגעשטאַנען אויף אַנ'אָרט, האָבען זיי איהם אַרויפגעלעגט איבער'ן זאָטעל, האָבען זיך געזעצט אויף די פערד און זענען לאַנגזאַם אוועק מיט'ן וועג פאַרביי דעם אַאול, פון וואַנען עס איז אַרויס אַנ'עולם מענשען קוקען אויף זיי. די קאָזאַקען אויף דער זייט זענען געווען זעהר צופריעדען און פרעהליך. פון אַלע זייטען האָבען זיך געהערט געלעכטערס און חוזק־מאַכעריי. דער סאָטניק מיט'ן סטאַניטשנעם זענען אַריין אין שטוב זיך מכבד זיין

מיט גוטע זאַכען. לוקאַשקע מיט אַ פרעהליכען פנים, וואָס ער האָט אומזיסט זיך געמיהט געבען אַנ'ערנסטע וויכטיגע מינע, איז געזעסען נעבען אָלענינען, אָנשפאַרענדיג זיך מיט די איילענבויגענס אויף די קניה און הובלענדיג אַ שטעקעלע.

— וואָס רויבערט איהר דאָס? — האָט ער געזאָגט, ווי פון נייגיערדע, — צו איז דאָס גוט?

ער האָט, ווי צוזעהען, דאָס געזאָגט, ווייל ער האָט בעמערקט, אַז אָלענינען איז עפעס נישט ווי ביי זיך און דאָס ער איז אַנ'איינזאַמער צווישען די קאָזאַקען.

— שוין צוגעוואוהנט, — האָט געענטפערט אָלענין, — וואָס ס'איז?

— הם. ווען אונזער איינער וואָלט אָנגעהויבען רויבערען וואָלט געווען אַ צרה! אָן זענען דאָך גאָר נישט ווייט די בערג.

— האָט געזאָגט לוקאַשקע, ווייזענדיג אויפ'ן ערד־שפּאַלט, — און וועסט נישט דערפאָהרען!... ווי וועט איהר דאָס אַליין געהען אַהיים: פינסטער. איך וועל אייך בעגלייטען, אויב איהר ווילט,

— האָט געזאָגט לוקאַשקע, — איהר בעט ביי'ן אוריאַדניק.

„וואָס פאַר אַ וואוהלער יונג", האָט געטראַכט אָלענין, קוקענדיג אויף דעם פרעהליכען פנים פון קאָזאַקען. ער האָט זיך דערמאָהנט אָן מאַריאַנקען און אָן דעם קוש, וואָס ער האָט אונטערגעהאָרכט הינטער'ן טהויער, און ער האָט רחמנות בעקומען אויף לוקאַשקען, רחמנית געהאַט, וואָס ער איז אַזוי אונגעבילדעט. „וואָס פאַר אַ פלאָנטערניש און אַ שטות? — האָט ער געטראַכט, — אַ מענש האָט גע'הרג'עט אַ צווייטען און פיהלט זיך גליקליך, צו פריעדען, אַקוראַט, ווי ער וואָלט אָבגעטהון די בעסטע זאַך. שוין זשע זאָגט איהם קיין געדאַנקען נישט, אַז עס איז נישטאָ דאָ קיין שום אורזאַכע שטאַרק פרעהליך צו זיין? אַז דאָס גליק בעשטעהט נישט אין דעם צו טויטען, נאָר דערין צו אָפּפערען מיט זיך פאַר אַ צווייטען".

— איצט, ברודער, קוק איהם נישט אין די אויגען, — האָט געזאָגט איינער פון די קאָזאַקען, וואָס האָט בעגלייט דאָס

שיפּעל, זיך וויענדרענדיג צו לוקאַשקען. — ס'געהערט ווי ער האָט זיך נאָכגעפרעגט אויף דיר?

לוקאַשקע האָט אויפגעהובען דעם קאָפּ.

— דער קוואַטער מיינער? — האָט געזאָגט לוקאַשקע, מיינענדיג דערמיט דעם טשעטשענעץ.

— דער קוואַטער וועט שוין נישט אויפשטעהען, אָבער דער געלער ברודער איז אויך אַ קוואַטער.

— זאָל ער גאָט בעטען, אַז ער זאָל אַליין אַ גאַנצער אוועק, — האָט געזאָגט לוקאַשקע מיט אַ שמייכעל.

— וואָס פרעהסטו זיך אַזוי? — האָט אָלענין געפרעגט לוקאַשקען, — ווען מען וואָלט דיין ברודער דער'הרג'עט וואָלסט זיך דען געפרעהט?

די אויגען פון קאָזאַק האָבען געשמייכעלט, קוקענדיג אויף אָלענינען. ער, ווי ס'האָט אויסגעוויעזען האָט אַלץ פערשטאַנען, וואָס יענער האָט מיט די ווערטער געמיינט, נאָר ער איז געשטאַנען העכער פון אַ זעלכע געדאַנקען.

— וואָס זאָל מען טהון? אָהן דעם געהט עס נישט! און אונזערע לייט צו'הרג'עט מען נישט?

# XXII.

דער סאָטניק מיט'ן סטאַניטשנעם זענען אַוועק געפאָהרען; און אָלענין, אום אָנצוטהון הנאה לוקאַשקען און אום נישט צו געהען אַליין דורכ'ן פינסטערען וואַלד, האָט געבעטען אָבראָזען לוקאַשקען, און דער אוריאַדניק האָט איהם אָבגעלאָזען. אָלענין האָט געמיינט, אַז לוקאַשקע האָט געוואָלט זעהען מאַריאַנקען, און ער איז בכלל געווען צופריעדען מיט דער בעגלייטונג פון אַזאַ אַנגענעהמען און רעדעווודיגען קאָזאַק. לוקאַשקע און מאַריאַנקע האָבען זיך, נישט ווילענדיג, פעראייניגט אין זיין פאַנטאַזיע און ער האָט הנאה געהאַט צו טראַכטען וועגען זיי. „ער ליעבט מאַריאַנקען", — האָט געטראַכט אָלענין, — „און איך וואָלט זי אויך געקענט ליעבען". און עפּעס אַ שטאַרק גע-

פיהל, וואָס איז געווען פאַר איהם ניי, אַ גוט ווייך געפיהל האָט איהם אַרומגענומען אין דער צייט, ווען זיי זענען געגאַנגען אַהיים דורך דעם פינסטערען וואַלד. לוקאַשקען איז אויך געווען פרעה־ליך אויפ'ן האַרצען. עפּעס ווי אַ ליעבעס־געפיהל האָט זיך געפיהלט צווישען די ביידע אַזוינע פערשיעדענע יונגע מענשען. איטליכס מאָל ווען זיי פלעגען אַ קוק טהון אויף אַנ'אַנדער, פלעגט זיי זיך וועלען לאַכען.

— אין וועלכען טהויער דאַרפסטו? — האָט געפרעגט אָלענין.

— אין דעם מיטעלסטען. אָבער איך וועל אייך בעלייטען ביז צום זומפּ. דאָרטען דאַרפט איהר שוין קיין מורא נישט האָבען.

אָלענין האָט געלאַכט.

— צו האָב איך דען מורא? געה צוריק, איך דאַנק, איך וועל אַליין צו געהען.

— עס מאַכט נישט אויס! וואָס האָב איך דען צו טהון? ווי זאָלט איהר נישט מורא האָבען, אַז מיר האָבען מורא, — האָט געזאָגט לוקאַשקע אויך מיט אַ שמייכעל, און בערוהיגענד זיין איינגענליעבע.

— קום נאָר אַריין צו מיר. מיר וועלען פּלוידערען, געה־מען אַ טרונק, און צו מאָרגענס געה זיך אַהיים.

— שוין זשע וועל איך קיין אָרט נישט געפינען, וואו די נאַכט איבערצונעכטיגען, — האָט זיך צולאַכט לוקאַשקע, — דער אוריאַדניק אַליין האָט מיך געבעטען קומען.

— איך האָב נעכטען געהערט, דו האָסט ליעדלעך גע־זינגען, און נאָך אַ מאָל האָב איך דיך געזעהען.

— מיר זענען אַלע נישט מעהר, ווי מענשען..., — און לוקאַ האָט צוגעשאָקעלט מיט'ן קאָפּ.

— וואָס? ס'איז אמת, אַז דו האָסט חתונה? — האָט גע־פרעגט אָלענין.

— די מאַמע וויל מיך חתונה מאַכען. ס'איז נאָך אָבער קיין פערד דערוויילע ניטאָ.

— דו ביסט נישט אין סטראָי ?

— וואו !? אָקאָרסט אין די קאָזאַקען אַריין. נאָך קיין פערד נישטאָ, און צו בעקומען — נישטאָ וואו. דעריבער בין איך נאָך נישט קיין חתונה-געהאַטער.

— און וואָס קאָסט אַ פערד ?

— געהאַנדעלט די טעג אַ פערד הינטער'ן טייך האָט מען 60 מאָנעטען נישט געוואָלט נעהמען, און דאָס פערד איז אַ נאָגאַיסקער.

— ווערסט געהען צו מיר אַלס דראַבאַנט ? (ווען חיל איז אין מאַרש, רופט מען אַ דראַבאַנט אַזוינעם, וואָס איז אַ מין סטאַפעט, וועלכע מען פלעגט צוגעבען די אָפיציערען) איך וועל שוין אויסבעטען פאַר דיר, און אַ פערד וועל איך דיר אַ מתנה געבען, — האָט פלעצליך געזאָגט אָלענין, — אין דער אמת'ן. איך האָב צוויי, איך דאַרף נישט.

— וואָס הייסט, מען דאַרף נישט ? — האָט שמייכעלענדיג געזאָגט לוקאַשקע, — צו וואָס שענקען ? גאָט וועט געבען, וועט מיר שוין עפעס צוקומען.

— אין דער אמת'ן ! אָדער צו ווילסטו נישט זיין אַ דראַבאַנט ? — האָט געזאָגט אָלענין, זיך פרעהענדיג דערמיט, וואָס איז איהם אַריין דער געדאַנקען צו שענקען לוקאַשקען אַ פערד. ער האָט זיך דערביי עפעס געפיהלט שלעכט, ווי נישט ביי זיך. ער האָט געזוכט, און האָט נישט געוואוסט וואָס צו זאָגען.

לוקאַשקע האָט צוערשט איבערגעריסען די שטילקייט.

— וואָס, צו האָט איהר אין רוסלאַנד אַנ'אייגען הויז ? — האָט ער געפרעגט.

אָלענין האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטען, נישט צו דערצעהלען, אַז ער האָט נישט נאָר איין הויז, נאָר אַסך הייזער.

— אַ גוט הויז ? גרעסער פאַר אונזערס ? — האָט גוטמוטיג געפרעגט לוקאַשקע.

— אַסך גרעסער, צעהן מאָל אַזוי גרויס. דריי עטאַזשען, — האָט געזאָגט אָלענין.

— און פערד האָט איהר אַזוינע, ווי ביי אונז ?

— איך האָב הונדערט פערד, צו דריי הונדערט, פיער הונדערט רובל אַ פערד, נאָר נישט אַזוינע, ווי אייערע. 300 זילבערנע רובל! די לויפיגע, ווייסט . . . און פונדעסטוועגן האָב איך ליעבער די היגע.

— וואָס, צו זייט איהר געקומען אַהער מיט'ן אייגענעם ווילען, אָדער פערקעהרט? — האָט געפרעגט לוקאַשקע ווי אָב׳-חוזק'ענענדיג, אָט וואו איהר זייט פערקראָכען, — האָט ער מיט אַ מאָל געזאָגט, ווייזענדיג אויפ'ן שטינגעל, פערביי וועלכען זיי זענען פערבייגעגאַנגען, — איהר דאַרפט אייגענטליך געהען אויף רעכטס.

— גלאַט אַזוי, מיט'ן אייגענעם ווילען, — האָט געענט-פערט אָלענין, — געוואָלט זעהען אייער מקום, אַנטהייל נעהמען אין די מאַרשען.

— איך וואָלט איצט אויך געגאַנגען אויף אַ מאַרש, — האָט געזאָגט לוקאַשקע. — הערסט, עס ברומען די ווילדע חזירים, — האָט ער צוגעלעגט, זיך אַיינהאָרכענדיג.

— דו שרעקסט זיך גאָר נישט, וואָס דו האָסט אַ מענשען צוגע'הרג'ט? — האָט געפרעגט אָלענין.

— וואָס איז דאָ מורא צו האָבען? אָך, וואָלט איך דאָס געגאַנגען אויף אַ מאַרשיראָווקע! — האָט איבערגע'חזר'ט לוקאַש-קע, — אָי, ווילט זיך דאָס, ווילט זיך דאָס אַזוי . . .

— אפשר וועלען מיר געהען צוזאַמען. אונזער ראָטע געהט נאָך פאַר יום־טוב און אייער קאָזאַצקע — אויך.

— אַנ'איינפאַל דאָס איז צו קומען אַהער! אַ שטוב איז דאָ, פערד און קנעכט אויך. איך וואָלט נאָר געהוליעט און געהוליעט. האָט איהר עפעס אַ טשין (ראַנג)?

— איך בין אַ יונקער, און איצט בין איך שוין פערציי-בענט געהעכערט צו ווערען.

— נו, אויב איהר בעריהמט זיך נישט, איז אַזאַ לעבען ביי אייך, אַז איך וואָלט קיינמאָל נישט אַוועק פון דער היים. קיינמאָל, וואָלט איך נישט אַוועק. לעבט זיך גוט ביי אונז?

— יאָ, זעהר גוט. — האָט געזאָגט אָלענין.

ס'איז שוין געווען פינסטער. ווען, שמייסענדיג אַזוי, זענען זיי צו צו דער סטאַניצע. עס האָט זיי נאָך אַרומגערינגעלט די פינסטערע טונקעלקייט פון וואַלד. דער ווינד האָט הויך געבלאָזען אין די שפּיצען, די חיות האָבען, ווי נעבען זיי, זיך צוברומט, צו הורזשעט און צוואווינט, און פאָרענט, אין דער סטאַניצע, האָט זיך שוין געהערט דאָס פּלאַפּערען פון ווייבער, דאָס בילען פון הינד, עס האָבען געפינקעלט פייערליך, מען האָט שוין קלאָר געזעהען די ליניעס פון די שטיבער און עס האָט זיך געטראָגען אַ ריח, דער בעזונדערער ריח פון קיזיאַק. אָלענין האָט געפיהלט איצט, בעזונדערס אין דעם אָוועגד, אַז דאָ אין דער סטאַניצע איז זיין שטוב, זיין פאַמיליע, זיין גאַנצעס גליק און, דאָס ער האָט אין ערגעץ נישט געלעבט און וועט נישט לעבען אַזוי גליקליך, ווי אין דער סטאַניצע. ער האָט אַזוי ליעב געהאַט אַלעמען, און בעזונדערס לוקאַשקען, אין דעם דאָזיגען אָוועגד! קומענדיג אַהיים האָט אָלענין, צו דער גרויסער פערוואונדערונג פון לוקאַשקען, אַליין אַרויסגעפיהרט פון שטאַל דעם פערד, וואָס ער האָט געקייפט אין גראָזנע, — נישט דאָס פערד, אויף וועלכען ער פלעגט שטענדיג רייטען, נאָר אַנ'אַנדער פערד, נישט קיין שלעכטס, חאָטש שוין נישט יונג — און האָט איהם אַוועקגעגעבען.

— פאַר וואָס שענקסט איהר מיר אַ פערד? — האָט געזאָגט לוקאַשקע: — איך האָב אייך דערווייל נאָך קיין איין טובה נישט געטהון.

— אין דער אמת'ן, עס האָט פאַר מיר גאָר קיין ווערדע נישט, — האָט געענטפערט אָלענין, — נעהם, און דו וועסט מיר אויך עפּעס שענקען... אָט וועלען מיר צוזאַמען געהען אין מאַרש.

לוקאַ האָט זיך געפיהלט נישט גוט ביי זיך. נו, וואָס איז דאָס אַזוינס? צו קאָסט דען אַזוי וואָלוועל אַ פערד, — האָט ער געזאָגט, נישט קוקענדיג אויף די מתנה.

— נעהם, נעהם! אַז דו וועסט נישט נעהמען, וועסטו מיך בעליידיגען דערמיט. וואַניושע פיהר אָב צו איהם דעם גראָהען.

לוקאַשקע האָט אָנגעגומען דאָס פערד ביין צײמעל.

— נו, אַ דאַנק. אָט נישט געטראַכט, נישט געקלערט. אָלענין איז געווען גליקליך ביי זיך ווי אַ צוועלפיאָהריג יונגעל.

— בינד עס דאָ צו. דאָס איז אַ וואוהל פערד, איך האָב עס געקויפט אין גראָזנע, און לויפט ווי אַ טייוועל. וואַניושע גיעב אונז משקה׳ר. לאָמיר אַריין אין שטוב.

מען האָט געבראַכט ווײן. לוקאַשקע האָט זיך אַנידערגע־זעצט און גענומען דאָס קריגעל.

— גאָט וועט געבען, וועל איך אײך אָבדיענען. — האָט ער געזאָגט, אויסטרינקענדיג דאָס קריגעל, — ווי הייסט דו דען?

— דימיטרי אַנדרעאיטש.

— נו, מיטרי אַנדרעוויטש, זאָל דיר גאָט העלפען. מיר וועלען זיין קונאַקעס. איצט קום צו אונז אַמאָל. חאָטש מיר זענען נישט רייך, אָבער אַ קונאַק וועלען מיר מכבד זיין. איך וועל דער מאַמען זאָגען, ווען מען וועט וואָס דאַרפען: קאַיטאַק צו וויינטרויבען. און ווען דו וועסט קומען אין קאָרדאָן, בין איך דיין דיענער, צו אויף געיעג, צו איבער׳ן טייך, וואו דו ווילסט. אָט האָב איך די טעג גאָר נישט געוואוסט. וואָס פאַר אַ ווילדען חזיר איך האָב דער׳הרג׳עט! צוטיילט צווישען די קאָזאַקען, ווען איך וויים, וואָלט איך דיר געבראַכט.

— גוט, איך דאַנק. דו שפאַן נאָר דאָס פערד נישט איין. עס איז נאָך אַזוי נישט געפאָהרען.

— ווי שפאַנט מען דאָס איין אַ פערד! און נאָך עפּעס וועל איך דיר זאָגען — האָט געזאָגט לוקאַשקע, איינבויגענדיג דעם קאָפּ, — ווען דו ווילסט האָב איך אַ קונאַק, גירייע־האַן. האָט ער גערופען זיך בעהאַלטען אין די בערג אויפ׳ן וועג, וואו עס פאָהרען פעריביי די קויפלייט, ווען מיר ביידע פאָהרען, איך וועל שוין דיר נישט אַרויסגעבען, איך וועל זיין דיין מוריד.

— מיר וועלען פאָהרען. פאָהרען אַמאָל.

לוקאַשקע האָט, ווי עס שײנט, זיך פאָלקאָמען בערוהיגט און האָט פערשטאַנען אָלענינס בעציעהונגען צו איהם. זיין רו־

היגקייט און די פאַמיליאַרע איינפאַכקייט האָבען פערוואונדערט אָלענינען און זענען איהם זאָגאַר געווען נישט אַנגענעהם. זיי האָבען נאָך לאַנג געשמועסט, און שוין שפּעט איז לוקאַשקע, נישט שכור (ער איז קיינמאָל נישט געווען שכור), נאָר אַ סך אַנ׳אָנגעטרונקענער אַוועק פון אָלענינען, דריקענדיג איהם די האַנד.

אָלענין האָט אַרויסגעקוקט פון פענסטער, זעהען וואָס ער וועט טהון, אַוועקגעהענדיג פון איהם. לוקאַשקע איז געגאַנגען פאַמעלעך, מיט אַראָבגעלאָזענעם קאָפּ. דערנאָך, אַרויספיהרענדיג דעם פערד דורכ׳ן טהויער, האָט ער פלעטצליך אַ מאַך געטהון מיט׳ן קאָפּ, אַרויפגעשפּרונגען אויף איהם ווי אַ קאַץ, אַריבער־געוואָרפען דעם ציימעל און אַרויסלאָזענדיג אַ הי—הי האָט ער זיך גענומען יאָגען איבער׳ן גאַס. אָלענין האָט געקלערט, אַז ער וועט געהען צו מאַריאַנקען זיך טיילען מיט דער פרייד; נור, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס לוקאַשקע האָט דאָס נישט געטהון, איז איהם געווען אַזוי גוט אויפ׳ן האַרצען, ווי נאָך קיינמאָל נישט. ער איז, ווי אַ יונגעל, געווען אַזוי פרעהליך, און ער האָט זיך נישט געקענט איינהאַלטען נישט צו דערצעהלען וואַניושען נישט נאָר, ווי ער האָט געשענקט לוקען אַ פערד, נאָר צוליעב וואָס ער האָט געשענקט און זיין גאַנצע נייע טהעאָריע וועגען גליק. וואַניושע האָט אויף די טהעאָריע נישט געגעבען זיין הסכמה און סודיע געווען, אַז לאַרזשאַן אילניאַפּאַ, און דעריבער זענען דאָס לויטער פוסטע זאַכען.

לוקאַשקע איז גיך אַוועק אַהיים, אַראָבגעשפּרונגען פון פערד, און עס אַוועקגעגעבען דער מאַמען, אָנזאָגענדיג, אַז זי זאָל דאָס אַוועקלאָזען צווישען די קאָזאַצקע פערד; אַליין האָט ער נאָך געדאַרפט אין דער אייגענער נאַכט זיין אין קאָרדאָן.

די שטומע האָט גענומען אַוועקפיהרען דעם פערד און מיט צייכענס האָט זי געוויעזען, אַז ווייבאַלד זי וועט זעהען דעם מענשען וואָס האָט איהם געשאָנקען אַ פערד וועט זי זיך פער־בוקען פאַר איהם ביז צו די פיס. די אַלטע האָט נאָר געשאָ־קעלט מיט׳ן קאָפּ אויף די מעשה פון זוהן און אין האַרצען איז

זי געווען זיכער, אַז לוקאַשקע האָט דאָס פערד צונג'גנב'עט, און דעריבער האָט זי געהייסען, אַז מען זאָל עס אַוועקפיהרען צו די קאָזאַצקע פערד נאָך פאַר־טאָג.

לוקאַשקע איז אליין אַוועק אין קאָרדאָן און אַלץ בעקלערט אָלענינ'ס טהאַט. חאָטש דאָס פערד איז נישט געווען גוט, נאָך זיין מיינונג, נאָר 40 מאָנעטען איז דאָס אודאי ווערט, און לוקאַשקע איז געווען צופריעדען פון דער מתנה. נאָר צוליעב וואָס האָט מען איהם געמאַכט אַזאַ געשאַנק, האָט ער אויף קיין פאַל נישט געקענט פערשטעהען, און דעריבער האָט ער נישט געשפירט קיין שום דאַנקבאַרקייטס־געפיהל. אומגעקעהרט, אין קאָפּ האָט זיך געדרעהט אַ נישט קלאָרער חשד וועגען דעם יונקער'ס בייזע כונות. און וואָס די כונות זענען בעשטאַנען האָט ער אַליין נישט געוואוסט, נאָר צולאָזען דעם געדאַנקען, אַז גלאַט אַזוי, פון הויכער גוטסקייט נעהמט אַנ'אומבעקאַנטער מענש און שענקט איהם אַ פערד פון 40 מאָנעטען האָט ער בשום אופן נישט געקאָנט. ווען ער וואָלט האָטש שכור געווען, וואָלט עס נאָך געווען בעגרייפליך: געוואָלט זיך קוראַזשענען. נאָר דער יונקער איז געווען ניכטער און דעריבער האָט ער מן הסתם איהם געוואָלט אונטערקייפען צו עפּעס אַ מאוסע זאַך, „וואַרט נאָך! האָט געטראַכט לוקאַשקע. — דעם פערד האָב איך, און ווייטער וועלען מיר נאָך זעהען. איך בין אויך נישט קיין יונגעל. מיר וועלען נאָך זעהען ווער וועמען וועט אָבנאַרען! מיר וועלען נאָך זעהען!” האָט ער געטראַכט, פיהלענדיג, אַז ער דאַרף זיך היטען פאַר אָלענינען און דעריבער וועקענדיג אין זיך אַ נישט גינציגקייט קעגען איהם. ער האָט קיינעם נישט דערצעהלט, ווי ער האָט בעקומען דעם פערד. איינעם האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט געקויפט, פון אַנדערען האָט ער זיך אָבגעטשעפּעט מיט אַ נישט בעשטימטען ענפער. אין סטאַניצע אָבער איז מען פאָרט באַלד דערגאַנגען דעם אמת. די מאַמע פון לוקאַשקען, מאַריאַנאַ, איליאַ וואַסילעוויטש און אַנדערע קאָזאַקען, דערגעהערענדיג וועגען אָלענינס פיר־פלאַטע מתנה, זענען געווען שטאַרק פערוואונדערט און האָבען אָנגעהויבען צו האָבען פחד פאַר'ן יונקער. נישט קו־

קענדיג אויף דעם דאָזיגען פחד, האָט די טהאַט דערוועקט אַ גרויסע אַכטונג צו דער איינפאַכקייט און צו די רייכקייט פון אָלענינען.

— ס׳געהערט, דער יונקער וואָס שטעהט ביי איליאַ וואַסילעוויטש האָט צוגעוואָרפען לוקאַשקען אַ פערד פון 50 מאָנעטען. ס׳אַראַ רייכקייט! — האָט געזאָגט איינער.

— געהערט, — האָט געזאָגט אַ צווייטער זיך טיעף פערקלערענדיג, — מן הסתם האָט ער איהם אַ טובה געטהון. מיר וועלען זעהען, וועלען זעהען, וואָס וועט דערפון אַרויס. האָט עס דער כל־בו־ניק גליק!

— שענע חאַיחערס זענען די לייט פון די יונקערס. אַנ׳אומגליק! — האָט געזאָגט אַ דריטער. — ס׳ט זעהען, ער וועט נאָך אונטערצונדען, אָדער אַנ׳אַנדער זאַך אָבטהון.

## XXIII.

אָלענינס לעבען איז געווען מאָנאָטאָן, איין טאָג ווי דער צווייטער. מיט די עלטעסטע און די קאַמעראַדען האָט ער כמעט קיין עסקים נישט געהאַט. די לאַגע פון אַ רייכען יונקער אין קאַווקאַז איז אין דער הינזיכט אַ בעזונדערס גינציגע. אויף אַרבייט און מושטיראָווקע האָט מען איהם נישט געשיקט. פאַר די עקספעדיציע האָט מען איהם צוגעשטעלט אין רייסטער פון די אָפיציערען, און ביז דאַן האָט מען איהם געלאָזען צו רוה. די אָפיציערען האָבען איהם געהאַלטען פאַר אַנ׳אַריסטאָקראַט און דעריבער האָבען זיי זיך בעצויגען צו איהם מיט זעלבסטאַכטונג, נישט וועלענדיג ווערען מיט איהם צופיעל מחותן. דאָס קאָרטען־שפיעל און די אָפיציערסקע הוליענישען מיט ליעדלעך־זינגער, וועלכע ער האָט שוין פערזוכט אין דער אַרמעע, האָבען איהם אָבגעשטויסען, און אַליין האָט ער זיך אויך דערווייטערט פון דער אָפיציער־געזעלשאַפט און אָפיציער־לעבען אין דער סטאַניצע. דאָס אָפיציער־לעבען אין די סטאַניצעס האָט שוין פון לאַנג אָן איין פנים. אַזוי ווי איטליכער יונקער אָדער אָפיציער אין די

פעסטונגען, טרינקט רעגעלמעסיג פאָרטער, שפּיעלט אין שטאָס, שמועסט וועגען בעלויהנונגען פאַר די עקספּעדיציעס, אַזוי טרינקט ער רעגעלמעסיג אין די סטאַניצעס טשיחיר מיט זיינע בעלי הבתים, איז מכבד די מיידלעך מיט אַלערליי צובייסענעם און מער, שלעפּט זיך נאָך נאָך די קאָזאַצקעס, און וועלכע ער פערליעבט זיך; אַמאָל האָט ער אויך חתונה. אָ־עניין האָט שטענדיג געלעבט אויף אייגענעם נוסח און האָט געפיהלט אַנ׳עקעל צו אויסגעטרעטענע שטעגלעך. און אייך דאָ איז ער נישט גע־גאַנגען מיט דעם אויסגעטרעטענעם וועג פון אָפיציער־לעבען.

פון זיך אַליין איז עפּעס געוואָרען, אַז ער פלעגט אויפ־שטעהען צוגלייך מיט׳ן טאָג. אויסטרינקענדיג טהע און זיך קווי־קענדיג פון גאַניקעל מיט די בערג, מיט׳ן מאָרגען און מיט מאַר־יאַנקען, פלעגט אָנטהאָן אַ צוריסענעם זיפּון פון אָקסענפעל, צו־נעצטע שיך, וואָס מען רופט דאָס אָן פאָרשנעס. פלעגט אָנ־גאַרטלען דעם דאָלכמעסער, נעהמען דעם ביקס, אַ זעקעל מיט שפּייז און טאַבאַק, פלעגט רופען דעם הונד און זעכס אַ זייגער פאַר טאָג פלעגט ער אַוועק אין וואַלד הינטער דער סטאַניצע. אַ זייגער זיעבען אָוועגדס פלעגט ער קומען אַ מידער, אַ הונגעריגער מיט פינף־זעכס פאַזאַנען הינטער׳ן גאַרטעל, אַמאָל מיט אַ חיה, מיט אַ זעקעל, וואו עס זענען געלעגען די שפּייז און די פּאַפּיראָ־סען, נאָך נישט אָנגעריהרטע. ווען די געדאַנקען אין מח וואָל־טען געלעגען אַזוי, ווי די פּאַפּיראָסען אין זעקעל, וואָלט מען געקענט זעהען, אַז אין די 14 שעה האָט זיך נישט גערידהרט אין איהם קיין איינציגעם געדאַנק. ער פלעגט קומען אַהיים מאָ־ראַליש פריש, שטאַרק און פאָלקאָמען גליקליך. ער וואָלט נישט געקענט זאָגען וועגען וואָס ער האָט געטראַכט די גאַנצע צייט, עפּעס געדאַנקען, עפּעס ערינערונגען, עפּעס חלומות האָבען גע־בלאָנדזשעט ז״ן זיין מח — געבלאָנדזשעט עפּעס אָבגעריסענע שטיקלעך פון אַלץ. טשוכעט ער זיך אויס, פרעגט זיך אַליין: וועגען וואָס קלערט ער? און דערזעהט זיך ווי אַ קאָזאַק, וואָס אַרבייט אין די גערטנער מיט אַ קאָזאַצקע אַ ווייב, אָדער ווי אַנ־אַברעק אין די בערג, אָדער ווי אַ ווילדער חזיר, וואָס ענט־

...ט פון זיך אליין. און שטענדיג האָרכט עס, און שטרעננט אָן זיין בליק אין אַבט־אָב אַ פּאַזאַן, אַ ווילדען חזיר אָדער אַ הירשען.

אָוועגדס זיצט שוין ביי איהם דורכאויס פעטער יעראָשקע. וואַניושע ברעננט אַ׳אַבטעל טשיחיר, זיי שמ׳עסען שט׳ל, טרינ־קען זיך ביידע אָן און ביידע צוגעהען זיי זיך צופריעדען שלאָפען. אויף מאָרגען ווידער גייעג, ווידער אַ געזונדע מידינקייט, ווידער זיך אָנגעטרונקען ביים שמועס און ווידער גליקליך. מאַנכמאָל יום־טוב צייט, אָדער אין אַ רוה־טאָג פערברענגט ער אַ גאַנצען טאָג אין דער היים, דאַמאָלכט איז דער הויפט־עסק מאַריאַנקע, וועלכע ער פערפאָלגט מיט גיעריגע בליקען, אליין נישט בעמערקענדיג, איטליכע בעוועגונג איהרע פון זיין פענס־טער אָדער פון גאַניקעל. ער האָט געקוקט אויף מאַריאַנקען און ער האָט זי געליעבט (אַזוי האָט איהם זיך גערדאַכט), אַקוראַט ווי די שענקייט פון די בערג און הימעל, און ער האָט גאָר נישט געקלערט אַריינצוגעהען מיט איהר אין וואָס עס איז פאַר בעציע־הונגען. איהם האָט געשיינט, אַז צווישען איהם און איהר קענען נישט עקזיסטירען נישט די בעציעהונגען, וואָס זענען מעגליך צווישען איהר און דעם קאָזאַק לוקאַשקע, נאָך וועניגער די, וואָס זענען מעגליך צווישען אַ רייכען אָפיציער און אַ מיידעל אַ קאָ־זאַצקע. איהם האָט זיך גערדאַכט, אַז ווען ער וואָלט געפרובט טהון דאָס, וואָס טהוען זיינע קאַמעראַדען, וואָלט ער אויסגע־ביטען זיינע פאָלקאָמענע תענוגים דערויף, צו קוקען אויף אַ תהום פון פיין, ענטוישינגען און חרטות. חוץ דעם האָט ער שוין, וואָס אַנבעלאַנגט דער דאָזיגער פרוי געטהין אַ העלדענטהאַט פון זעלבסטאויפאָפּפערונג, וואָס האָט איהם געגעבען אַזאַ גרויסען תענוג; די הויפטזאַכע אָבער, ער האָט עפּעס פּחד געהאַט פאַר מאַריאַנקען און פאַר קיין פאַל וואָלט ער זיך נישט דערלויבט צו זאָגען איהר אַ וואָרט פון לייכטזיניגער ליעבע.

איינמאָל זומער איז אָלענין נישט געגאַנגען אויף געיעג און איז געבליעבען אין דער היים. גאַנץ אונערוואַרט איז אַריין צו איהם אַ מאָסקאָווער בעקאַנטער, זעהר אַ יונגער מאַן, וועמען ער האָט אָנגעטראָפען אין דער הויכער וועלט.

— אך, mon cher, מיין טייערער, ווי האָב איך זיך דער־פרעהט, דערוויסענדיג זיך, אַז איהר זייט דאָ! — האָט ער אָנגעהויבען אויף אַ מאָסקאָווער־פראַנצויזישען לשון און האָט אַזוי ווייטער גערעדט, אויסמישענדיג זיינע רעד מיט פראַנצויזישע ווערטער. — מען זאָגט מיר: „אָלענין“. וואָסער אָ־לענין? איך האָב זיך אַזוי דערפרעהט... ווי דער מזל אונז געפיהרט דאָס צונויף. נו, ווי פיהלט איהר זיך? צו וואָס? צו ליעב וואָס?

און פירסט בעלעצקי האָט דערצעהלט זיין גאַנצע היס־טאָריע; ווי ער איז אויף אַ ווייל אַריין אין דעם פאָלק, ווי דער הויפט־קאָמאַנדיר האָט איהם גערופען צו זיך אַלס אַדיוטאַנט און ווי ער וועט באַלד נאָך דער עקספעדיציע אָנקומען צו איהם, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס ער אינטערעסירט זיך גאָר נישט דערמיט.

— אַז דו דיענסט דאָ, אין אַזאַ לאָך, דאַרף מען, ווע־ניגסטענס, אַ קאַריערע מאַכען... אַ צלם... אַ העכערען טשין... אַריבערגעהען צו דער גוואַרדיע. דאָס אַלץ איז זעהר נויטהיג, חאָטש נישט פאַר מיר, נאָר צוליעב די קרובים, צוליעב בעקאַנטע. דער פירסט האָט מיר זעהר גוט עמפפאַנגען; ער איז זעהר אַנ'אָרדענטליכער מענש, — האָט כסדר גערעדט בעלעצקי, — פאַר די עקספעדיציע האָט מען מיך צוגעשטעלט אין רייסטער פאַר אַנ'אַנאַ־אָרדען. און איצט וועל איך דאָ פערברענגען ביז דעם ווייטערדיגען מאַרש. דאָ איז אויסגעצייכענט. וואָס פאַר אַ ווייבער! נו, און איהר, ווי לעבט איהר? מיר האָט געזאָגט אונזער קאַפּיטאַן, איהר קענט איהם, סטאַרצעוו: אַ גוט נאַריש בעשעפעניש... ער האָט דערצעהלט, אַז איהר לעבט ווי אַ ווילדער מענש, זעהט זיך מיט קיינעם נישט. איך פערשטעה, אַז איהר ווילט נישט ווערען אַ מקורב מיט די היגע אָפיציערען. איך פרעה זיך, איצט וועלען מיר אָפט זעהען זיך. איך האָב זיך דאָ אָבגעשטעלט ביי'ן אוריאַדניק. וואָס פאַר אַ מיידעלע דאָרטען איז דאָ, אוסטענקע! איך זאָג אייך: אַ צאַצקע!

און נאָך נאָך האָבען זיך געשאָטען רוסישע און פראַנצויזי־שע ווערטער פון יענער וועלט, וואָס, אָלענינען האָט זיך גע־

דאַכט, אַז זי איז שוין אויף אייביג אַוועק. די אַלגעמיינע מיינונג וועגען בעלעצקין איז געווען, אַז ער איז אַ ליעבער גוטמוטיגער יונגערמאַן. אפשר איז ער טאַקע געווען אַזוינער. נאָר אָלענינען, נישט קוקענדיג אויף זיין גוטמוטיגען שעגינקען פנים, איז ער שטאַרק נישט געפעלען. עס האָט אַזוי שטאַרק געשמעקט פון איהם מיט דעם גאַנצען שמוץ, פון וועלכען ער האָט זיך אָבגעזאָגט. פערדראָסיגער פאַר אַלץ איז איהם געווען, וואָס ער האָט נישט געקאָנט, אונמעגליך געקאָנט גראָב אָבשטויסען פון זיך דעם מענשען פון יענער וועלט, אַקוראַט ווי די אַלטע, געוועזענע וועלט האָט געהאַט אויף איהם שטאַרקע רעכטען. ער איז אין כעס געווען אויף בעלעצקין און אויף זיך און קעגען זיין ווילען האָט ער אַריינגעשטעלט פראַנצויזישע פראַזען אין זיין געשפרעך, האָט זיך אינטערעסירט מיט דעם הויפט-קאָמאַנדיר און מיט מאָסקאָווער בעקאַנטע און נאָר אויף דעם איינציגען יסוד, וואָס זיי האָבען ביידע אין דער קאָזאַצקע סטאַניצע גערעדט אויף פראַנצויזיש, האָט ער מיט פעראַכטונג זיך בעציינען צו די קאַמעראַדען-אָפיציערען, צו די קאָזאַקען און האָט זיך פריינדליך בעקומען צו בעלעצקין, פערשפרעכענדיג צו זיין ביי איהם און איהם איינלאַדענדיג צו קומען צו איהם. אָלענין אַליין איז פונדעסטוועגען צו בעלעצקין נישט געגאַנגען. וואַניושען איז בעלעצקי געפעלען, געפינענדיג, אַז ער איז אַנ'אמת'ער האַר.

בעלעצקי איז באַלד אַריין אין דעם געוועהנליכען לעבען פון אַ רייכען קאַוקאַזער אָפיציער אין סטאַניצע. אויף די אויגען פון אָלענין איז ער אין איין מאָנאַט געוואָרען ווי אַ תושב אין דער סטאַניצע: ער האָט אָנגע'שכיר'ט די אַלטע, געמאַכט אָווענדען און איז אַליין געגאַנגען אויף אָווענדען צו מיידלעך, זיך בעריהמט מיט זיינע עראָבערונגען און איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז מיידלעך און ווייבער האָבען איהם עפּעס גערופען „זיידע'ע", אין די קאָזאַקען, וואָס האָבען קלאָר בענומען דעם דאָזיגען מענשען, וואָס האָט ליעב וויין און ווייבער, האָבען זיך צוגעוואוהנט צו איהם און האָבען איהם מעהר ליעב געהאַט, ווי אָלענינען, וואָס איז פאַר זיי געווען אַ רעטהעניש.

# XXIV.

עס איז געווען פינף אַ זייגער פאַרטאָג. וואַניושע האָט צעבלאָזען דעם סאַמאָוואַר אויפ'ן גאַניקעל מיט אַ חאָלעווע פון אַ שטיוועל. אָלענין איז שוין אַוועקגעריטען צום טערעק זיך באָדען. (ער האָט נישט לאַנג זיך אויסגעטראַכט אַ נייעם פערגעניגען, — באָדען אין טערעק דעם פערד). דיווירטין איז געווען אין קאַלטען שטיבעל, און אַ שוואַרצער געדיכטער רויך פון אַ צוהייצטען אויווען האָט זיך געטראָגען אין דער הויך; דאָס מיידעל אין שטאַל האָט געמעלקט די בוּוואָליכע. „ס'שטעהט נישט אַיין אויף אַנ'אָרט, די פערשאָלטענע", האָט זיך געהערט איהר אונגעדולדיגע שטים, און באַלד דערויף האָט זיך דערהערט אַ רעגעלמעסיגער גערויש פון מעלקען. אויפ'ן גאַס נעבען הויז האָבען זיך דערהערט לעבעדיגע טריט פון אַ פערד, און אָלענין אויף אַ שענעם, נישט אויסגעטריקענטען גלאַנציג-נאַסען דונקעלגראָהען פערד איז צוגעריטען צום טהויער. דאָס שענע קעפעל פון מאַריאַנען, פערבונדען מיט אַ רויטען טיכעל (וואָס מען רופט דאָס העמדעל), האָט זיך אַרויסגעשטעקט פון שטאַל און איז ווידער פערשוואונדען. אָלענין האָט געטראָגען אַ רויט קאַנאַוסען העמד, אַ ווייסע טשערקעסקע, צוזאַמענגעצויגען מיט אַ ריעמען מיט אַ דאָלכמעסער, און אַ הויך היטעל. ער איז קאָקעטיש געזעסען אויפ'ן נאַסען רוקען פון זאַטען פערד און, צוהאַלטענדיג דעם ביקס הינטער'ן רוקען, האָט ער זיך אַיינגעבויגען, אום צו עפענען דאָס טהויער. זיינע האָר זענען נאָך געווען נאַס, דאָס געזיכט האָט געשיינט פון יוגענד און געזונדקייט. ער האָט געטראַכט, אַז ער איז שען, געשיקט און עהנליך צו אַ דזשיגיט; נאָר עס איז נישט געווען ריכטיג. איטליכער געניטער קאַווקאַזער וואָלט באַלד דערקענט, אַז ער איז פאָרט אַ סאָלדאַט. בעמערקענדיג דאָס אַרויסגעשטעקטע קעפעל פונ'ם מיידעל, האָט ער בעזונדערס בחור'יש זיך אַיינגעבויגען, אָבגעשליידערט דאָס טהירעל פון טהויער, און צוהאַלטענדיג דאָס ציימעל און אַ פּאָך טהוענדיג מיט'ן בייטשעל איז ער אַריינגעפאָהרען אין הויף.

„פאַרטיג, טהעע, וואַניושע", האָט ער פרעהליך אַ געשריי געטהון. נישט קוקענדיג אויפ'ן טהיר פון שטאַל; ער האָט מיט פערגעניגען געפיהלט, ווי צוזאַמענציעהענדיג דעם הינטען, פערלאַנגענדיג דעם ציימעל און ציטערענדיג מיט איטליכען מוסקעל, גרייט מיט אַלע פיס אַריבערצושפּרינגען איבער'ן פאַרקאַן האָט דער שענער פערד אָבגעקלאַפּט יעדען טריט אויף דעם פערטרעטענעם לעהם פון הייף. „סע פרע!" האָט געענטפערט וואַניושע. אַלענינען האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס שענע קעפעל פון מאַריאַנען קוקט נאָך אַרויס פון שטאַל, נאָר ער האָט זיך נישט אָבגעקעהרט אַ קוק צו טהון אויף איהר. ארונטערשפּרינגענדיג פון פערד, האָט אַלענין זיך פערטשעפּעט מיט ביקס אין גאַניקעל, געמאַכט אַ נישט געשיקטע בעוועגונג און מיט פחד האָט ער אַ קוק געטהון אויפ'ן שטאַל, אין וועלכען מען האָט קיינעם נישט געזעהען און פון וואו עס האָבען זיך געהערט אַ רעגעלמעסיגע מעלקעריי־געקראַנג.

צוערשט אַריינגעהענדיג אין שטוב, איז ער באַלד אַרויס פון דאָרטען אויפ'ן גאַניקעל און מיט אַ בוך און אַ ליולקע, ביי אַ גלאָז טהעע האָט ער זיך געזעצט ביי אַ זייט, וואָס איז נאָך נישט געווען בעגאָסען מיט די דיאַגאָנאַלע שטראַהלען פון דער זון. ער האָט זיך היינט אין ערגעץ נישט געקליבען ביז מיטאָג, און ער האָט זיך בעשלאָסען שרייבען בריעף, וואָס ער האָט אַלץ אָבגעלעגט; נאָר ער האָט עפּעס שטאַרק נישט געוואָלט פערלאָזען זיין ערטעל אויפ'ן גאַניקעל און, ווי אין אַ געפענגעניש, אַזוי האָט זיך נישט געוואָלט געהען אין שטוב. די ווירטין האָט איסגעהייצט דעם אויווען, דאָס מיידעל האָט אַרויסגעטריעבען די בהמות, אָנגעהויבען צונויפזאַמלען און בעקלעפּען דעם פאַרקאַן מיט'ן קיזיאַק (בהמות־מיסט). אַלענין האָט געלעזען, נאָר ער האָט גאָרנישט פערשטאַנען, וואָס שטעהט געשריעבען אין דעם בוך, וואָס איז געלעגען פאַר איהם. ער האָט כסדר אָבגעריסען די אויגען פון בוך און געקוקט אויף דאָס שטאַרקע יונגע פרויען־צימער, וואָס בעוועגט זיך איצט פאַר זיינע אויגען. צי איז אַריין דאָס פרויענצימער אין דעם פייכטען פריהמאָרגענדיגען שאָטען,

וואָס איז געפאַלען פון שטוב, צי איז עס אַרויס אויפ'ן מיטען הויף, בעלויכטען פון אַ פרעהליכען יונגען שיין. און די גאַנצע שלאַנקע פיגור אין דעם ליכטיגען קלייד האָט געגלאַנצט אויף דער זון און צולעגט אַ שוואַרצען שאָטען. — ער האָט כסדר פחד געהאַט צו פערליערען חאָטש אין־איינציגע בעװעגונג איהרע. ער האָט געפיהלט אַ תענוג צוזעהען, ווי פריי און גראַציעז האָט זיך געבויגען איהר טאַליע, ווי דאָס ראָזע העמד, פון וואָס עס איז בעשטאַנען איהר גאַנצע קליידונג האָט זיך צולעגט אויף דער ברוסט און אין דער לענג פון איהרע שלאַנקע פיס; ווי עס האָט זיך אויסגעגליכען איהר טאַליע און אונטער דעם אָנגעצויגענעם העמד האָבען זיך פעסט אָבגעצייכענט די ליניען פון איהר אָט־העמענדיגער ברוסט; ווי די שמאָלע פיאַטקעלע, אָנגעטהון אין רויטע אַלטע פאַנטאָפעל, נישט בייטענדיג די פאַרב, האָט זיך געשטעלט אויף דר'ערד; ווי די שטאַרקע הענד מיט די פערקאַשערטע אַרבעל, אָנשטרענגענדיג די מוסקעלען, האָבען ווי מיט אַ בייזער געוואָרפען די לאָפעטע, און ווי די טיעפע שוואַרצע אויגען פלעגען אַ מאָל אַ קוק טהון אויף איהם. חאָטש עס האָבען זיך דערביי ברוגז'דיג צוזאַמענגעצויגען די פיינע ברעמען, נאָר אין די אויגען האָט זיך אויסגעדריקט אַ פערגעניגען און דאָס געפיהל פון דער אייגענער שענקייט.

— אָלענין, איהר זייט שוין לאַנג אויף? — האָט געזאָגט בעלעצקי, אין אַ קאַווקאַזער אָפיציערסקען ראָק, אַריינגעהענדיג אין הויף.

— אַ, בעלעצקי! — האָט זיך אָבגערופען אָלענין, אויסשטרעקענדיג די האַנד, — זייט איהר שוין אַזוי פריה אויף?

— וואָס זאָל מען טהון! אַרויסגעטריעבען. ביי מיר איז היינט אַ באַל. מאַריאַנע דו וועסט דאָך קומען צו אוסטענקען? — האָט ער זיך געווענדט צים מיידעל.

אָלענין האָט זיך פערוואונדערט, ווי האָט דאָס געקאָנט בעלעצקי זיך אַזוי איינפאַך ווענדען צו דעם פרויענצימער. נאָר מאַריאַנאַ, ווי זי וואָלט נישט דערהערט, האָט איינגעבויגען דעם קאָפ, און אַריבערוואַרפענדיג די לאָפעטע איבער'ן פלייצע

איז זי מיט איהר לעבעדיגען מאַנסבילשען גאַנג אַוועק אין שטיבעל.

— שעמט זיך, די ליעבינקע, שעמט זיך, — האָט געזאָגט בעלעצקי.

— זי שעמט זיך פאַר אייך, — און פרעהליך לאַכענדיג, איז ער אַרויף אויפ'ן גאַניק.

— ווי איז דאָס ביי אַייך אַ באַל? ווער האָט אייך אַרוים־געטריעבען?

— ביי אוסטענקען, מיין בעל־הבית'טע, אַזאַ באַל, און איהר זייט אויך אַיינגעלאַדען. באַל, דאָס הייסט, אַ קוכען און אַ פערזאַמלונג פון מיידלעך.

— אָבער וואָס וועלען מיר דאָרט טהון?

בעלעצקי האָט חיטרע געשמייכעלט און אַ פינטעל געבענדיג, האָט ער געוויעזען מיט'ן קאָפּ אויף דאָס שטיבעל, וואו מאַריאַנ־קע איז פערשוואונדען געוואָרען.

אָלענין האָט אַ מאַך געטהון מיט די פּלייצעס און איז רויט געוואָרען.

— ביי גאָט, איהר זייט אַ מאָדנער מענש! — האָט ער געזאָגט.

— נו, טראַכט נאָך אוים.

אָלענינ'ס פּנים האָט זיך פערפינסטערט. בעלעצקי האָט דאָס בעמערקט און האָט חניפות'דיג אַ שמייכעל געטהון. — ווי זאָל מען אַנדערש זאָגען, גאָט מיינער — האָט ער געזאָגט — איהר וואוהנט אין איין הויז... און אַזאַ וואוהל מיידעל, אַנ'אויסגע־צייכענט מיידעל, אַ פאָלקאָמענע פּאַרשוין.

— אַ זעלטענע שענקייט! איך האָב אַזוינע פרויען נישט גע־זעהען קיינמאָל, — האָט געזאָגט אָלענין.

— נו, טאָ אויף וואָס וואַרט איהר? — נישט אָנהויבענ־דיג צו פערשטעהען, האָט געפרעגט בעלעצקי.

— עס איז אפשר מאָדנע, — האָט געענטפערט אָלענין — נאָר פאַרוואָס זאָל איך נישט זאָגען דאָס, וואָס איז? פון דעם טאָג אָן, וואָס איך וואוהן דאָ. עקסיסטירען פאַר מיר, ווי עפּעס

נישט קיין פרויען. און עס איז טאַקע גוט, אמת! און וואָס קע-
נען מיר האָבען עפעס געמיינשאַפט־ליכעס מיט די היגע פרויען?
יעראָשקע — איז אַנ'אַנדער זאַך: מיט איהם האָבען מיר געמיינ-
שאַפטליכעס — גענוג.

— מילא וואָס! געמיינשאַפטליכעס! און וואָס האָב איך
געמיינשאַפטליכעס מיט אַמאַליען? דאָס איינענע וואָס מיט זיי.
אָט, אַז איהר וועט זאָגען, זיי זענען ברודנעקע, איז אַנ'אַנדער
זאַך. á la guerre, Comme á la guerre!

— אָבער איך האָב די אַמאַליעס נישט געקענט און איך
האָב קיינמאָל נישט געוואוסט, ווי מיט זיי זיך צו בעגעהען.
נאָר יענע קען מען נישט אַכטען, און די אַכט איך. — האָט גע-
זאָגט אָלענין.

— אַכט זיי, ווען איהר ווילט! ווער לאָזט אייך נישט!

אָלענין האָט נישט געענטפערט. ער האָט ווי עס ווייזט
אויס געוואָלט דעריאָגען ביז צום סוף דאָס, וואָס ער האָט אָנ-
געהויבען. עס האָט איהם צו שטאַרק בענומען פאַר'ן האַרצען.

— איך ווייס, אַז איך בין אַנ'אויסנאַהם. (ער איז געווען,
ווי צו זעהען, נישט אין גאַנצען ביי זיך). נאָר מיין לעבען האָט
זיך אַזוי פאָרמירט דאָ, אַז נישט נאָר איך זעה נישט קיין נויטיג-
קייט זיך אָבצוזאָגען פון מיינע לעבענס־רעגעלען, נאָר איך וואָלט
נישט געקענט לעבען דאָ, איך רעד שוין נישט לעבען אַזוי גליק-
ליך, ווי איך לעב. ווען איך וואָלט געלעבט אויף אייער
שטייגער.

בעלעצקי האָט אויפגעהויבען די ברעמען, נישט האָבענדיג
קיין אמונה. — פונדעסטוועגען קומט אַריין אָוועגדס צו מיר,
און מאַריאַנע וועט זיין, איך וועל אייך בעקאַנט מאַכען. קומט,
איך בעט אייך! נו, וועט זיין לאַנגווייליג, וועט איהר אַוועקגע-
העין. איהר וועט קומען?

— איך וואָלט געקומען. נאָר דעם אמת זאָגענדיג, איך
האָב פחד זיך צו פערליעבען?

— אָ, אָ, אָ! — האָט זיך צושריען בעלעצקי, — קומט

נאָר. איך וועל אײַך בערוהיגען. איהר וועט קומען? אַנ'עהרענ־וואָרט?

— איך וואָלט געקומען, נאָר, אין דער'אמת'ן, איך ווייס נישט, וואָס וועלען מיר טהון, וואָס פאַר אַ ראָלע וועלען מיר דאָרט שפּיעלען.

— איך בעט אײַך, זייט אַזוי גוט, איהר וועט קומען?

— יאָ, אפשר וועל איך קומען, — האָט געזאָגט אָלענין.

— איך בעט אײַך, פּראַכטיגע ווייבער, ווי אין ערגעץ נישט — און לעבען ווי אַ גלח! וואָס פאַר אַ גוסט? צו וואָס צו־נישטערען דאָס לעבען און נישט אויסנוצען דאָס, וואָס עס איז דאָ? איהר האָט געהערט אונזער ראָטע געהט אין וואָזדווי־זשענסק?

— עס גלויבט זיך נישט. מיר האָט מען געזאָגט, אַז די אַכטע ראָטע וועט געהען, — האָט געזאָגט אָלענין.

— ניין, איך האָב בעקומען אַ בריעף פון אַדיוטאַנטען. ער שרייבט, אַז דער פירשט אַליין וועט זיין אין מאַרש. מיך פרעהט דאָס: מיר זועלען זיך זעהען מיט איהם. מיר הויבט שוין אָן צו דערעסען דאָ.

— מען זאָגט, אַז באַלד וועט מען געהען אויף אַנ'אָנפאַל.

— נאָרנישט געהערט; געהערט נאָר, אַז קרינאָוויצינער איז אַריים פאַר'ן אָנפאַל אַנ'אַנאָ־אָרדען. ער האָט געוואַרט אויף אַ פּאָרוטשיק־טשין, — האָט לאַכענדיג געזאָגט בעלעצקי, — אָט איז ער דאָס אַריינגעפאַלען! ער איז אַוועקגעפאָהרען אין שטאַב.

עס האָט אָנגעהויבען טונקעלער צו ווערען, און אָלענין האָט אָנגעהויבען טראַכטען מכח דעם אָוועגדעל. די אײַנלאַדונג האָט איהם געפּיינינגט. איהם האָט זיך געוואָלט געהען, נאָר עס איז איהם עפּעס געווען מאָדנע ווילד, אַביסעל שרעקליך צו טראַכטען וועגען דעם, וואָס דאָרטען וועט פאָרקומען. ער האָט געוואוסט, אַז חוץ מיידלעך דאַרפען נישט זיין קיין קאָזאַ־קען און נישט קיין ע־טערע ווייבער. וואָס וועט דאָס זיין? וואָס פאַר בעציהונגען צווישען זיי און די ווילדע קאָזאַצקע מיידלעך. בעלעצקי האָט דערצעהלט פון אַזעלכע מאָדנע צונישע אין צונלייך

צניעות'דיגע בעציעהונגען... איהם איז עפּעס מאָדנע אויסגעקו־מען, אַז ער וועט זיין אין איין שטוב מיט מאַריאַנען, און אפשר וועט איהם אויסקומען צו רעדען מיט איהר. איהם האָט זיך דאָס געדאַכט אונמעגליך, ווען ער האָט זיך דערמאָהנט איהר פּראַכטיגע פיגור. בעלעצקי האָט אָבער דערצעהלט, אַז אַלץ געהט צו אַזוי איינפאַך. „שוין זשע וועט בעלעצקי זיך מיט מאַר־יאַנען אויך אַזוי בעגעהען? דאָס איז אינטערעסאַנט — האָט ער געטראַכט. ניין, בעסער נישט געהען. דאָס אַלץ איז שמוציג, באַנאַל, און, די הויפּטזאַכע, צו וואָס.” נאָר ווידער האָט איהם געפּייניגט די פראַגע: וואָס און ווי וועט דאָס זיין? און עס האָט עפּעס ווי געבונדען דאָס געגעבענע וואָרט. ער איז אַרויס, זיך צו קיין זאַך נישט בעשליסענדיג, נאָר ער איז צו ביז צו בעלעצ־קין און איז אַריין צו איהם.

די שטוב, וואו עס האָט געוואוהנט בעלעצקי איז געווען אַזאַ, ווי די וואו עס האָט געוואוהנט אָלענין. זי איז געשטאַנען אויף קלעצער אויף צוויי אַרשין פון דר'ערד און איז בעשטאַנען פון צוויי צימערן. אין ערשטען, וואו עס איז אַריין אָלענין אויף אַ שטעהענדיגען לייטער, זענען געלעגען פּערענעס, טעפּיכען, קאָלדרעס, קישעלעך אויף אַ קאָזאַצקער מאַניער שען און מיט געשמאַק אויסגערעכנט איינעם נעבען דעם אַנדערען ביי איין פאָדערשטער וואַנד. דאָ, אויף די זייטיגע ווענד זענען געהאַנגען קופּערנע טאַצען און וואַפען. אונטער'ן באַנק זענען געלעגען קאַוואונעס און מעלאָנען. אין צווייטען צימער זענען געווען: אַ גרויסער אויווען, אַ טיש, בענק און הייליגע בילדער פון סטאַ־ראָווערען (אַזאַ סעקטע). דאָ האָט זיך איינגעקוואַרטירט בעלעצקי מיט זיין בעט, וואָס אין געווען געמאַכט צוזאַמענצולעגען, מיט זיינע טשעמאָדאַנען, מיט'ן טעפּיכעל אויף וועלכען עס זענען גע־האַנגען וואַפען, מיט אויסגעשטעלטע אויפ'ן טיש טואַלעט־זאַכען און בילדער. אַ ויידענער שלאָפראָק איז געלעגען אויף דער באַנק. בעלעצקי אַליין, אַ שענינקער, אַ ריינינקער איז געלעגען אין איינע אונטערשטע וועש אין בעט און האָט געלייענט „די דריי מוסקאַ־טערען”.

בעלעצקי איז אויפגעשפרונגען.

— זעהט איהר, ווי איך האָב זיך איינגעאָרדענט. וואוהל? נו, גוט וואָס איהר זייט געקומען. ביי זיי געהט שוין אַנ׳אַר־בייט, אַ שרעקליכע, איהר ווייסט פון וואָס מען מאַכט אַ קיכען? פון טייג מיט חזיר און מעד. נאָר דאָס איז נאָך נישט אַזוי שרעקליך. קוקט זיך נאָר צו, וואָס עס קאָכט זיך דאָרטען!

און טאַקע אַ קוק טהוענדיג דורכ׳ן פענסטער, האָבען זיי דערזעהען אַנ׳אונגעוועהנליכע פערשמאַיעטקייט אין בעל־הבית׳ס שטוב. די מיידלעך זענען דאָ מיט דעם, דאָ מיט אַנ׳אַנדערען אַרויסגעלאָפען פון פאָרהויז און ווייטער אַריינגעלאָפען אַהין. — נעהמט שוין דאָס אַ סוף? — האָט אַ געשריי געטהון בעלעצקי.

— באַלד! אָדער האָסטו זיך שוין אויסגעהונגערט, זידעלע? און פון שטוב האָט זיך דערהערט אַ הילכיג געלעכטער. אוסטענקע אַ פולינקע, אַ רויטינקע, אַ שעינינקע מיט פערקאַ־שערטע אַרבעל איז אַריינגעלאָפען צו בעלעצקין נאָך טעלער.

דו איינער! באַלד צוברעך איך די טעלער, — האָט זי זיך צופישצעט אויף בעלעצקען, — וואָלסט אפשר געגאַנגען העלפען, — האָט זיך לאַכענדיג אַ געשריי געטהון אויף אָלעני־נען, — און צובייסעניש גרייט אָן פאַר די מיידלעך. [צובייסע־ניש, רופט מען אָן, לעקעכלעך און קאָנפעקטען].

— און מאַריאַנקע איז געקומען? — האָט געפרעגט בעלעצקי.

— ווי דען זשע? זי האָט געבראַכט טייג.

— איהר ווייסט, האָט געזאָגט בעלעצקי. — ווען מען זאָל אָט די דאָזיגע אוסטענקע אָנטהון, אָבריינינגען, אַביסעל פעסשצע־נען, וואָלט זי געווען בעסער פאַר אַלע אונזערע שענהייטען. האָט איהר געזעהען די קאָזאַצקע באָרשצעוואַ? זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ פּאָלקאָווניק. אַ פראַכט! וואָס פאַר dignité! פון וואַנען האָט זיך דאָס גענומען...

— איך קען נישט די באָרשצעווע, נאָר נאָך מיין גוסט נאָך קען בעסער גאָר נישט זיין, ווי דאָס, וואָס זיי טראָגען.

— אַך, איך קען זיך אַזוי גוט צופריעדענשטעלען מיט

איטליכען לעבען! — האָט געזאָגט בעלעצקי, פּרעהליך אָבזיפּ־
צענדיג. — איך וועל געהען אַ קוק טהון, וואָס טהוט זיך ביי זיי.

אָלענין האָט געשיקט דעם סאָלדאַטען נאָך לעקעכלעך און קאָנפעקטען, און עס איז איהם מיט אַמאָל אַזוי עקליג געוואָרען צו געבען געלד, אַקוראַט ווען ער וואָלט עמיצען אונטערגע־קויפט, אַז ער האָט כמעט נישט געענטפערט אויף דער פראַגע, „וויפיעל זאָל ער קופען מענטע — און וויפיעל האָניג־לעקעכלעך?“

— טהו ווי דו ווילסט.

— פאַר דאָס גאַנצע געלד? — האָט מיט אַנ׳ערנסט גע־פרעגט דער אַלטער סאָלדאַט, — מענטע קאָסטען טהייערער. פאַר 16 האָט מען פערקויפט.

— פאַר דאָס גאַנצע, פאַר דאָס גאַנצע, — האָט געזאָגט אָלענין און זיך געזעצט ביים פענסטער, זיך אַליין וואונדערענ־דיג, פאַרוואָס עס קלאַפּט ביי איהם אַזוי שטאַרק דאָס האַרץ, אַקוראַט ווי ער וואָלט זיך געגרייט צו טהון עפּעס וויכטיגעס און נישט גוטעס.

ער האָט געהערט ווי אין שטוב מיט די מיידלעך האָט זיך אויפגעהויבען אַ געשריי און אַ געקוויטשעריי, ווי נאָר עס איז אַריין בעלעצקי; אין אַ פּאָר מינוט אַרום האָט ער געזעהען, ווי ער איז מיט ראַנגלעריי, קוויטשעריי און געלעכטער אַרויסגע־שפּרונגען פון דאָרטען און איז אַראָבגעלאָפען פון לייטער.

— אַרויסגעטריעבען, — האָט ער געזאָגט.

אין עטליכע מינוט אַרום איז אוסטענקע אַריין אין שטוב און האָט יום־טוב׳דיג איינגעלאַדען דו געסט, און מודיע געווען, אַז אַלץ איז שוין פאַרטיג.

ווען זיי זענען אַריין אין שטוב, איז שוין טאַקע אַלץ גע־זוען פאַרטיג, און אוסטענקע האָט צורעכט געמאַכט די פּערענעס ביי׳ן וואַנד. אויף טיש, וואָס איז געווען געדעקט מיט אַ פערהעל־פעניסמעסיג קליינעם טישטוך, איז געשטאַנען אַ גראַפין מיט משיחיר און געטריקענטע פיש. אין שטוב האָט געשמעקט מיט טייג און וויינטרויבען. אַ זעכס מיידלעך אין יום־טוב׳דיגע בע־שמעטען און נישט פערבונדען מיט טיכלעך, האָבען ווי גע־

וואוהנטליך, זיך געדריקט צום ווינקעל הינטערן אויווען, זיך געשושקעט, געלאַכט און געהירזשעט.

— מיר בעטען אייך אונטערטהעניג צו בעטען פאַר מיין ענגעל, — האָט געזאָגט אוסטענקע, בעטענדיג צום טיש.

אָלענין אין דעם עולם מיידלעך, וועלכע זענען געווען שען אַלע אָהן אַנ'אויסנאַהם, האָט דערזעהען מאַריאַנקע און עס איז געווען אַ האַרצוועהטאָג, וואָס ער קומט מיט איהר צונויף ביי אַזעלכע באַנאַלע און נישט קיין שענע בעדינגונגען. ער האָט זיך געפיהלט נאַריש און אונגעשיקט און ער האָט בעשלאָסען צו טהון דאָס, וואָס עס טהוט בעלעצקי. בעלעצקי איז אַביסעל יום־טוב׳ דיג, נאָר בעזעסען ביי זיך און מעשה־בעל־הבית צו צום טיש, אויסגעטרונקען אַ גלאָז וויין פאַר אוסטענקעס געזונדהייט און געבעטען די אַנדערע טהון דאָס אייגענע. אוסטענקע האָט מודיע געווען, אַז די מיידלעך טרינקען נישט.

— מיט האָניג וואָלט מען קענען, — האָט געזאָגט עפּעס אַ שטים פון דעם עולם מיידלעך.

מען האָט גערופען דעם דענשטשיק, וואָס האָט זיך אָקאָרשט צוריקגעקעהרט פון קרעמעל מיט מעד און לעקעכלעך. דער דענשטשיק, פון אונטער די ברעמען אַ קוק געבענדיג אַביסעל מיט קנאה, אַביסעל מיט פעראַכטונג אויף די האַרען, וואָס האָבען זיך צוהוליעט, נאָך זיין מיינונג, האָט געוויסענהאַפט, זיך סטאַרענדיג איבערגעגעבען אַ שטיק מעד און לעקעכלעך, וואָס זענען געווען איינגעוויקעלט אין גראָהע פּאַפּיער און האָט שוין אָנגעהויבען זיך פאַרנאַנדערצובריטען וועגען פרייז און די רעשטע, נאָר בעלעצקי האָט איהם אַוועקגעטריעבען. אויסמישענדיג דעם מעד אין די אָנגעגאָסענע גלעזער מיט טשיחיר און גרויסאַרטיג אויסשיטענדיג 3 פונט לעקעכלעך איבער׳ן טיש, האָט בעלעצקי מיט געוואַלד אַרויסגעצויגען די מיידלעך פון זייער ווינקעל, זיי אַוועקגעזעצט ביים טיש און זיי אָנגעהויבען מכבד צו זיין מיט לעקעכלעך. אָלענין, האָט נישט ווילענדיג בעמערקט, ווי די פערברוינטע, קליינע האַנד פון מאַריאַנקען האָט געכאַפּט צוויי רונדע מענטע־און איין ברוינעם האָנתלעקעך, נישט וויסענדיג,

וואָס צוטהאָן מיט זיי. דאָס געשפּרעך איז געווען אונאַנגענעהם, און האָט זיך געצויגען, ווי פון פעך, נישט קוקענדיג אויף דעם פרייען מוט פון אוסטענקען און בעלעצקין און אויף זייער וואונש פרעהליך צו מאַכען די קאָמפּאַניע. אָלענין האָט זיך געקנייצט, געקלערט אַלץ, וואָס עפּעס צו זאָגען, ער האָט געפיהלט, אַז ער וועקט אויף אַ נייגיער, אפשר רופט ער אַרויס אַן'אָבלאַכערייט געגען זיך און ער שטעקט אָן אַנדערע מיט זיין שעמעוודיגקייט. ער פלעגט רויט ווערען און איהם האָט זיך געדאַכט, אַז בעזונדערס מאַריאַנע איז נישט געווען ביי זיך. „אַודאי וואַרטען זיי, דאָס מיר וועלען זיי געבען געלד, — האָט ער געטראַכט — ווי אזוי וועלען מיר דאָס געבען? און ווי גיעט מען שוין גיכער און טראָגט זיך אָב פון דאַנען!"

## XXV.

— וואָס, דו קענסט גאָר נישט דיין קוואַרטיראַנטען? — האָט געזאָגט בעלעצקי, זיך ווענדענדיג צו מאַריאַנען.

— ווי זאָל מען איהם קענען, אַז ער קומט ביי אונז קיינמאָל נישט אַריין? — האָט געזאָגט מאַריאַנקע, אַ קוק געבענדיג אויף אָלענינען.

אָלענין האָט זיך פאַר עפּעס דערשראָקען, איז רויט געוואָרען און אַליין נישט וויסענדיג וואָס ער רעדט, האָט ער געזאָגט:

— איך האָב פחד פאַר דיין מאַמען. זי האָט מיך אזוי צווידעלט צום ערשטען מאָל, ווען איך בין אַריין צו אייך.

מאַריאַנאַ האָט זיך צולאַכט.

— און דו האָסט זיך דערשראָקען? — האָט זי געזאָגט, אַ קוק געטהון אויף איהם און זיך אָבגעקעהרט.

איצט האָט אָלענין צום ערשטען מאָל דערזעהען דאָס גאַנצע געזיכט פון דער שענהייט, פריהער האָט ער זי אַלץ געזעהען פערבונדען מיט אַ טיכעל. נישט אומזיסט האָט זי זיך גערעכענט פאַר די ערשטע שענהייט אין דער סטאַניצע. אוסטענקע איז געווען אַ שענינקע מיידעל, אַ קליינינקע, אַ פולינקע, אַ רויטינקע מיט פרעהליכע ברוינע אויגעלעך, מיט אַ שטענדיגען שמייכעל

אויף די רויטע ליפעלעך, שטענדיג אַ לאַבענדיגס אַ פלאַפּערדיגס. מאַריאַנע איז פריהער פאַר אַלץ נישט געווען קיין שענקע, נאָר אַ שענהייט! די געזיכטס-ציגע איהרע האָבען געקענט זיך אויסווייזען פאַר צו מאַנסבילישע און כמעט גראָב, ווען נישט דער הויבער שלאַנקער וואוכס און די מעכטיגע ברוסט און די שול-טערען און די הויפטזאַכע, ווען נישט דער שטרענגער און צוגלייך דער צאַרטער אויסדרוק פון די לאַנגע שוואַרצע אויגען, אַרום-גערינגעלט מיט אַ דונקעלען שאָטען אונטער די שוואַרצע ברעמען און דער פריינדליכער אויסדרוק פון מיילכעל און פון שמייכעלע. זי האָט געשמייכעלט זעלטען, נאָר דערפאַר האָט איהר שמיי-כעכ'ע שטענדיג פערוואונדערט. פון איהר האָט געוועהט אַ מיי-דעלשע קראַפט און געזונדקייט. אַלע מיידלעך זענען געווען שען, נאָר זיי אַליין, און בעלעצקי, און דער דענשטשיק, וואָס איז אַריין מיט לעקעכלעך, אַ-ע האָבען נישט ווילענדיג געקוקט אויף מאַריאַנען, און זיך צוקעהרענדיג צו די מיידלעך, האָבען זיי זיך צוגעקעהרט צו איהר. זי האָט אויסגעזעהען צווישען די אַנדערע ווי אַ פרעהליכע שטאָלצע קעניגין.

בעלעצקי, זיך מיהענדיג אונטערצוהאַלטען די פרעהליכקייט פון אַנ'אָוונדעל, האָט נישט אויפגעהערט צו פלאַפּלען, געצוואונ-גען די מיידלעך צוצוטראָגען טשיחיר, זיך גע'סקע'ט מיט זיי און אונאויפהערליך האָט ער געמאַכט אָלענינען נישט-פּאַסיגע בעמער-קונגען אויף פראַנצויזיש וועגען מאַריאַנקעס שענקייט, אָנרופענדיג איהר „אַייערע“ la vôtre, און אָנבאָטענדיג איהם צו טהון דאָס אייגענע וואָס ער. אָלענין האָט זיך געפיהלט אַלץ ערגער און ערגער. ער האָט אויסגעטראַכט אַ טעם, אַרויסצוגעהען און צו ענטלויפען, אַלס בעלעצקי האָט מודיע געווען, אַז דאָס גע-בורטס-טאָג-קינד אוסטענקע דאַרף איטליכען דערלאַנגען טשיחיר און אַ קוש דערצו. זי האָט אַיינגעשטימט דערויף, נאָר מיט דעם תנאי, אַז מען זאָל איהר לעגען אויפ'ן טעלער געלד, ווי מען טהוט דאָס אויף חתונות. „און דער טייוועל האָט מיך געבראַכט אויף אַזאַ עקלינען קערמעשעל“, האָט גערעדט פאַר זיך אָלענין און, אויפשטעהענדיג, האָט ער געוואָלט אוועקגעהען.

— וואו אהין?

— איך וועל געהען טאַבאַק ברייננגען, — האָט ער געזאָגט, זיך קלייבענדיג צו ענטלויפען, נאָר בעלעצקי, האָט איהם אָנגע־חאַפּט ביי דער האַנד.

— איך האָב געלד ביי זיך, — האָט ער געזאָגט אויף פראַנצויזיש.

„מען טאָר נישט אַוועק, דאָס מוז מען צאָהלען, — האָט געטראַכט אָלענין, און איהם האָט פערדראָסען, וואָס ער איז אַזוי אומגעלומפּערט. — שוין זשע קען איך נישט טהון דאָס איי־גענע, וואָס בעלעצקי? מען האָט נישט געדאַרפט געהען, אָבער קומט מען שוין, דאַרף מען נישט פערדאַרבען זייער פערגעניגען. מען דאַרף טרינקען, ווי אַ קאָזאַק, און נעהמענדיג אַ טשאַפּורע, (אַ הילצערנער קרוג, וואָס האַלט אַ גלעזער אַכט), האָט ער אָנ־געגאָסען מיט וויין און אויסגעטרונקען אין גאַנצען. די מיידלעך האָבען צומישטע, כמעט דערשראָקענע געקוקט אויף איהם, בעת ער האָט געטרונקען. דאָס איז אויסגעקומען ביי זיי מאָדנע און נישט אַנשטענדיג. אוסטענקע האָט זיי דערלאַנגט נאָך צו גלאָז און האָט זיך צוקושט מיטביידען. — אָט מיידלעך, וועלען מיר אַ הוליע טהון, — האָט זי געזאָגט, צוקלינגענדיג אייפ׳ן טעלער מיט די 4 מאָנעטען, וואָסביידע האָבען אַניעדערגעלעגט.

אָלענין איז שוין נישט געיוען, ווי פריהער, אָהן מוט.

— נו, איצט דו מאַריאַנקע, טראָג צו וויין מיט אַ קוש, — האָט געזאָגט בעלעצקי, אָננעהמענדיג איהר ביי׳ן האַנד.

— יאָ, איך וועל דיר שוין געבען אַזאַ קוש! — האָט זי געזאָגט, זיך אויף געלעכטער פערפאָכענדיג אויף איהם מיט דער האַנד.

— דעם זיידעלע מעג מען אָהן געלד אַ קוש טהון, — האָט אונטערגעהאַפּט אַנ׳אַנדער מיידעל.

— אָט איז אַ חכמה! — האָט געזאָגט בעלעצקי, און ער האָט אַ קוש געטהון דאָס מיידעל, וואָס האָט זיך אַרויסגעריסען פון איהם. — ניין, דו דערלאַנג טשיחיר, דעם קוואַרטיראַנטען דערלאַנג, — האָט זיך איינגע׳עקשנ׳ט בעלעצקי, זיך ווענדענדיג

צו מאַריאַנען, און, אָננעהמענדיג זי פֿאַר דער האַנד, האָט ער זי צוגעפֿיהרט צו דער באַנק אין אַוועקגעזעצט נעבען אָלענינען.

— וואָס פֿאַר אַ פּאַרשוין! — האָט ער געזאָגט, אויסקעהרענדיג איהר קאָפּ אין פּראָפֿיל.

מאַריאַנע האָט זיך נישט אַרויסגעריסען, נאָר שטאָלץ שמייכעלענדיג האָט זי אַ פֿאָהר געטהון מיט איהרע לאַנגע אויגען אויף אָלענינען.

„וואָס פֿאַר אַ פּאַרשוין איך בין" — האָט זיך געדראַכט, האָט געטהון איבער'חזר'ן מאַריאַנעס בליק. אָלענין זיך נישט אָבגעבענדיג אַ רעכענונג אין דעם, וואָס ער טהוט, האָט אַרומגענומען מאַריאַנען און האָט איהר געוואָלט אַ קוש טהון. זי האָט זיך פּלעצליך אַרויסגעריסען, אָבגעוואָרפען אָן אַ זייט בעלעצקין אין דעם דעק פֿון טיש און איז אָבגעשפּרונגען צים אויוען.

עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ געוואַלד, אַ געלעכטער. בעלעצקי האָט אַ ווײַלע געשושקעט זיך מיט די מיידלעך, און מיט אַמאָל זענען זיי אַלע אַרויסגעלאָפֿען פֿון שטוב אין פֿאָרהויז און צוגעמאַכט די טהיר.

— פֿאַר וואָס האָסטו בעלעצקין געקושט, און מיך ווילסטו נישט אַ קוש טהון? — האָט געפֿרעגט אָלענין.

— אָט אַזוי זיך, איך וויל נישט, אין פֿאַרטיג, — האָט זי געענטפֿערט אויפֿהויבענדיג די אונטערשטע ליפּ און אַ ברעם. — ער איז אַ זיידעלע — האָט זי צוגעגעבען, שמייכלענדיג. זי איז צו צו דער טהיר און גענומען קלאַפּען — וואָס האָט איהר זיך צוגעמאַכט, שדים?

— וואָס איז, זאָלען זיי דאָרטען זיין, און מיר דאָ, — האָט געזאָגט אָלענין, זי צורוקענדיג צו איהר.

זי האָט זיך פֿערבייזערט און שטרענג איהם אָבגעריקט פֿון זיך מיט דער האַנד. און ווידער האָט זי זיך אויסגעוויזען אָלענינען אַזוי פּראַכטיג־שען, אַז ער איז געקומען צו זיך און ער האָט זיך פֿערשעמט פֿאַר אַלץ, וואָס ער האָט געטהון. ער איז צו צו דער טהיר און זי גענומען רייסען.

— בעלעצקי עפֿענט! וואָס זענען דאָס פֿאַר נאַרישע וויצען!

מאַריאַנע האָט זיך ווידער צולאַכט מיט איהר ליכטיגען גליקליכען געלעכטער.

— אַי דו האָסט מורא פאַר מיר? — האָט זי געזאָגט.

— דו ביסט דאָך אַזאַ בייזער, ווי דיין מאַמע.

— זיץ דו נאָר מיט יעראָשקען, וועלען דיך די מיידלעך דערפאַר ליעב האָבען. — און זי האָט געשמייכעלט, קוקענדיג איהם גלייך און נאָהענט אין די אויגען.

ער האָט נישט געוואוסט וואָס צו זאָגען. — און ווען איך וואָלט צו אייך געגאַנגען, — האָט ער געזאָגט פיר־פלאַט.

— וואָלט עפּעס אַנדערש געווען, — האָט זי געזאָגט, אַ טרייסעל געבענדיג מיט'ן קאָפּ.

דערווייל האָט בעלעצקי מיט אַ שטויס געעפענט די טהיר, און מאַריאַנע איז אָבגעשפּרונגען פון אָלענינען אַזוי, אַז זי האָט זיך אָבגעשלאָגען מיט דער זייט אין אָלענינס פוס.

„פוסטע זאַכען, וואָס איך האָב פריהער געקלערט: סאַי ליעבע, סאַי זעלבסטאויפאָפּפערונג, אַ לוקאַשקע — פאַרהאַן נאָר איין גליק: ווער עס איז גליקליך, דער איז גערעכט“, איז דורך אַדורך אָלענינענ'ס מח און מיט אַ קראַפט, וואָס איז געווען פאַר איהם אונערוואַרט האָט ער געחאַפּט און אַ קוש געטהון מאַריאַנען די שענהייט אין שלייף און אין באַק. מאַריאַנאַ איז נישט געוואָרען אין כעס, זי האָט זיך נאָר הויך פערנאַנדערגעלאַכט און איז אַרויסגעלאָפען צו די אַנדערע מיידלעך.

## XXVI.

„יאָ, — האָט געטראַכט אָלענין — איך דאַרף נאָר אָבלאָזען די לייצעס, און איך וואָלט זיך געקענט משוגע פערליעבען אין די קאָזאַצקע“. ער האָט זיך געלעגט שלאָפען מיט די געדאַנקען. נאָר ער האָט געמיינט, אַז אַלץ וועט פאָריבער געהען און ער וועט זיך אומקעהרען צום פריהערדיגען לעבען.

נאָר דאָס אַלטע לעבען האָט זיך נישט אומגעקעהרט. זיינע בעציעהונגען צו מאַריאַנען זענען געוואָרען אַנדערע. די וואַנד,

וואָס האָט זיי פריהער צוטיילט איז חרוב געוואָרען. אָלענין האָט זיך שוין בעגריסט מיט איהר איטליכעס מאָל, ווען זיי פלעגען זיך בעגעגנען.

דער ווירט, קומענדיג נעהמען געלד פאַר די קוואַרטיר און דערוויסענדיג זיך פון אָלענינס רייכקייט און פרייגיעבינקייט, האָט איהם פערבעטען ביי זיך. די אַלטע האָט איהם פריינדליך אויפגענומען, און פון אָווענדעל אָן פלעגט אָלענין אָפט אַריין אין אָווענד צו זיינע בעלי הבתים און פלעגט אָבזיצען ביז ביי נאַכט. פון אויבען האָט מען געקענט מיינען, אַז ער לעבט אַזוי ווי פריהער אין דער סטאַניצע, נאָר אין האַרצען איז געווען ביי איהם אַ גאַנצע איבערקעהרעניש. דעם טאָג האָט ער פערבראַכט אין וואַלד, און אַ זייגער אַכט, ווי עס פלעגט טונקעל ווערען, פלעגט ער אַריין צו ווירטען אַליין, אָדער מיט פעטער יעראָשקען. די בעלי הבתים זענען שוין אַזוי געווען צוגעוואוהנט דערצו, אַז זיי פלעגען זיך וואונדערען, ווען ער פלעגט נישט זיין. פאַר ווייִן האָט ער געצאָהלט גוטע פרייזען און אַ מענש איז ער געווען אַ רוהיגער. וואַניושע פלעגט איהם ברייננגען טהע; ער פלעגט זיך זעצען ביים ווינקעל פין אויווען; די אַלטע, זיך נישט שטערענדיג, פלעגט טהון איהר אַרבייט און זיי פלעגען שמיעסען ביי טהע און טשיחיר, ווענען קאָזאַצקע אַנגעלעגענהייטען, ווענען בעקאַנטע, ווענען רוסלאַנד, מכח וואָס אָלענין פלעגט פערצעהלען, און זיי פלעגען ליעב האָבען אויסציפרעגען. אַמאָל פלעגט ער נעהמען אַ בוך און לייענען פאַר זיך. מאַריאַנאַ ווי אַ ווילדע ציעג, צוזאַמענציהענדיג די פיס פלעגט זיך זיצען אויפ'ן אויווען, אָדער אין פינסטערען ווינקעל. זי פלעגט זיך נישט בעטייליגען אין געשפרעך, נאָר אָלענין האָט געזעהען איהרע אויגען, איהר געזיכט, געהערט, ווי זי בעוועגט זיך, איהר קנאַקען די סעמעטשקעס און ער האָט געפיהלט, אַז זי האָרכט זיך איין מיט דער גאַנצער נשמה און ער האָט געפיהלט איהר אַנוועזענהייט, ווען ער האָט געלייענט פאַר זיך. מאַנכמאָל האָט איהם זיך אויסגעראַכט אַז איהרע בליקען רוהען אויף איהם און, זיך בעגעגנדיג מיט זייער טונקעלען גלאַנץ פלעגט ער נישט ווילענדיג ענטשווייגען

ווערען און זיך פערקוקען אויף איהר. דאַמאָלסט פלעגט זי זיך באַלד בעהאַלטען, און ער פלעגט מאַכען אַ מינע, אַז ער איז זעהר פערנומען מיט דעם געשפרעך מיט דער אַלטער, זיך צו־האָרכענדיג דערביי צו איהר אָטהעם צו אַלע איהרע בעוועגונגען און וואַרטענדיג ווייטער אויף איהר בליק. פאַר מענשען איז זי געוועזען מיט איהם מעהרסטענטייל פרעהליך און פריינדליך, און ווען זיי פלעגען בלייבען אַליין — ווילד און גראָב. אַמאָל פלעגט ער קומען צו זיי נאָך אייהדער מאַריאַנע האָט זיך אומגעקעהרט פון גאַס; מיט אַמאָל פלעגען זיך דערהערען איהרע שטאַרקע טריט און עס פלעגט אַ שיין טהון אין דער אָפענער טהיר איהר בלאָהע קאַטונען העמד; זי פלעגט אַריינגעהען אין מיטען שטוב אַריין, איהם דערזעהען — און איהרע אויגען פלעגען קוים מערק־ליך פריינדליך אַ שמייכעל געבען, און עס ווערט איהם פרעהליך און שרעקליך אויפ'ן האַרצען.

ער האָט גאָר נישט געזוכט, גאָר נישט פערלאַנגט פון איהר, און מיט איטליבען טאָג איז איהר אַנוועזענהייט געוואָרען פאַר איהם אַלץ מעהר און מעהר נויטהיג.

אָלענין האָט זיך אַזוי אַיינגעלעבט אין לעבען פון דער סטאַניצע, אַז די פערגאַנגענהייט האָט איהם געשיינט עפעס פאַל־קאָמען פרעמד, אין די צוקונפט, בעזונדערס, חוץ יענער וועלט, אין וועלכער ער האָט געלעבט האָט איהם גאָרנישט אינטערעסירט. בעקומענדיג בריעף פון דער היים, פון קרובים און פריינד, פלעגט ער זיך געפונען בעליידיגט, וואָס מען האָט, ווי עס שיינט, פון איהם געמת־נפש ווי פון אַ פערלוירענעם מענשען, בעת ער האָט געהאַלטען פאַר פערלוירענע די, וואָס האָבען נישט געלעבט אַזוי, ווי ער איצט. ער איז געווען איבערצייגט, אַז קיינמאָל וועט ער נישט האָבען קיין חרטה, וואָס ער האָט זיך אָבגעריסען פון פריהערדיגען לעבען און האָט זיך אַזוי איינזאַם און מאָדנע אַיינגעאָרדענט אין זיין סטאַניצע. אין די עקספעדי־ציעס, אין די פעסטונגען איז איהם געווען גוט; נאָר דאָ, נאָר פון אונטער יעראָשקעס פליעגעלע, נאָר אין זיין וואַלד און זיין שטוב אויפ'ן עק סטאַניצע און בעזונדערס ביי דער ערינערונג אָן

מאַריאַנען און לוקאַשקען איז איהם קלאָר געוואָרען דער גאַנצער שקר, אין וועלכען ער האָט פריהער געלעבט און וועלכע עס האָט איהם שוין דאַמאָלסט אויפגערעגט, און איצט איז עס איהם געוואָרען עקליג און נאַריש. מיט איטליכען טאָג האָט ער זיך דאָ אַלץ פרייער און פרייער געפיהלט און מעהר מענש. קאַווקאַז האָט איהם זיך אַרויסגעוויזען גאָר אַנדערש ווי ער האָט זיך פאָרגעשטעלט. ער האָט דאָ נישט געפינען קיין זאַך, וואָס עס דערמאָהנט איהם זיינע חלומות און אַלץ וואָס ער האָט אויסגעלייענט אין די בעשרייבונגען וועגען קאַווקאַז. „דאָ איז בכלל נישט פאַרהאַן, קיין בורקעס, קאַווקאַזער לייצעס, אַמאַ־אַט־בעקעס, העלדען, רוצחים, — האָט ער געטראַכט, — מענשען לעבען דאָ, ווי עס לעבט די נאַטור: מען שטאַרבט, ווערדט געבוירען, מען קומט זיך צונויף ווי די בהמות, מען ווערדט ווייטער געבוירען, מען שלאָגט זיך, טרינקט, עסט, מען פרעהט זיך און שטאַרבט ווידער און עס איז נישט פאַרהאַן קיין אַנדערע געזעצען חוץ די, וואָס בייטען זיך נישט, וואָס די נאַטור האָט אַוועקגעשטעלט פאַר דער זון, פאַר'ן גראָז, פאַר דער חיה, פאַר'ן בוים, קיין אַנדערע געזעצען האָבען זיי נישט...“ און דעריבער האָבען איהם זיך אויסגעדוכט די דאָזיגע מענשען אין פערגלייך מיט איהם פאַר פראַכטיגע, שטאַרקע פרייע און קיקענדיג אויף זיי האָט ער זיך פערשעמט און עס איז איהם געוואָרען אומעטיג פאַר זיך אַליין. אָפט איז איהם ערנסט אַריין דער געדאַנקען אַלץ אַוועקצוואַרפען, זיך צושרייבען צו די קאָזאַקען, קויפען אַ שטוב, בהמות, חתונה האָבען מיט אַ קאָזאַצקע, — נאָר נישט אויף מאַריאַנקען, — וואָס ער טרעט אָב לוקאַשקען, — און לעבען מיט פעטער יעראָשקע, געהען מיט איהם אויף געיעג, אויף פישפאַנג, און מיט די קאָזאַקען און עקספעדיציעס. „פאַרוואָס טהו איך דאָס נישט? אויף וואָס וואַרט איך“, האָט ער זיך אַליין געפרעגט. און ער האָט זיך אַליין מיט זיך גערייצט! זיך אַליין אָנגעטהון בזיון: אָדער איך האָב מורא צו טהון דאָס, וואָס איך האַלט פאַר שכלדיג און ריכטיג. שיין זשע איז דער פערלאַנג צו זיין אַ פּשוטער קאָזאַק צו לעבען נאָהענט צו דער נאַטור, קיינעם נישט טהון

קיין שאָדען, און נאָך צו טהון גוטס מענשען, שוין זשע צו פאַנ־טאַזירען וועגען דעם איז נאַרישער ווי צו פאַנטאַזירען, וועגען וואָס איך האָב פריהער געפאַנטאַזירט. צו זיין, למשל, אַ מיניסטער אָדער אַ קאָמאַנדיר אויף אַ פאָלק?" נאָר עפעס אַ שטים האָט איהם געזאָגט, אַז ער זאָל וואַרטען און זיך נישט ענטשליעסען. איהם האָט אָבגעהאַלטען דער נישט קלאָרער געדאַנקען, אַז ער קען נישט לעבען אין גאַנצען דאָס לעבען פון אַ יעראָשקע און לוקאַשקע, ווייל ער ווייס פון אַנ'אַנדער גליק — איהם האָט אָב־געהאַלטען דער געדאַנקען, אַז דאָס גליק בעשטעהט אין זעלבסט־אויפאָפפערונג. זיין טהאַט אַקעגען לוקאַשקען האָט איהם נישט אויפגעהערט צו פרעהען. ער האָט כסדר געזוכט אַ געלעגענהייט צו אָפפערען מיט זיך פאַר אַנדערע, נאָר עס זענען נישט געווען די געלעגענהייטען דערצו. מאַנכמאָל פלעגט ער פערגעסען זיין נייעם רעצעפט פון גליק און האָט זיך געהאַלטען פאַר פעהיג צו לעבען אַזוי, ווי פעטער יעראָשקע; נאָר מיט אַ מאָל פלעגט ער זיך דערמאָהנען און פלעגט זיך אָנחאַפען פאַר'ן געדאַנקען מכח אַ בעוואוסטזיניגער זעלבסטאויפאָפפערונג, און אויפ'ן יסוד פון דעם געדאַנק פלעגט ער רוהיג און שטאָלץ קוקען אויף אַלע מענשען און אויף אַ פרעמד גליק.

## XXVII.

פאַר'ן אַראָבנעהמען די טרויבען איז לוקאַשקע געקומען צו רייטען צו אָלענינען. ער האָט נאָך וואוהלערישער אויסגעזעהען, ווי געוועהנטליך.

— נו, וואָס? דו האָסט חתונה? — האָט געפרעגט אָלענין איהם פרעהליך בעגעגענדיג.

לוקאַשקע האָט דירעקט נישט געענטפערט.

— אָט האָב איך אייער פערד אויסגעביטען הינטער'ן טייך. דאָס איז שוין איינמאָל אַ פערד! אַ קאַבאַרדינער פערדעל. איך בין אַ יעגער.

זיי האָבען בעקוקט דעם נייעם פערד, ווילד דורכגעריטען

זיך איבער'ן הויף. דאָס פערד איז באמת געווען אַ וואוהלס, אַ ברוינס, אַ ברייטס און אַ לאַנגער מערין מיט אַ גלאַנציגנען וואָל מיט אַ פולען עק און מיט אַ צאַרטע פיינע ראַסיגע גריווע און אַ העלזועל. ער איז געווען אַזוי זאַט אָבגעגעסען, אַז אויף זיין רוקען, האָט ש לעג זיך שלאָפען, ווי עס האָט זיך אויס־געדריקט לוקאַשקע. די קאָפּיטעס, דאָס אויג, דאָס צייהנגעבים, אַלץ איז געווען וואוהלעריש־שען און ווי אָבגעטאָקט, ווי עס קומט נאָר פאָר ביי פערד פון דעם ריינסטען בלוט. אָלענין האָט נישט געקענט זיך גענוג אָנקוקען אויף דעם פערד. ער האָט נאָך אין קאַווקאַז נישט געזעהען אַזאַ פאַרשוין פון אַ פערד.

— און ווי ער רייט, — האָט געזאָגט לוקאַשקע, קלאַפּענ־דיג איהם אויפ'ן האַלז, — וואָס פאַר אַ גאַנג! און אַ קלוגס! נאָר ער לויפט נאָך דעם בעל הבית זיינעם!

— געגעבען אַסך צוגאָב? — האָט געפרעגט אָלענין.

— איך האָב נישט געצעהלט, — האָט מיט אַ שמייכעל געענטפערט לוקאַשקע, — פון אַ קונאַק בעקומען.

— אַ מופת, אַ פערד אַ שענהייט! וואָס ווילסטו פאַר איהם? — האָט געפרעגט אָלענין.

— מען האָט געבאָטען 150 מאָנעטען, און אייך וועל איך אַזוי אויך אַוועקגעבען, — האָט געזאָגט פרעהליך לוקאַשקע. — זאָגט נאָר אַ וואָרט, איך גיעב אַוועק. איך וועל אָבזאָטלען און אַוועקגעבען און מיר גיעט וואָס עס איז פאַר אַ פערד צו דיענען.

— ניין, פאַר קיין פאַל נישט.

— נו, האָב איך אייך געבראַכט פעשקעש, — און לו־קאַשקע האָט זיך אָבגעגאַרטעלט און אַרויסגענומען איינעם פון צוויי דאָלכמעסער, וואָס זענען געהאַנגען אויף זיין גאַרטעל. — היגטער'ן טייך דאָס בעקומען.

— נו, איך דאַנק דיר.

— און טרויבען האָט די מאַמע אַליין צו ברענגען פער־שפּראָכען.

— מען דאַרף נישט: מיר וועלען זיך נאָך אויסרעכענען.

איך וועל דאָך נישט געהען געבען דיר קיין געלד פאַר דיין דאָלבמעטער.

— וואָס הייסט — מיר זענען דאָך קונאַקעם. גיריי־חאַן הינטער'ן טייך האָט מיך אַמאָל אַזוי אַריינגעפיהרט אין שטיבעל און זאָגט: קלייב אויס, וועלבען דו ווילסט. האָב איך מיר דעם שווערד גענומען, אָט אַזאַ געזעץ איז ביי אונז.

זיי זענען אַריין אין שטוב און האָבען אַ טרונק געטהון טשיחיר.

— וואָס, דו בלייבסט דאָ? — האָט געפרעגט אָלענין.

— ניין, איך בין געקומען אָבשייד נעהמען. מיך האָט מען פון קאָרדאָן אַוועקגעשיקט אין די קאָזאַצקע ראָטע הינטער'ן טערעק. כ'פאָהר היינט מיט נאַזאָרען, מיט מיין קאַמעראַדען.

— און ווען איז די חתונה דען?

— אָט וועל איך באַלד קומען צוריק, עס וועט זיין תנאים, און ווייטער אין דיענסט, — האָט ווי נישט ווילענדיג געענטפערט לוקאַ.

— וואָס הייסט, דו וועסט גאָר די כלה נישט זעהען? —

— אָט אַזוי! וואָס איז דאָ צו קוקען אויף איהר. ווען איהר וועט זיין אין מאַרש, פרעגט ביי אונז אין ראָטע אויפ'ן ברייטען לוקאַשקען. און וויפיעל ווילדע חזירים זענען דאָרטען! איך האָב צוויי דערהרג'עט. איך וועל אייך אַהין־פיהרען.

— נו, זיי געזונד; דערהאַלט דיך חריסטאָם.

לוקאַשקע האָט זיך געזעצט אויפ'ן פערד, נישט אַריינגע־יענדיג צו מאַריאַנקען, אַרויסגעפאָהרען, דזשיגיטירענדיג אויפ'ן גאַס, וואו עס האָט שוין געוואַרט אויף איהם נאַזאָרקע.

— וואָס? מיר וועלען נישט אַריין? — האָט געפרעגט נאַזאָרקע, פינטעלענדיג אויף די זייט, וואו עס וואוהנט טיאַמקע.

— ווי דען! — האָט געזאָגט לוקאַשקע, — נאַ, פיהר צו איהר דעם פערד, און ווען איך וועל אַ צייט נישט אַרויסגעהען, גיעב דעם פערד היי. צו מאָרגענס וועל איך סיי ווי סיי זיין אין דער ראָטע.

— וואָס, דער יונקער האָט נישט געשענקט דיר נאָך עפּעס?

— ניין! גוט, וואָס איך האָב איהם צוריקגעשענקט אַ דאָלכמעסער. אַז נישט האָט ער שוין אָנגעהויבען בעטען דעם פערד, — האָט געזאָגט לוקאַשקע, ארונטערקריכענדיג פון פערד און עס איבערגעבענדיג נאַזאָרקען.

אונטערען סאַמען פענסטער פון אָלענינען איז ער גיך פערביי אין הויף אַריין און איז צו צום פענסטער פון ווירטס שטיב. עס איז שוין געווען גאַנץ פינסטער. מאַריאַנקע אין איין העמד האָט געקאַמט דעם צאָפּ, קלייבענדיג זיך לעגען שלאָפען.

— דאָס בין איך, — האָט שטיל געזאָגט דער קאָזאַק! מאַריאַנקעס פנים איז געווען שטרענג־גלייכגילטיג. נאָר זי איז באַלד אַ לעבענדיגע געוואָרען, דערהערענדיג איהר נאָמען. זי האָט אויפגעהויבען דעם פענסטער און אַ צושראָקענע און אַ גליקליכע האָט זי זיך אַרויסגעשטעקט פון איהם.

— וואָס? וואָס דאַרפסטו? — האָט זי געזאָגט.

— עפען אויף, — האָט אַרויסגערעדט לוקאַשקע, — לאָז מיר אַריין אויף אַ רגע׳לע, ווי דאָס האָט מיך שוין דערעסען! אַ געוואַלד!

ער האָט אין פענסטער אַרומגענומען איהר ביי׳ן קאָפּ און זי אַ קוש געטהון.

— אין דער אמת׳ן, עפען.

וואָס רעדסטו נאַרישקייטען! געזאָגט, אַז איך לאָז נישט! וואָס, אויף לאַנג?

ער האָט נישט געענטפערט, נאָר זי געקושט און זי האָט מעהר נישט געפרעגט.

— זעהסט, אַפילו אַרומנעהמען אין פענסטער קען מען נישט ווי עס דאַרף צו זיין, — האָט געזאָגט לוקאַשקע.

— מאַריאַנושקע! — האָט זיך דערהערט דער מאַמעס שטים — מיט וועמען ביסטו דאָרטען?

לוקאַשקע האָט אַראָבגעוואָרפען דאָס היטעל, אַז מען זאָל

באָכדעם היטעל איהם נישט דערקענען, און האָט זיך צוגעזעצט אונטער'ן פענסטער.

— נעה גיכער, — האָט שטיל געזאָגט מאַריאַנע.

— לוקאַשקע איז דאָ געווען, — האָט זי געענטפערט דער מאַמען, — געפרעגט אויפ'ן טאַטען.

— טאָ וואָס, שיק איהם אַריין אַהער.

— ער איז אַוועק, ער זאָגט: האָט קיין צייט נישט.

און ווירקליך, לוקאַשקע איז מיט האַסטיגע טריט, זיך צוּ־נויפבויגענדיג אַרויסגעלאָפען פאַרביי די פענסטער און איז אַוועק צו יאַמקען; נאָר איין אָלענין האָט איהם געזעהען. אויסטרינ־קענדיג צוויי טשאַפורעס טשיחיר, איז ער אַרויס מיט נאַזאַרקען פון דער סטאַניצע. די נאַכט איז געווען אַ וואַרעמע, אַ פינסטערע און אַ שטילע. זיי זענען געריטען שווייגענדיג, נאָר עס האָבען זיך געהערט די טריט פון די פערד. לוקאַשקע האָט געפרובט אָנהויבען זינגען אַ ליעדעל וועגען קאָזאַק מינגאַל, נאָר נישט אויס־זינגענדיג דעם ערשטען גראַם, איז ער אַנטשוויעגען געוואָרען, און ער האָט זיך געווענדעט צו נאַזאָרקען.

— זי האָט דאָך נישט אַריינגעלאָזען, — האָט ער געזאָגט.

— אָ, — האָט זיך אָבגערופען נאַזאָרקע, — איך האָב געוואוסט, אַז זי וועט נישט אַריינלאָזען. וואָס האָט מיר יאַמקע געזאָגט: אַז דער יונקער האָט אָנגעהויבען צו געהען צו זיי. פע־טער יעראָשקע האָט זיך בערימט, אַז ער האָט פון יונקער גע־נומען אַ פלינט פאַר מאַריאַנקען.

— ער זאָגט ליעגען, דער שד! — האָט מיט כעס געזאָגט לוקאַשקע. — נישט אַזאַ מיידעל. אַז נישט וועל איך נאָך דעם אַלטען שד די זייטען צוקיועטשען, און ער האָט אָנגעהויבען זינ־גען זיין געליעבט ליעדעל:

פון דאָרף איזמאַילאָווע
פון געליעבטען פריץ'ס גאָרטען
איז אַ ליכטיגער אָדלער אַרויסגעפלויגען.
נאָך איהם איז באַלד אַרויס אַ יונגער יעגער
האָט אַריינגאַרען געוואָלט דעם ליכטיגען אָדלער

אויף דער רעכטער האַנד.
ענטפערט איהם דער ליכטיגער אָדלער:
„האָסט נישט געקענט מיך האַלטען אין אַ גאָלדענעם שטייגעל,
און אויף דער רעכטער האַנד, האָסטו נישט געקענט האַלטען
איצט וועל איך פליהען צום בלאָהען ים;
איך וועל הרג'ענען אַ ווייסען שוואַן (לעבעד).
וועל זיך אָנפיקען מיט זיסען פלייש, מיט שוואַנענפלייש".

# XXVIII.

ביי די בעלי הבתים איז געווען תנאים. לוקאַשקע איז גע־קומען אין דער סטאַניצע, נאָר איז נישט אַריין צו אָלענינען. און אָלענין איז נישט געווען אויף תנאים, חאָטש דער חאַרונזשע האָט איהם פערבעטען. איהם איז געווען אומעטיג, ווי נאָך קיינמאָל נישט, זייט ער האָט זיך בעזעצט אין דער סטאַניצע. ער האָט געזעהען, ווי לוקאַשקע, אַנ'אויסגעפוצטער איז פאַר נאַכט געגאַנ־גען מיט דער מאַמען צום בעל־הבית און איהם האָט געפייניגט דער געדאַנק: „פאַר וואָס איז לוקאַשקע אַזוי קאַלט צו איהם". אָלענין האָט זיך פערמאַכט אין זיין שטוב און האָט גענומען שריי־בען זיין טאַגעבוך.

„אַסך האָב איך איבערגעקלערט, און אַסך האָב איך זיך פערענדערט אין דער לעצטער צייט, — האָט געשריעבען אָלע־נין, — און דערגאַנגען דערצו, וואָס שטעהט געשריעבען אין אַנ' אַלף־בית־ביכעל. אום צו זיין גליקליך דאַרף מען איין זאַך ליע־בען, און ליעבען מיט זעלבסט אויפאָפפערונג, ליעבען אַלעמען און אַלץ, פערשפרייטען אויף אַלע זייטען דעם שפינוועבס פון ליעבע: ווער עס פאַלט אַריין, דעם דאַרף מען נעהמען. אָט אַזוי האָב איך געחאַפט וואַניושען, פעטער יעראָשקען, לוקאַשקען, מאַריאַנקען".

אין דער אייגענער צייט, ווען אָלענין האָט דאָס געענדיגט שרייבען איז אַריין פעטער יעראָשקע.

יעראָשקע איז געווען ביים פרעהליכען מוט. די טעג, אַריינ־געהענדיג צו איהם פאַר נאַכט, האָט אָלענין איהם געטראָפען

אויפ׳ן הויף פאַר דער נבלה פון אַ ווילדען חזיר, וואָס ער האָט מיט אַ גליקליכען שטאָלצען פנים געניט אָבגעצויגען מיט אַ קליי-נעם מעסערעל. די הינד און צווישען זיי דעם ליעבלינג ליאַם זע-נען געלעגען דערביי און האָבען לייכט געפאָכט מיט די עקען, קוקענדיג אויף דער אַרבייט זיינער. די יונגלעך האָבען געקוקט אויף איהם מיט בושה דורכ׳ן פאַרקאַן און האָבען זיך נישט גע-רייצט ווי געוואוהנטליך. די ווייבער-שכנות, בכלל נישט בעזונ-דערס פריינדליך צו איהם, האָבען זיך בעגריסט מיט איהם און האָבען איהם געטראָגען — ווער טשיחיר אַ קרוג, ווער געטרוקענ-טע טרויבען, ווער מעהל אַ ביסעל. אויפ׳ן אַנדערען מאָרגען איז יעראָשקע געזעסען ביי זיך אין שטאַל אין גאַנצען אין בלוט און האָט פונטווייז אָבגעגעבען פרישע פלייש, — וועמען פאַר געלד און וועמען פאַר ווייַן. אויף זיין פנים איז געווען צו לייענען: „דער אויבערשטער האָט בעשערט אַ גליק, אַ חיה דער׳הרג׳עט; איצט קומט דער פעטער צוניץ״. צוליעב דעריבער, פערשטעהט זיך, האָט ער זיך צו׳שכור׳ט און, נישט פערלאָזענדיג די סטאַני-צע, האָט ער שוין געטרונקען דעם פיערטען טאָג. חוץ דעם האָט ער נאָך גע׳שכור׳ט אויפ׳ן תנאים.

דער פעטער יעראָשקע איז געקומען פון ווירטס שטוב צו אָלענינען טויט-שכור, מיט אַ רויטען פנים, אַ צושויבערטען באָרד, נאָר אין אַ נייעם רויטען בעשמעט, אַרומגענעהט מיט גאַלונען און מיט אַ באַלאַלייקע, וואָס ער האָט געבראַכט פון הינטער׳ן טייך. ער האָט שוין לאַנג פערשפּראָכען אָלענינען דעם תענוג דערפון, און איז געווען גוט-מוט. דערזעהענדיג, אַז אָלענין שרייבט, האָט עס איהם פערדראָסען.

— שרייב, שרייב, מיין פאָטער, — האָט ער געזאָגט אין דער שטיל, מיינענדיג אַז עפּעס אַ גייסט זיצט צווישען איהם און דעם פאַפּיער, און פחד האָבענדיג צו פערשרעקען איהם, האָט ער אָהן נערויש, שטילינקערהייט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער פּאָדלאָגע. ווען פעטער יעראָשקע איז געווען שכור, איז זיין גע-ליעבטער אָרט געווען צו זיצען אויף דער פּאָדלאָגע. אָלענין האָט זיך אַ קעהר געטהון, געהייסען געבען ווייַן און ווייטער גע-

שריעבען. יעראָשקען איז געווען לאַנגווייליג צו טרינקען איינער אליין; איהם האָט זיך געוואָלט שמועסען.

— ביי די בעלי הבתים אויף תנאים געוועןֹ. וואָס איז דאָס, חזיר'יי! כ'וויל נישט! איך בין געקומען צו דיר.

— און פון וואַנען האָסטו די באַלאַלייקע? — האָט געפרעגט אָלענין, און ווייטער געשריעבען.

— הינטער'ן טייך געוועןֹ, מיין פאָטער, אַ באַלאַלייקע בעקומען. — האָט ער ווידער שטיל געזאָגט. — איך בין אַ מייסטער אויף צו שפיעלען: צי אַ טאָטערשי, אַ קאָזאַצקע, אַ סאָלדאַטסקע, וואָס דו ווילסט.

אָלענין האָט ווידער אַ קוק געטהון אויף איהם, אַ שמייכעל געגעבען און ווייטער געשריעבען.

— נו, וואַרף אַוועק, פאָטער מיין! וואַרף אַוועק! — האָט ער מיט אַ מאָל פעסט געזאָגט. — וואָס, מען האָט דיך אַנ'עולה אָנגעטהון: טאָ לאָז זיי, שפיי! נו, וואָס שרייבסטו, און שרייבסט! וואָס קאָן דערפון אַרויס?

און ער האָט איבערגעמישט אָלענינען, קלאַפענדיג מיט זיינע גראָבע פינגער איבער דער פאָדלאָגע און אויסגעקרימט זיין גראָבען פנים אין אַ פעראַכטונגס-גרימאַסע.

— צו וואָס פאַפיערען שרייבען? הוליע בעסער, וועסטו זיין אַ לייט!

מכח שרייבען האָט זיך אין זיין קאָפּ נישט געפונען קיין אַנדער השגה ווי שעדליכע פאַפיערען צום סאָנד.

אָלענין האָט זיך פערנאַנדערגעלאַכט. יעראָשקע אויך. ער איז אויפגעשפרונגען פון דער פאָדלאָגע און האָט אָנגעהויבען צו ווייזען קונצען אויף דער באַלאַלייקע און צו זינגען טאָטערשע ליעדער.

— צו וואָס שרייבען, גוטער מענש! דו הער בעסער, איך וועל דיר פאָרזינגען. אַז דו וועסט פגר'ען, וועסטו שוין אַ ליעד נישט הערען. הוליע!

צוערשט האָט ער געזונגען אַ ליעד פון איינענער פערפאַסונג מיט אַ טענצעל דערצו:

אַ די—די—די—די—די—לי
און וואו האָט איהר איהם געזעהען ?
אויפ'ן מאַרק און קראָם
פערקויפט ער שפילקעס .

דערנאָך האָט ער געזונגען אַ ליעד , וואָס עס האָט איהם אויסגעלערנט זיין געוועזענער פעלדפעבעל :

מאָנטאָג האָב איך זיך פערליעבט ,
דעם גאַנצען דיענסטאָג אַלץ געליטען ,
מיטוואָך האָב איך זיך אין ליעבע ערקלערט ,
דאָנערשטאָג געוואַרט אַנ'ענפער ,
פרייטאָג איז געקומען די תשובה ,
אַז איך דאַרף נישט וואַרטען אויף אַ טרייסט ,
און אין ליכטיגען שבת
האָב איך געוואָלט זיך אַ מיתה אָנטהון .
נאָר , ראַטעווענדיג די נשמה ,
האָב איך זונטאָג זיך אַנדערש בעטראַכט ,
און ווידער :
אַ די—די—די—די—לי
און וואו האָט איהר איהם געזעהען ?

דערנאָך , אונטערפינטעלענדיג , מאַכענדיג מיט די פלייצעס און אויסטאַנצענדיג , האָט ער געזונגען :

כ'וועל אַ קוש טהון , כ'וועל אַ נעהם טהין ,
מיט אַ רויטען באַנד וועל איך פערפלעכטען .
כ'וועל דיך רופען בטחון'־דעל מיינס
דו בטחונ'דעל מיינס
צו האָסטו מיך באמת ליעב ?

און ער האָט זיך אַזוי צוהוליעט , אַז לעבענדיג צו שפיעלענדיג , האָט ער געמאַכט אַ וואוהלערישען טריט און איז געגאַנגען טאַנצען איינער אַליין איבער'ן צימער .

אַזעלכע ליעדער , ווי די—די—לי און עהנליכע פריצישע האָט ער נאָר געזונגען פאַר אָלעניגען ; נאָר דערנאָך , אויסטרינקענדיג דריי גלעזער טשיחיר , האָט ער זיך דערמאָהנט די אַלטע

צייט, און האָט אָנגעהויבען זינגען אמת'ע קאָזאַצקע און טאָטער־
שע ליעדער. אין מיטען פון איינעם פון זיינע געליעבטע ליעדער
האָט זיין שטים גענומען מיט אַ מאָל ציטערען און ער איז ענט־
שוויעגען געוואָרען, שפּיעלענדיג נאָר אויף די זאַיטען פון דער
באַלאַלייקע.

— אַך, פריינד דו מיינער! — האָט ער געזאָגט.

אָלענין איז אַ־יפגעפאַלען דער מאָדנער קלאַנג פון זיין שטים:
דער אַלטער האָט געוויינט. די טרעהרען זענען איהם גע־
שטאַנען אין די אויגען, און איין טרעהר האָט גערונען איבער'ן
באַק.

— ביסט אַ וועק, מיין צייטינקע. וועסט זיך נישט אומ־
קעהרען, — האָט ער חליפענדיג אַרויסגערעדט און איז ענט־
שוויעגען. — טרינק, וואָס טרינקסט נישט! — האָט ער פּלוצים
אַ געשריי געטהון מיט זיין פערטויבענדיגער שטים, נישט אָב־
ווישענדיג די טרעהרען.

בעזונדערס האָט איהם געריהרט איינס אַ ליעדעל פון די
טאַוואַלינער. ווערטער האָט דאָס געהאַט זעהר ווייניג, נאָר
דער גאַנצער חן איהרס איז בעשטאַנען אין דעם אומעטיגען צו־
געזאַנג: „אַי! דאַי! דאַלאַלאַי!" יעראָשקע האָט איבערזעצט די
ווערטער פון ליעד:

„אַ יונגער מאַן איז אַוועק פון אַאול אין די בערג; זענען
געקומען די רוסען, האָבען אונטערגעצונדען דעם אַאול, אַלע
מאַנסבילען אויסגע'הרג'עט, אַלע ווייבער אין געפענגענשאַפט גע־
נומען. דער יונגער מאַן איז געקומען פון די בערג: וואו עס איז
געווען דער אַאול, איז דאָרט אַ לעדיגער אָרט; די מאַמע איז
נישטאָ, די ברידער זענען נישטאָ, קיין היים איז נישטאָ; נאָר
איין בוים איז איבערגעבליעבען. דער יונגער מאַן האָט זיך גע־
זעצט אונטער'ן בוים און זיך פערנאַנדער געוויינט. אליין, ווי דו,
איינער אַליין געבליעבען, און דער יונגער מענש האָט גענומען
זינגען: אַי, דאַי, דאַל לאַ לאַי!"

דערזינגענדיג דעם יעצטען צושפּיעל, האָט יעראָשקע
אַראָבגעחאַפּט פון דער וואַנד אַ ביקס, איז האַסטיג אַרויסגעלאָפען

אויפ'ן הויף און אויסגעשאָסען פוןביידע רעהרליך אין דער הויך, און ווידער נאָך אומעטיגער אַ זינג געטהון: „אַי, דאַי, דאַלאַ-לאַי—אַ—אַ״, און איז ענטשטילט געוואָרען.

אָלענין, איהם נאָכגעהענדיג ביז צום גאַניק, האָט שווייגענדיג געקוקט אויפ'ן דונקעלען געשטערענטען הימעל אין דער ריכטונג, וואו ס'האָבען אַ גלאַנץ געטהאָן די שאָסען. אין שטוב ביי די ווירטען איז געווען פייער, עס האָבען זיך געדערט שטימען. אויפ'ן הויף האָבען די מיידלעך זיך צונויפגעזאַמעלט ביי'ן גאַניקעל און זענען אַלע ווייל'ע געלאָפען פון דער קאַלטער שטוב אין פאָרהויז. עטליכע קאָזאַקען זענען אַרויסגעשפרונגען פון פאָר-הויז און האָבען נישט אויסגעהאַלטען. האָבען זיך צווישעט, בע-לייטענדיג דעם צושפיעל פון ליעד און די שאָסען פון פעטער יעראָשקע.

— וואָס ביסטו נישט אויף תנאים? — האָט געפרעגט אָלענין,

— מוחל, מוחל! —האָט אַרויסגערעדט דער אַלטער, ווענען מען האָט, ווי צו זעהען, מיט עפעס בעליידיגט דאָרטען. — כ'האָב דאָס נישט האָלד, כ'האָב נישט האָלד! עך, ס'איר אַ עולם! קום אין שטוב! זיי הוליען פאַר זיך, און מיר וועלען פאַר זיך הוליען.

אָלענין איז צוריק אַריין אין שטוב.

— און לוקאַשקע איז פרעהליך, וואָס? ער וועט דאָס גאָר נישט אַריין צו מיר? — האָט ער געפרעגט.

— לוקאַשקע! מען האָט איהם געזאָגט אַ ליגען, אַז איך פערפיהר צו דיר דאָס מיידעל, — האָט געזאָגט דער אַלטער אין דער שטיל — און וואָס איז דען מיט דעם מיידעל? עס וועט זיין אונזערעס, ווען מיר וועלען וועלען: גיעב מעהר געלד — און עס איז אונזער! איך וועל דאָס שוין מאַכען פאַר דיר, אין דער'אמת'ען.

— ניין, פעטער, מיט געלד וועסטו גאָר נישט מאַכען, ווען מען ליעבט נישט. בעסער רעד גאָרנישט דערפון.

— מען האָט אונז נישט ליעב, יתומים! — האָט פלוצים

גענאָגט יעראָשקע און האָט זיך פעראַנדערגעוויינט. אָלענין האָט געטרונקען מעהר ווי געוועהנטליך, זיך צוהערענדיג צום אַלטענס מעשׂית. „איז אָט איצט מיין לוקאַשקע גליקליך“, האָט ער נאָכ־טראַכט; נאָר איהם איז געוועזן אומעטיג אויפ׳ן האַרצען. דער אַלטער האָט אין יענעם אָוועגד זיך אַזוי אָנגע׳שכור׳ט, אַז ער איז געפאַלען אויף דער פּאָדלאָגע, און וואַניושע האָט געמוזט רופען צו הילף סאָלדאַטען, און מיט אַנ׳עקעל אויפ׳ן פּנים, איהם אַרויסצושלעפען. ער איז געווען שוין אַזוי פערביטערט קעגען אַלטען פאַר זיין שלעכטער אויפפיהרונג, אַז ער האָט שוין נאָר נישט געזאָגט אויף פראַנצויזיש.

# XXIX.

עס איז געווען אויגוסט־מאָנאַט. עטליכע טעג נאָך דער רייה איז נישט געווען קיין וואָלקענדעל אויפ׳ן הימעל; די זון האָט געברענט נישט צו דערהאַלטען, און פון מאָרגענס אָן האָט גע־בלאָזען אַ וואַרעמער ווינד, אויפהויבענדיג אין די בורונעס און אויף די וועגען וואָלקענס הייסע זאַמד און פערטראָגענדיג איהם מיט דער לופט איבער די וואַסער־ריטלעך, בוימער און סטאַני־צעס. דאָס גראָז אין די בלעטער אויף די בוימער זענען געווען בעדעקט מיט שטויב; די וועגען און שטעגלאַך זענען געווען נאַ־קעט און הילכיג האַרט. דאָס וואַסער אין טערעק איז שוין לאַנג אָבגעלאָפען און איז גיך אַוועק און אייסגעטריקענט געוואָרען אין די גראָבענס. אין טייך ביי דער סטאַניצע זענען געשטאַנען נאַ־קעט די פון בהמות אויסגעצ״־עטענע בלאָטיגע ברעגעס פון טייך, און אַ גאַנצען טאָג האָט מען נאָר געהערט דאָס פליכען זיך און געשרייען פון מיידלעך און יונגלעך. אין סטעפ זענען שוין אויס־געטריקענט געוואָרען די בורונעס און די ריטער־בוימלעך און די בהמות, ברומענדיג ביי טאָג, זענען ענטלאָפען אין פעלד. די חיה איז אַוועק אין די ווייטע ריטער־בוימלעך און אין די בערג הינטער׳ן טערעק. די מיקען און פליעגען זענען געשטאַנען אין געדיכטע וואָלקענס איבער די סטאַניצעס און אין די ניעדערונגען.

די שניי־בערג האָבן זיך בעדעקט מיט אַ גראָהען נעבעל. די לופט איז געווען שיטער און שטינקענדיג. די אַברעזען, האָט זיך געהערט, האָבן זיך אַריבערגעקליעבן איבער׳ן פלאַך געוואָרענעם טייך און האָבן אַרומגעדרעהט זיך אויף דער רוסישער זייט. די זון האָט זיך אַלע אָוועגד געזעצט אין אַ רויטען הייסען זונענאונטער גאַנג. ס׳איז געווען די צייט פון דעם גרעסטען אַרבייטס־סעזאָן. די גאַנצע בעפעלקערונג האָט געשווייבעלט אין די קאַוואונעס־פעלדער און אין די וויינגערטנער. די גערטנער זענען שטאַרק פערוואַקסען געוואָרען מיט גרינס, וואָס פלעכט זיך אַרום און מיט אַ קיהלען געדיכטען שאָטען. אומעטום האָבן שוואַרצליך אַרויס־געקוקט פון הינטער די בלעטער צייטיגע שווערע ווינטרויבען־הענגלעך. אויפ׳ן שטויביגען וועג, וואָס פיהרט צו די גערטנער, האָבן זיך געצויגען סקריפענדיגע פוהרען ביז אויבען אָנגעלענט מיט שוואַרצע טרויבען. אויפ׳ן שטויביגען וועג, צוטרעטען פון די רעדער, זענען געווען צו וואָרפען טרויבען־הענגעלעך. יונגלעך און מיידלעך אין העמדלעך, אויסגעפאַטשקעט אין טרויבענזאַפט, מיט הענגעלעך אין דער האַנד און אין מויל זענען נאָכגעלאָפען די מאַמעס. אויפ׳ן וועג האָט מען אַלע ווייל׳ע בעגעגענט אָבגעריסע־נע אַרבייטער, טראָגענדיג אויף די שטאַרקע פלייצעס קערב מיט טרויבען. פערבונדען ביז די אויגען מיט טיכלעך, האָבן די מיידלעך געפיהרט די אָקסען, איינגעשפאַנט אין פוהרען, הויך אָנגעלענטע מיט ווינטרויבען. די סאָלדאַטען, בעגעגענדיג אַ פוהר, האָבן געבעטען ביי די קאָזאַצקעס טרויבען, און די קאָזאַצקע, אין געהען, אַרויפקריכענדיג אויפ׳ן פוהר פלעגט נעה־מען אַ פולען אָרעם טרויבען אין דאָס אויסשיטען אין פאָלע פון סאָלדאַטען. אויף מאַנכע הויפען האָט מען שוין געטרעטען די ווינטרויבען. דער ריח פון טרויבענזאַפט האָט פול געמאַכט די לופט. בלוטיג רויטע באַלעיעס האָבן זיך געזעהען אונטער די דעכלעך און נאַגאַיצעס־אַרבייטערינס מיט פערקאַשערטע פיס און אָנגעפאַרבטע פאָלקעס האָט מען שוין געטראָפען אויף די הויפען. די הזירים, הרוקענענדיג, האָבן געפרעסען די הייטלעך און האָבען זיך געקוילערט אין זיי, די פלאַציגע דעכער פון די קאַלטע

שטיבער זענען געווען גאַנצען אויסגעלענט מיט שוואַרצע בורשטינענע הענגעלעך, וועלכע האָבען זיך געטריקענט אויף דער זון, קראָהען און סאָראָקעס, אונטערקלייבענדיג די קערנער, האָבען זיך געשטיפּט ביי די דעכער און זענען געפלויגען פון איין אָרט אויף אַנ׳אַנדערען.

די פּרוכטען פון יאָהרען־אַרבייט האָט מען פרעהליך גע־זאַמעלט, און היי־יאָהר זענען די פּרוכטען געווען גוזמא׳דיג פיעל און געראָטען.

אין די שאָטיגע גרינע גערטנער, אין אַ ים פון וויינטרויבען, האָבען זיך געהערט פון אַלע זייטען געלעכטערס, ליעדער, פרעה־ליכקייט, ווייבערשע שטימען, און עס האָבען זיך געוואָרפען אין די אויגען ליכטיג־קאָליערטע פרויען־קליידער.

אין די רעכטע מיטאָג־צייט איז מאַריאַנקע געזעסען אין איהר גאָרטען אין שאָטען פון אַ פערסיק־בוים און פון אינטער אַנ׳־אויסגעשפּאַנטע פוהר האָט זי אַרויסגענומען מיטאָג פאַר דער גאַנצער משפחה. אַקעגען איהר אויף אַנ׳אויסגעשפּרייטער פערד־דעקע איז געזעסען דער חאָרונזשי, וואָס איז געקומען פון שול, און האָט געוואַשען די הענד פון אַ קריגעל. דאָס יונגעלע, איהר ברודער, וואָס איז אָקאָרשט געקומען צו לויפען פון טייך, זיך אָבווישענדיג מיט די אַרבעל האָט אונרוהיג געקוקט אויף די שוועסטער און די מוטער, וואַרטענדיג אויפ׳ן מיטאָג און האָט שטאַרק געסאָפּעט. די אַלטע־די מאַמע, פערקאַשערענדיג די שטאַרקע פערברוינטע הענד, האָט פאַנאַנדער געלעגט וויינטרוי־בען, געטריקענטע פיש, קאַימאַק און ברויט אויף אַ ניעדעריגען מאָטערשען טישעל. דער חאָרונזשע, דערנאָך, ווי ער האָט אָב־געווישט די הענד, האָט אַרונטערגענומען דאָס היטעל, זיך אי־בערגע׳צלס׳ט און זיך צוגערוקט צום טיש. דאָס יונגעלע האָט געחאַפּט דעם קריגעל און האָט דורשטיג גענומען טרינקען. די מאַמע און די טאָכטער, אונטערציעהענדיג די פיס האָבען זיך געזעצט ביים טיש. און אין שאָטען האָט געברענט נישט־צו־דער־האַלטען. אַ וואַרעמער שטאַרקער ווינד, וואָס איז דורך אַדורך די צווייגען, האָט נישט געגעבען קיין קיהלקייט, נאָר מאָנאָטאָנע

געבויגען די שפּיצען פון די באַרען־פּערסיק און זיידענ־בוימער, וואָס זענען געווען צוזאַמען איבער׳ן גאָרטען. דער חאָרונזשע, זיך נאָך אַ מאָל איבער׳צלם׳דיג האָט אַרויסגענומען פון הינטער׳ן רוקען אַ קריגעל מיט טשיחיר, וואָס איז געווען בעדעקט מיט אַ ווייבלאַט און, אַ טרינק טהוענדיג פון העלזעל, האָט ער דאָס דערלאַנגט דער אַלטער. דער חאָרונזשע איז געווען אין איין העמד, צושפּיעלעוועט ביים האַלז, און וואָס האָט ענטפּלעקט אַ מוסקעלדיגע בעוואַבסעגע ברוסט. זיין פיינער, חיטרער פּנים איז געווען פרעהליך נישט אין דער פּאָזע, נישט אין דעם אַרט רעדען זיינעם האָט זיך נישט געזעהען די געוועהנטליכע גע־מאַכטע העפליכקייט; ער איז געווען מונטער און נאַטירליך.

— און ביז פאַר־נאַכט וועלען מיר פאַרטיג ווערען? — האָט ער געזאָגט, אָבווישענדיג דעם נאַסען באָרד.

— מיר וועלען פאַרטיג ווערען, — האָט געזאָגט די אַלטע, — נאָר דאָס וועטער זאָל ביישטעהען. די דעמקינס זענען נאָך מיט אַ העלפט נישט פאַרטיג געוואָרען, — האָט זי נאָך ווייטער געזאָגט. — איין איינציגע אוסטענקע אַרבייט, אַרבייט איבער די כחות.

— ווי קומען זיי דערצו! — האָט שטאָלץ געזאָגט דער חאָרונזשע.

— נאַ, טרינק, מאַריאַנושקע! — האָט געזאָגט די אַלטע, צורוקענדיג דעם קריגעל צים מיידעל. — אָט, אַז גאָט וועט גע־בען, וועט זיין מיט וואָס חתונה צו מאַכען.

— דאָס איז נאָך אַ קומענדיגע זאַך, — האָט געזאָגט דער חאָרונזשע, אַביסעל ברוגז׳דיג.

דאָס מיידעל האָט אַראָבגעלאָזען דעם קאָפּ.

— פאַר וואָס נישט רעדען? — האָט געזאָגט די אַלטע.

— מיט דער זאַך האָט מען געענדיגט, און די צייט איז שוין נישט ווייט.

— חאַפּ נישט פאָרויס, — האָט געזאָגט דער חאָרונזשע.

— איצט דאַרף מען פאַרטיג ווערען מיט׳ן געראַטעניש.

— האָסטו געזעהען לוקאַשקעס נייעם פערד? — האָט גע־

פרעגט די אַלטע. — דאָס וואָס מיטרי אַנדרעאיץ האָט געשענקט, איז שוין נישטאָ: ער האָט אויסגעביטען.

— ניין, איך האָב נישט געזעהען. אָבער גערעדט האָב איך היינט מיט'ן קנעכט פון קוואַרטיראַנטען, — האָט געזאָגט דער חאָרונזשע. — ער זאָגט, אַז ער האָט ווידער בעקומען 1000 רובעל.

— אַנ'עושר. מיט איין וואָרט, — האָט מסכים געווען די אַלטע. דער גאַנצער משפּחה איז געווען פרעהליך, און זי איז גע-ווען צופריעדען.

די אַרבייט איז געגאַנגען אויסגעצייכענט. טרויבען זענען געווען מעהר און געראָטענער, ווי זיי האָבען אַליין גערעכענט.

מאַריאַנע, אָבעסענדיג האָט אונטערגעלעגט די אָקסען גראָז, האָט צונויפגעוויקעלט איהר בעשמעט אונטער'ן קאָפּ און האָט זיך געלעגט אונטער'ן פוהר אויף דעם צוקנייטשטען זאַפטי-גען גראָז. זי האָט נאָר געהאַט אויף זיך איין רויט העמדעל, דאָס הייסט, איין זיידען טיכעל אויפ'ן קאָפּ און אַ בלאָהע פער-בלאַקירט קאַטונען העמד; נאָר איהר איז געווען היים נישט-צו-דערטראָגען. איהר געזיכט האָט געפלאַמט, די פיס האָבען נישט געפונען קיין אָרט פאַר זיך, די אויגען זענען געווען פערצויגען מיט דער פייכטקייט פון מידיגקייט און נישט-אויסגעשלאָפענקייט; די ליפּען האָבען זיך נישט ווילענדיג געעפענט, און די ברוסט האָט געאָטהעמט שווער און הויך.

דער אַרבייט'ס-סעזאָן האָט זיך שוין אָנגעהויבען מיט צוויי וואָכען צוריק, און די כסדר'דיגע שווערע האַראָוואַניע האָט פער-נומען דאָס גאַנצע לעבען פון מיידעל. פריה-מאָרגען מיט'ן טאָג פלעגט זי אויפשפּרינגען, פלעגט זיך אַרומוואַשען דאָס געזיכט מיט קאַלטע וואַסער, זיך אַיינהילענען אין אַ טיכעל און באָרוועס געלאָפען צו די בהמות. האַסטיג פלעגט זי אָנטהון די שיך, אָנ-טהון דעם בעשמעט, מיטנעהמענדיג אין אַ זעקעלע ברויט, פלעגט איינשפּאַנען די אָקסען אין אויף אַ גאַנצען טאָג אַוועקלויפען אין די גערטנער. דאָרטען פלעגט זי זיך נאָר אויף אַ ווײַלע אויס-רוהען, פלעגט שניידען, שלעפּען די קערב און אָוועגדס אַ מונ-

טער־ע נישט קיין פערמאַטערטע, שלעפענדיג די אָקסען פאַר אַ
שטריק און זיי אונטערטרייבענדיג מיט אַ צווייגעלע, פלעגט זי
זיך אומקעהרען אין די סטאַניצע. אָבפאַרטיגענדיג די בהמות
פאַרנאַכט, מיטנעהמענדיג סעמעטשקעס אין ברייטען אַרבעל פון
העמד, פלעגט זי אַרויס אויפ'ן עק גאַס פרעהליך פערברענגען
מיט די מיידלעך. נאָר ווי עס פלעגט ווערען פינסטער, פלעגט
זי שוין געהען אַהיים און אָבעסענדיג אין דער פינסטערער קאַל־
טער שטוב צוזאַמען מיט'ן פאָטער, מוטער און ברודערעל,
פלעגט זי אַריין אין שטוב מיט אַ פרייען קאָפּ, אַ געזונדע, פלעגט
זיך זעצען ביין אויווען און אין האַלבען דרעמעל הערען די רייד
פון קוואַרטיראַנטען. ווי נאָר ער פלעגט אַוועק, פלעגט זי זיך
אַ וואָרף טהון אויפ'ן בעט און ביז מאָרגען פלעגט זי אַריינפאַלען
אין אַ האַרטען, רוהיגען שלאָף. אויפ'ן אַנדערען טאָג איז גע־
ווען דאָס אייגענע. לוקאַשקען האָט זי נישט געזעהען פון סאַמען
תנאים אָן, און האָט רוהיג געוואַרט אויף דער צייט פון דער
חתונה. צו קוואַרטיראַנטען האָט זי זיך צוגעוואוהנט און האָט מיט
פערגעניגען געפיהלט אויף זיך זיינע שאַרפע בליקען.

## XXX.

נישט קוקענדיג דערויף, וואָס פון היטץ איז נישט געווען
וואו זיך אַהין־צו־טהון, וואָס מיקען האָבען מחנות־ווייז זיך אַרום־
געדרעהט אין דעם קיהלען שאָטען פון פוהר און וואָס דאָס יונ־
געלע, זי קעהרענדיג אויף אַלע זייטען, האָט איהר געשטויסען,
האָט מאַריאַנע שוין אַרויפגעצויגען אויפ'ן קאָפּ אַ טיכעל און האָט
שוין גענומען איינשלאָפען, ווי מיט אַמאָל איז אוסטענקע, די שכנ'־
טע, געקומען צו איהר צו לויפען און זיך אַראָבלאָזענדיג אונ־
טער די פוהר, האָט זי זיך געלעגט נעבען איהר.

— נו, שלאָפען, מיידלעך! שלאָפען! — האָט געזאָגט אוס־
טענקע, זיך צורעכטמאַכענדיג אונטער'ן פוהר. — שטעה! — האָט
זי געזאָגט, אויפשפרינגענדיג, — אַזוי טויג נישט.

זי איז אויפגעשפרונגען, אָנגעריסען גרינע צווייגען און פון

ביידע זייטען האָט זי דאָס אָנגעהאַנגען אָן די רעדער פון פוהר, און נאָך זיי אַריבערגערדעט מיט אַ בעשמעט.

— דו לאָז נאָר, — האָט זי אַ געשריי געטהון אויפ'ן יונגעל, ווידער אַרונטערקריעכענדיג אונטער'ן פוהר. — שוין זשע איז פאַר אַ קאָזאַק אַנ'אָרט מיט מיידלעך? גמה!

בלייבענדיג אונטער'ן פוהר אַליין מיט דער פריינדין, האָט זי אוסטענקע מיט אַ מאָל אַרומגענומען מיט ביידע הענד, זיך צודריקענדיג צו איהר און האָט אָנגעהויבען קושען מאַריאַנען אין די באַקען און אין האַלז.

— ליעבינקער! ברודערעל! — האָט זי גערעדט, זיך צוגיעסענדיג מיט איהר דינינקען, קלאָרענקען געלעכטער.

— זעהסט, האָט זיך ביי'ן זיידעלען אויסגעלערנט, — האָט געענטפערט מאַריאַנע, זיך אַרויסרייסענדיג, — נו, גענוג!

און ביידע האָבען זיך אַזוי צולאַכט, אַז די מאַמע האָט אויף זיי אָנגעשריען.

— ביסט מקנא? — האָט שטילערהייט געזאָגט אוסטענקע.

— צו וואָס באָלבעסט! לאָז שלאָפען. נו, צו וואָס ביסטו געקומען?

נאָר אוסטענקע האָט זיך נישט בערוהיגט. — און ווייסטו איך וועל דיר עפעס זאָגען, אַזאַ זאַך!

מאַריאַנע האָט זיך אויפגעהויבען אַביסעל אויפ'ן אויטעגבוינגען אין האָט פעריכט דאָס אַרונטערגעפאַלענע טיכעל. — נו, וואָס וועסטו זאָגען?

— פון דיין קוואַרטיראַנטען ווייס איך עפעס.

— נישטאָ וואָס צו וויסען, — האָט געענטפערט מאַריאַנע.

— ביסטו דאָס אַ מיידעל אַ גנב! — האָט געזאָגט אוסטענקע, שטויסענדיג איהר מיט'ן אוילענבויגען אין לאַכענדיג. — וועסטו קיינעם נישט דערצעהלען. ער געהט דאָך אַיין ביי אייך?

— ער געהט אַיין, טאָ וואָס! — האָט געזאָגט מאַריאַנע, און איז מיט אַ מאָל רויט געוואָרען.

— אָט איך בין מיר אַ פּראָסטע מיידעל. איך וועל אַלעמ

מען דערצעהלען, וואָס זאָל איך זיך בעהאַלטען, — האָט געזאָגט אוסטענקע און דאָס פרעהליכע געריוועטלט פּנים'על האָט בעקומען אַ פערטראַכטע מינע. — צו טהו איך עמיצען שלעכטס? איך האָב איהם ליעב, און דאָס איז אַלץ!

— אָט דעם זיירעלע, וואָס?

— נו, יאָ.

— אַ זינד! — האָט זיך ענטקעגען געשטעלט מאַריאַנע.

— אַך, מאַשענקע! טאָ וועו זשע הוליענען, ווען נישט אין דער מיידעלשער פרייהייט? איך וועל נעהמען אַ קאָזאַק, וועל איך קינדער האָבען, וועל דערגעהען. וואָס הייסט נויט. אָט, האָב חתונה מיט לוקאַשקען, וועט שוין די פרעהליכקייט גאָר נישט קריכען אין קאָפּ, עס וועלען קומען קינדער און אַרבייט.

— וואָס איז, אַנדערע איז נאָך דער חתונה אויך גוט. אַלץ איינס! — האָט רוהיג געענטפערט מאַריאַנע.

— דערצעהל האָטש אַמאָל, וואָס איז געוועזען ביי דיר מיט לוקאַשקען?

— וואָס זאָל זיין. ער האָט זיך גע'שדכנ'ט. דער פאָטער האָט אָבגעלעגט אויף אַ יאָהר. און היינט האָט מען זיך אָבגע-מאַכט, אַז הערבסט-צייט וועט מען אָבגעבען.

— אָבער ער, וואָס האָט דיר געזאָגט?

מאַריאַנע האָט זיך צושמייכעלט.

— מען ווייס, וואָס ער האָט גערעדט. געזאָגט, אַז ער ליעבט. אַלץ געבעטען געהען מיט איהם אין די גערטנער.

— זעהסט, וואָס פאַר אַ שטיק פעך דו ביסט! דו ביסט דאָך נישט געגאַנגען, אודאי. און וואָס פאַר אַ לייט ער איז גע-וואָרען! דער ערשטער דזשיגיט. גאַנצענע טעג, נאָר ער הוליעט. די טעג איז געקומען אונזער קורקע, דערצעהלט: וואָס פאַר אַ פערד ער האָט אויסגעביטען! און אַלץ, אַודאי, בענקט ער נאָך דיר. און וואָס האָט ער נאָך גערעדט? — האָט געפרעגט מאַריאַנען אוסטענקע.

— אַלץ דאַרפסטו וויסען, — האָט זיך צולאַכט מאַריאַנע.

— איינמאָל איז ער צוגעריטען צום פענסטער אויפ'ן פערד, שכור, האָט זיך געבעטען.

— וואָס, האָסט נישט אַריינגעלאָזען?

— נאָך אַריינגלאָזען! איך האָב איינמאָל געגעבען אַ וואָרט. און גענוג! האַרט ווי שטיין, — האָט ערנסט געענטפערט מאַריאַנע.

— אַ וואוהלער יונג! זאָל ער נאָר וועלען, קיין מיידעל וועט זיך נישט מאוס'ען מיט איהם.

— זאָל ער צו אנדערע געהען, מיינעט וועגען. — האָט שטאָלץ געענטפערט מאַריאַנע.

— דו האָסט עס אויף איהם קיין רחמנות נישט?

— איך האָב רחמנות, אָבער נאַרישקייטען וועל איך נישט טהון. דאָס איז שלעכט.

אוסטענקע איז מיט אַ מאָל צוגעפאַלען מיט קאָפּ צו דער ברוסט פון דער פריינדין, האָט זי אַרומגענומען מיט די הענד און האָט זיך אין גאַנצען געטרייסעלט פון אַ געלעכטער, וואָס האָט איהר געשטיקט. — נארישע בהמה! — האָט זיך ביי איהר אויסגעשפּאַרט, סאָפּענדיג, — דו פערגינסט זיך נישט אַ גליק, — און זי האָט ווידער גענומען קיצלען מאַריאַנען.

— אַי, גענוג! — האָט געזאָגט מאַריאַנע. שרייענדיג דורך אַ געלעכטער. — דו האָסט לאַזוטקען דערשטיקט.

— געזועהען, שדים, ווי זיי האָבען זיך צוווּשעט, קענען גאָר נישט ענטשטילט ווערען. — האָט זיך ווייטער געהערט פון הינטערען פיהר דעם פערשלאָפענער קול פון דער אַלטער.

— פערגינסט זיך נישט אַ גליק. — האָט איבערגע'חזר'ט אוסטענקע אין דער שטיל און זיך אויפהויבענדיג.

— און דו ביסט אַ גליקליכע, ביי גאָט! ווי מען האָט דיך ליעב! דו ביסט אַזאַ קראַציגע, און מען האָט דיך ליעב. אַך, ווען איך וואָלט געווען אויף דיין אָרט, ווי וואָלט איך דעם קוואַרטיראַנטען פערדרעהט דעם קאָפּ! איך האָב געקוקט אויף איהם, ווען ער איז געווען ביי אונז, דוכט זיך, ער וואָלט דיך מיט די אויגען אויפגעגעסען — מיין זיידעלע, — און וואָס

האָט ער מיר שוין נישט אָנגעשענקט! און אַייערער, זאָגט מען, איז פון די רוסען דער ערשטער עושר. זיין רענשציק האָט דער־צעהלט, אַז ער האָט איינענע קנעכט.

מאַריאַנע איז אויפגעשטאַנען, און פערטראַכטענדיג זיך, האָט זי אַ שמייכעל געטהון.

— וואָס האָט ער מיר עפעס געזאָגט, דער קוואַרטיראַנט— האָט זי פאַמעלעך געזאָגט, איבערבייסענדיג אַ גרעזעלע. — ער האָט געזאָגט: איך וואָלט געוואָלט זיין דער קאָזאַק לוקאַשקע אָדער דיין ברודערעל, לאַזוטקע. צו וואָס האָט ער דאָס געזאָגט?

— באָלבעט גלאַט, וואָס עס פאַלט איהם אַריין אין מח,

— האָט געענטפערט אוסטענקע, — וואָס רעדט נישט מיינער! עפעס ווי אַ דבוק וואָלט אין איהם געווען!

מאַריאַנע האָט זיך אַ וואָרף געטהון מיט'ן קאָפּ אויף דעם צוזאַמענגעוויקעלטען בעשמעט, אַרויפגעוואָרפען אַ האַנד אויף אוסטענקעס פלייצע און צוגעמאַכט די אויגען.

— היינט האָט ער געוואָלט געהען אַרבייטען אין די גערט־נער; דער פאָטערעל האָט איהם גערופען — האָט זי לאַנגזאַם גע־זאָגט, אַ ווײַלע געשוויעגען, און איז אַיינגעשלאָפען.

## XXXI.

די זון איז אַרויס פון באַרענבוים, וואָס האָט געגעבען אַ שאָטען דער פוהר און מיט קרומע שטראַהלען, אפילו דורך די צווייגען, וואָס אוסטענקע האָט אַרומגעפלאָכטען, האָט זי גע־ברענט די געזיכטער פון די מיידלעך, וואָס זענען געשלאָפען אונטער דער פוהר. מאַריאַנע האָט זיך אויפגעחאַפּט און גענומען פעריכטען דאָס טיכעל. זיך אַרומקוקענדיג אין אַלע זייטען, האָט זי דערזעהען דעם קוואַרטיראַנטען, וואָס מיט אַ ביקס אויף דער פלייצע איז געשטאַנען און גערעדט מיט איהר פאָטער. זי האָט אַ שטויס געגעבען אוסטענקען און, שווייגענדיג, אַ שמייכעל גע־בענדיג, האָט זי איהם אָנגעוויעזען אויף איהם.

— געכטען בין איך געגאַנגען, נאָר קיינעם נישט געפונען,

— האָט גערעדט אָלענין, זיך אַרומקוקענדיג אונרוהיג און דורך די צווייגען, דו זעהסט זיך נישט מאַריאַנע.

— איהר געהט אָבער צו יענעם עק, גלייך, ווי מיט'ן ציר־קעל, דאָרטען אין פערלאָזענעם גאָרטען, וואָס רופט זיך חורבה, געפינען זיך שטענדיג האָזען. — האָט געזאָגט דער חאָרונזשע, פערענדערענדיג באַלד זיין לשון.

— צו פּאַסט דאָס אין אַרבייטס־צייט צוגעהען האַפּען האָזען! וואָלסט בעסער געקומען אונז אונטערהעלפען. מיט די מיידלעך אַביסעל געאַרבייט, — האָט געזאָגט מונטער די אַלטע. — נו מיידלעך, אויפשטעהען! — האָט זי אַ געשריי געגעבען.

מאַריאַנע און אוסטענקע האָבען זיך געשושקעט און קוים זיך געקענט אָבהאַלטען פון געלעכטער אונטער דער פוהר.

פון דער צייט וואָס עס איז געוואָרען בעקאַנט, אַז אָלענין האָט געשאָנקען לוקאַשקען אַ פערד פון 50 מאָנעטען, זענען גע־וואָרען זיינע ווירטען פריינדליכער צו איהם; בעזונדרעס, דער חאָרונזשע, האָט מיט פערגעניגען געזעהען, ווי ער נעהערט זיך צו זיין טאָכטער.

— איך פערשטעה אָבער נישט צו אַרבייטען, — האָט גע־זאָגט אָלענין, זיך מיהענדיג נישט קוקען דורך די צווייגען אונ־טער דער פוהר, וואו ער האָט בעמערקט דאָס בלאָהע העמד און דאָס רויטע טיכעל פון מאַריאַנען.

— קום, איך וועל דיר געבען שאַפּטאַלען — האָט געזאָגט די אַלטע.

— נאָך די אַלטע מנהגים ביי די קאָזאַקען, וואָס זענען מכניסי־אורח, איז דאָס אַ ווייבערשע נאַרישקייט, — האָט געזאָגט דער חאָרונזשע, ערקלערענדיג און, ווי פערריכטענדיג די ווער־טער פון דער אַלטער. — אין רוסלאַנד האָט איהר מן הסתם נישט נאָר שאַפּטאַלען, נאָר געגעסען אַסך געווייקטע זאַכען און אַנאַ־נאַסען־קאָנפיטורען צו אַייער פערגעניגען.

— איז אין פערלאָזענען גאָרטען פאַרהאַן? — האָט גע־פרעגט אָלענין, — איך וועל אַהין געהען, — און וואַרפענדיג אַ

האַסטיגען בליק דורך די גרינגע צווייגען, האָט ער אויפגעהויבען די פּאַפּאַחע און איז פערשוואונדען צווישען די רעגעלמעסיגע שורות פון די וויינגערטנער.

די זון האָט זיך שוין בעהאַלטען הינטערן צוים פון די גערטנער און מיט צושפּרייטע שטראַהלען האָט זי געגלאַנצט דורך די דורכזיכטיגע בלעטער, ווען אָלענין איז צוריקגעקומען אין גאָרטען צו זיינע בעלי־בתים. דער ווינד איז שטילער געוואָרען און אַ פרישע קיהלקייט האָט זיך אָנגעהויבען צו פערשפּרייטען אין די וויינגערטנער. נאָך פון דער ווייטענס, דורך עפּעס אַנ׳אינסטינקט, האָט אָלענין דערקענט מאַריאַנעס בלאָהער העמד צווישען די רייהען פון די טרויבען־אַלעען און, רייסענדיג טרויבען, איז ער צו צו איהר.

דער צעיושעטער הונד האָט אויך מאַנכמאָל געחאַפּט מיט אַ גאַווערענדיגען מויל אַ ניעדעריג טרויבענהענגעל. מאַריאַנע, שטאַרק צורויטעלט מיט פערקאַשערטע אַרבעל און אַראָבלאָזענדיג דאָס טיכעל ביז צום גאָמבעלע, האָט האַסטיג געשניטען שווערע הענגעלעך און זיי צונויף־געלעגט אין אַ קערבעל. זי האָט זיך אָבגעשטעלט, נישט אַרויסלאָזענדיג פון האַנד דאָס קערבעל, וואָס זי האָט געהאַלטען, האָט זי פריינדליך אַ שמייכעל געגעבען און האָט זיך ווידער גענומען צו דער אַרבייט. אָלענין איז צו נעהענטער און האָט אַריבערגעוואָרפען דעם ביקס הינטער׳ן רוקען, פריי צו מאַכען די הענד. „און וואו זענען די איבריגע? גאָט העלף! דו ביסט אַליין?" האָט ער געוואָלט זאָגען, נאָר ער האָט גאָר נישט געזאָגט און האָט נאָר אויפגעהויבען אַ ביסעל די פּאַפּאַחע. ער האָט זיך נישט גוט געפיהלט ביי זיך איינער אַליין מיט מאַריאַנען, נאָר ער איז צוגעגאַנגען צו איהר, ווי ער וואָלט מיט אַ כיון זיך פייניגען געוואָלט.

— דו וועסט נאָך אַזוי מיט׳ן ביקס דערשיסען די ווייבער, — האָט געזאָגט מאַריאַנע.

— ניין, איך שיס נישט.

זיי זענען ביידע ענטשוויגען.

— דו וואָלסט אפשר צו געהאָלפען.

ער האָט בעקומען אַ מעסערעל און אָנגעהויבען שניידען, שווייגענדיג. דערזעהענדיג ניעדעריג פון אונטער די בלעטער אַ שווער־דרייפונטיג אויסגעפּאַקט הענגעל, וואו אַלע טרויבען האָ־זיך געדריקט איינער צום אַנדערען, נישט געפונענדיג זיך קיין אָרט, האָט ער דאָס געוויעזען מאַריאַנען.

— אַלץ אָבשניידען? ס'איז שוין צייטיג?

— גיעב אַהער.

זייערע הענד האָבען זיך בעגעגענט. אָלענין האָט גענומען איהר האַנד און זי האָט, שמייכעלענדיג, געקוקט אויף איהם.

— וואָס, דו וועסט באַלד חתונה האָבען? — האָט ער געזאָגט.

זי האָט, נישט ענפערענדיג, זיך אָבגעקעהרט און אַ פּאָהר געטהון אויף איהם מיט איהרע שטרענגע בליקען.

— וואָס, דו האָסט ליעב לוקאַשקען?

— וואָס ס'אַרט דאָס דיר?

— עס נעהמט מיר אָן אַ קנאה.

— אַ קלייניגקייט!

— אין דער אמת'ן, דו ביסט אַזאַ שענהייט! און מיט אַ מאָל האָט איהם שטאַרק פערדראָסען, וואָס ער האָט דאָס גע־געזאָגט: אַזוי באַנאַל האָבען איהם געקלונגען די ווערטער, האָט איהם זיך געדאַכט. ער איז רויט געוואָרען מיט אַ מאָל, זיך פערלויָרען און זי גענומען פאַר ביידע הענד.

— וואָס איך זאָל נישט זיין, אָבער נישט פאַר דיר! צו וואָס אָבלאַכען! — האָט געענטפערט מאַריאַנע, נאָר איהר בליק האָט געזאָגט, ווי גוט זי האָט געוואוסט, אַז ער האָט נישט אָבגעלאַכט.

— וואָס הייסט אָבלאַכען! ווען דו וואָלסט געוואוסט, ווי איך...

די ווערטער האָבען נאָך געקלונגען באַנאַלער, נאָך ווע־ניגער איינגעשטימט דערמיט, וואָס ער האָט געפיהלט; נאָר ער האָט ווייטער גערעדט. — איך וויים נישט, וואָס איך בין גרייט צו טהון פאַר דיר.

— טשעפע זיך אָב, פעך!

נאָר איהר געזיכט, איהרע גלאַנציגע אויגען, איהר הויכע ברוסט, די שלאַנקע פיס האָבען גערעדט גאָר אַנ'אַנדער שפּראַך. איהם האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט פערשטאַנען, ווי ס'איז נע־ווען באַנאַל דאָס, וואָס ער האָט איהר געזאָגט, נאָר זי איז גע־שטאַנען העכער פון אַזוינע געדאַנקען; איהם האָט זיך געדאַכט, אַז זי האָט שוין לאַנג געוואוסט אַלץ, וואָס ער האָט געוואָלט און איהר נישט געקאָנט זאָגען, נאָר זי האָט געוואָלט הערען, ווי ער וועט איהר דאָס אַזוינס זאָגען. און ווי זאָל זי נישט וויסען, האָט ער געטראַכט, אַז ער האָט איהר געוואָלט זאָגען נאָר דאָס, וואָס זי איז אַליין געווען? נאָר זי האָט נישט געוואָלט פערשטע־הען, האָט נישט געוואָלט ענטפערן, האָט ער געטראַכט.

— אַ—או! — האָט זיך דערהערט מיט אַ מאָל נישט ווייט הינטער'ן וויינגאָרטען דאָס שטימעלע פון אוסטענקען און איהר דין געלעכטער. — קום, מיטרי אַנדרעאיטש, מיר צוהעלפען. איך בין איינע אַליין! — האָט זי געשריען אויפ'ן קול צו אָלעני־נען, אַרויסשטעקענדיג פון הינטער די בלעטער איהר רונד נאַ־איוו פּנים'על.

אָלענין האָט גאָרנישט געענטפערט און האָט זיך נישט גע־ריהרט פון אָרט.

מאַריאַנע האָט ווייטער געשניטען, נאָר פלעגט כסדר אַ קיק טהון אויפ'ן קוואַרטיראַנטען. ער האָט שוין אָנגעהויבען צו זאָגען עפּעס, נאָר האָט זיך באַלד אָבגעשטעלט און, אַרויפוואַר־פענדיג דעם ביקס, איז ער מיט גיכע טריט אַרויס פון גאָרטען.

## XXXII.

אַ פּאָר מאָל האָט ער זיך אָבגעשטעלט, זיך צוהערענדיג צום קלינגענדיגען געלעכטער פון מאַריאַנען און איסטענקע, וועל־כע, צונויפקומענדיג אין איינעם, האָבען עפּעס געשריען. דעם גאַנצען אָוענד איז אָלענין אָבגעווען אין וואַלד אויף געיעג. ער איז געקומען צוריק פאַרנאַכט, גאָרנישט דערשיעסענדיג. דורכ־

געהענדיג דעם הויף האָט ער בעמערקט אַנ'אָפּענע טהיר אין דער קאַלטער ווירטס שטוב און אַ שעמערירענדיג בלאָה העמד. ער האָט מיט אַ כיון הויך גערופען וואַניושען, צו געבען וויסען פון זיין קומען, און האָט זיך געזעצט אויפ'ן גאַניק אויפ'ן געוועהנטליכען אָרט. די בעלי הבתים זענען שוין געקומען פון די גערטנער; זיי זענען אַרוים פון דער קאַלטער שטוב, אַריין אין שטוב און האָבען איהם צו זיך נישט גערופען. מאַריאַנע איז צוויי מאָל אַרוים פון טהויער. איינמאָל אין האַלבען שיין האָט איהם זיך אויסגעדאַכט, אַז זי האָט אויף איהם זיך אַרומגעקוקט. ער האָט דורשטיג פערפאָלגט איטליכע בעוועגונג איהרע, נאָר ער האָט זיך נישט ענטשלאָסען צו-צוגעהען צו איהר. ווען זי איז פערשוואונדען אין שטוב איז ער אַראָב פון גאַניק און געניבען געהען איבער'ן הויף. נאָר מאַריאַנע איז שוין נישט אַרוים. די גאַנצע נאַכט האָט אָלענין פערבראַכט אויפ'ן הויף אָהן שלאָף, זי צוהאָרכענדיג זיך צו יעדעם גערוישׁ אין דער ווירט'ס שטוב. ער האָט געהערט, ווי זיי האָבען פון אָווענד גערעדט, ווי זיי האָבען געגעסען וועטשערע, ווי זיי האָבען געשלעפּט פערינעס און זיך צורעכט געמאַכט שלאָפען. געהערט, ווי מאַריאַנע האָט צולועב עפּעס זיך פאַר-נאַנדערגעלאַכט; געהערט דערנאָך ווי אַלץ איז שטיל געוואָרען. דער חאָרונזשע האָט זיך וועגען עפּעס צונויפגערעדט שטילערהייט מיט דער אַלטער, עמיצער האָט געאָטהעמט. ער איז אַריין צו זיך אין שטוב, וואַניושע, אָנגעטהוענערהייד, איז געשלאָפען. אָלענין האָט איהם מקנא געווען, און האָט ווידער גענומען געהען איבער'ן הויף, אַלץ וואַרטענדיג אויף עפּעס. נאָר קיינער איז נישט אַרויס, קיינער האָט זיך נישט געריהרט; מען האָט נאָר געהערט דאָס רעגעלמעסיגע אָטהמען פון דריי מענשען. ער האָט געקענט מאַריאַנעס אָטהעם, און האָט זיך אַלץ צוגעהאָרכט און ער האָט געהערט די קלעפּ פון זיין האַרצען. אין דער סטאַניצע איז אַלץ ענטשוויגען געוואָרען. אַ שפּעטע לבנה איז אויפגעגאַנ-גען און עס האָבען זיך דייטליכער אָנגעהויבען צו זעהען די בהמות, וואָס האָבען זיך געבלאָזען אויף די הויפען, זיך אַניעדערגעלעגט און ווידער אויפגעשטאַנען. אָלענין האָט מיט בייזקייט געפרעגט

זיך אַליין: „וואָס וויל איך?" און ער האָט זיך נישט געקענט אָברייסען פון זיין נאַכט. מיט אַ מאָל האָבען זיך קלאָר דער־הערט טריט און דאָס סקריפּען פון אַ דיעל אין ווירט'ס שטוב. ער האָט זיך אַוואָרף געטהון צו דער טהיר; נאָר ווייעדער האָט זיך גאָר נישט געהערט, חוץ דאָס רעגעלמעסיגע אָטהמען, און ווייע־דער האָט זיך אויפ'ן הויף מיט אַ שווערען זיפץ אומגעקעהרט די בואוואָליכע, אויפהויבענדיג זיך אויף די פאָדערשטע פיס, דער־נאָך אויף אַלע פיער, אַ פּאָר מאָל אַ פּאָך געגעבען מיט'ן עק און האָט מיט רעגעלמעסיגע שווערע טריט זיך געשלעפּט אויפ'ן טרו־קענעם לעהם פון הויף, און האָט זיך ווייעדער מיט אַ זיפץ אַניעדערגעלעגט אין דעם נעפּעל פון דעם לבנה־שיין... ער האָט זיך אַליין געפרעגט: „וואָס זאָל איך טהון?" און האָט זיך פעסט בעשלאָסען צו געהען שלאָפען; נאָר ווייעדער האָבען זיך דערהערט אַלערליי געראַוישען, און אין דער אייַנבילדונג איז אַרויפגעשוואומען דאָס בילד פון מאַריאַנקען, וואָס געהט ארויס אויף דרויסען אין דער נעפּעלדיגער לבנה־נאַכט, און ווידער האָט ער זיך געוואָרפען צו דער טהיר, און ווייעדער האָט ער געהערט טריט. פאַר טאָג שוין איז ער צו צום פענסטער, אַ קלאַפּ געטהון אין לאָדען, צוגעלאָפען צו דער טהיר, און עס האָט זיך טאַקע ווירקליך געהערט מאַריאַנקעס זיפץ און טריט. ער האָט אָנגענומען די קליאַמקע און האָט אָנגעקלאַפּט. באָרוועסע, פאָרזיכטיגע טריט, קוים סקריפּענדיג אויפ'ן דיעל, האָבען זיך גענעהערט צו דער טהיר. עס האָט זיך אַ ריהר געטהון די קליאַמקע, עס האָט אַ סקריפּ געטהון די טהיר, עס האָט אַ שמעק געגעבען מיט אַ מעלאָנען־גערוך, און אויף דער שוועל האָט זיך בעוויעזען מאַריאַנקעס גאַנצע פיגור. ער האָט זי נור געזעהען אַ רגע ביי דעם לבנה־שיין. זי האָט צוגעקלאַפּט די טהיר און, מורמעלענדיג עפּעס, איז זי אַוועקגעלאָפען צוריק מיט לייכטע טריט. אָלענין האָט אָנגעהויבען פאָרזיכטיג קלאַפּען: קיינער האָט זיך נישט אָבגערופען, ער איז אַריבערגעלאָפען צום פענסטער און האָט גענומען האָרכען. מיט אַ מאָל האָט איהם איבערגעשראָקען אַ שאַרפע פּישטשענדיגע מאַנסבילשע שטים.

— פיין! — האָט געזאָגט אַ נישט הייבער קאָזאַקעל אין אַ ווייסע פאַפּאַכע, נאָהענט צוגעהענדיג פון הויף צו אָלענינען. — כ'האָב געזעהען, פיין!

אָלענין האָט דערקענט נאַזאַרקען און האָט געשוויגען, נישט וויסענדיג וואָס צו טהון און וואָס צו זאָגען.

— פיין! אָט וועל איך געהען צום סטאַניטשנעם, איך וועל בעווייזען, און דעם פאָטער דערצעהלען. געזעהן, וואָס פאַר אַ חארונזשיכע! איינער איז איהר ווייניג.

— וואָס ווילסטו פון מיר, וואָס דאַרפסט דו? — האָט געזאָגט אָלענין.

— נאָרנישט, איך וועל נאָר דעם סטאַניטשנעם דערצעהלען. נאַזאָרקע האָט גערעדט זעהר הויך, ווי צו זעהען, מיט אַ כיון.

— געזעהען, וואָס פאַר בריה אַ יונקער!

אָלענין האָט געציטערט און איז בלייך געוואָרען.

— קום אַהער, אַהער!

ער האָט קרעפטיג איהם אָנגענומען ביי דער האַנד און האָט איהם אַוועק געפיהרט צו זיין שטוב.

— עס איז דאָך גאָר נישט געווען, זי האָט מיך נישט אַריינגעלאָזען, און איך האָב גאָר נישט... זי איז אַנ'עהרליכע.

— נו, געה געפין אַ טאָלק... — האָט געזאָגט נאַזאָרקע.

— איך וועל דיר אַזוי אויך עפעס געבען... וואַרט אַ ווייל'ע!

נאַזאָרקע איז ענטשוויגען געוואָרען. אָלענין איז אַריינגעלאָפען צו זיך אין שטוב און האָט אַרויסגעטראָגען דעם קאָזאַק צעהן רובעל.

— ס'איז דאָך גאָר נישט געווען. נאָר אַלץ איינס, איך בין אַליין שולדיג, גיעב איך דיר! נאָר, ווי נאָט איז דיר ליעב, קיינער זאָל דערפון נישט וויסען. עס איז דאָך גאָר נישט געווען....

— פערבלייבט גליקליך, — האָט לאַכענדיג געזאָגט נאַזאָרקע און איז אַוועק.

נאַזאָרקע איז געקומען די נאַכט אין סטאַניצע, לויט לוקאַש־קעס אָנזאָג, אָנצוגרייטען אַנ׳אָרט פאַר דאָס גע׳גנב׳טע פערד און, געהענדיג איבער דער נאַס אַהיים האָט ער דערהערט אַ קלאַנג פון טריט. ער איז דעם אַנדערן מאָרגען ווידער געוועזען אין דער קאָזאַצקע ראָטע און, זיך בעריהמענדיג, האָט ער דערצעהלט דעם קאַמעראַדען, ווי ער האָט חכמה׳דיג ארויסגע־נאַרט צעהן מאָנעטען. איין׳ן אַנדערן טאָג האָט זיך אָלענין געזעהען מיט די בעלי הבתים זיינע, און קיינער האָט פון גאָר נישט געוואוסט. מיט מאַריאַנען האָט ער נישט גערעדט, און זי פלעגט נאָר אונטערלאַכען. ווען זי פלעגט אויף איהם אַ קוק טאָן. די נאַכט האָט ער ווידער פערבראַכט אָהן שלאָף, בלאָנדזשענדיג אומזיסט איבער׳ן הויף. דער פאָלגענדען טאָג האָט ער מיט אַ כיון פערבראַכט אויף געיעג און פאַר נאַכט, פון זיך אַליין צו ענטלויפען, איז ער אַוועק צו בעלעצקין. ער האָט מורא געהאַט פאַר זיך אַליין און ער האָט זיך געגעבען אַ וואָרט נישט אַריין מעהר צום חאַרונזשען. די פאָלגענדע נאַכט האָט אָלענינען אויפגעוועקט דער פעלדפעבעל. די ראָטע איז באַלד אַרויס אויף אַנ׳אָנפאַל. אָלענין האָט זיך דערפרעהט מיט אַזאַ געלעגענהייט און ער האָט שוין גערעכענט נישט מעהר צוריק־צו־קומען אין דער סטאַניצע.

דער אָנפאַל האָט זיך געצויגען פיער טעג. דער קאָמאַנדיר האָט געוואָלט זעהען אָלענינען, מיט וועמען ער איז געוועזען אַ קרוב און האָט איהם אָנגעבאָטען בלייבען אין שטאַב. אָלענין האָט זיך אָבגעזאָגט: ער האָט נישט געקענט לעבען אָהן זיין סטאַניצע און ער האָט זיך געבעטען צוריק אַהיים. פאַר׳ן אָנפאַל האָט מען איהם בעהאָנגען מיט אַ סאָלדאַטסקען צלם, וואָס ער האָט פריהער אַזוי שטאַרק פערלאַנגט. איצט איז ער געווען — פאָלקאָמען גלייכגילטיג צו דעם דאָזיגען צלם און נאָך מעהר גלייכגילטיג דערצו, וואָס מען האָט איהם צוגעשטעלט אין רייסטער פון די אָפיציערען, וואָס איז דערווייל׳ע נאָך אַלץ נישט אַרויס. אָהן אַ שום נויטהיגקייט איז ער אַרויס מיט וואַניושען אויף דער ליניע אין האָט אַריבערגעיאָגט מיט עטליכע שעה־צייט די ראָטע.

אָלענין האָט דעם גאַנצען פאַר־נאַכט צוגעבראַכט אויפ'ן גאַניק, קוקענדיג אויף מאַריאַנען. די גאַנצע נאַכט איז ער ווייטער אָהן אַ געדאַנקען, אָהן אַ ציעל אַרום געגאַנגען איבער'ן הויף.

# XXXIII.

אויפ'ן אַנדערען מאָרגען האָט אָלענין זיך שפּעט אויפגע־חאַפּט. ער איז נישט געגאַנגען אויף געיעג, אַמאָל גענומען אַ ביך אין האַנד, אַמאָל אַרוים אויפ'ן גאַניק און ווידער אַריין אין שטוב און זיך געלעגט אויפ'ן בעט. וואַניושע האָט געמיינט, אַז ער איז קראַנק. פאַר נאַכט איז אָלענין ענטשלאָסענערהייט אויפגעשטאַנען, האָט גענומען שרייבען, און געשריבען ביז טיעף אין דער נאַכט. ער האָט אָנגעשריעבען אַ בריעף, נאָר ער האָט איהם נישט אָבגעשיקט, ווייל קיינער וואָלט נישט פערשטאַ־נען סוף כל סוף דאָס, וואָס ער האָט געוואָלט זאָגען, און ס'איז טאַקע קיינעם'ס עסק נישט דאָס צו פערשטעהען אויסער אָלענינען אליין. אָט וואָס ער האָט געשריעבען:

„מיר שרייבט מען פון רוסלאַנד מיטלייד־בריעף; מען האָט מורא, אַז איך וועל אונטערגעהען, זיך פערגראָבענדיג אין אַזאַ לאָך. מען זאָגט וועגען מיר: ער וועט ווערען פערגרעבט, ער וועט פון אַלץ אָבשטעהן, וועט אָנהויבען טרינ־קען און וועט נאָך צו אַל־דאָס־גוט חתונה האָבען מיט אַ קאָזאַצ־קע. נישט אומזיסט, זאָגט מען, אַז יערמאָלאָוו (אַ גרויסער רוסי־שער גענעראַל) האָט געזאָגט: ווער עס דיענט אָב צעהן יאָהר אין קאַווקאַז, ווערדט אַ פאַרטיגער שכור, אָדער ער האָט חתונה מיט אַנ'אויסגעלאַסען ווייב. ווי שרעקליך! אין דעראמת'ען, צו זאָל איך אונטערגעהען אין דער צייט, ווען איך האָב געקענט האָבען דאָס גרויסע גליק צו ווערען דער מאַן פון גרעפין ב., אַ קאַמערהער אָדער אַ מאַרשאַלעק. ווי איהר זייט מיר אַלע עקליג און רחמנות'דיג קליין! איהר ווייסט נישט, וואָס איז דאָס אַזוינס גליק און וואָס איז דאָס אַזיינס לעבען! מען דאַרף נאָר איינמאָל פיהלען דאָס לעבען אין זיין גאַנצער נאַטירליכער שענקייט. מען

דאַרף זעהען און בענעהמען דאָס, וואָס איך זעה איטליכען טאָג פאַר זיך: אייביגע שנעען און בערג, וואָס קיין מענש האָט אויף זיי נישט געטרעטען, אַ פּראַכטיג פּרויענצימער אין יענער עלעמענ־טאַרער שענקייט, אין וועלכער עס האָט געמוזט אַרויס דאָס ערשטע פרויענצימער פון שעפּערס האַנד, און דאַמאָלסט וועט קלאָר ווערען, ווער עס מאַכט פין זיך אַש, ווער עס לעבט מיט דעם אמת און ווער מיט דעם שקר: איך, אָדער איהר. ווען איהר וואָלט געוואוסט, ווי איהר זייט מיר אָבשטויסענד און רחמנות'דיג קליין מיט אייער זעלבסט־נאַרעריי! וויעבאַלד עס שטעלט זיך מיר פאָר אָנשטאָט מיין שטוב, מיין וואַלד און מיין ליעבע די זאַלען, די ווייבער מיט אָנגעפּאָמאַדעטע האָהר איבער די אַריינגעשטעקטע פרעמדע וואַליקעס, די ליפּעלעך, וואָס בעוועגען זיך מיט אַזאַ אוננאַטירליכקייט, די בעהאַלטענע און די אויסגעקרימטע שוואַכע גליעדער און דאָס קינדישע פלאַפּלען אין די זאַלען, וואָס מען רופט דאָס געשפּרעך און, וואָס האָט קיין רעכט נישט זיך אָנצורופען מיט דעם נאָמען, — ווערדט מיר עקליג נישט אַריבערצוטראָגען. עס שטעלען מיר זיך פאָר די טעמפּע פּנים'ער, די רייכע כלות מיט אַ מינע אין געזיכט וואָס זאָגט: „עס מאַכט נישט אויס. מען מעג, חאָטש איך בין אַ רייכע כלה"; דאָס צו־זעצען זיך צו עמעצען, און דאָס אַריבערזעצען זיך, דאָס חוצפּה'דיגע צונויף־פּאָרען פון פּאָרליך און די שטענ־דיגע רכילות־טרייבערייען, און די נעמאַכטע חנ'דעלעך; די רעגעלען — ווען די גאַנצע האַנד און ווען — אַ שאָקעל מיט'ן קאָפּ, מיט ווען — רעדען אין מיט ווען — נישט אין ענדליך די אייביגע לאַנגעווייל אין בלוט, וואָס געהט איבער בירושה פון דור צו דור (און אַלץ בעוואוסטזיניג, מיט דער איבערצייגונג, אַז דאָס אַלץ איז נויטהיג). פערשטעהט נאָר איינס, אָדער גלויבט נאָר אין איין זאַך. מען דאַרף זעהן און פערשטעהען און וואָס איז אַזוינס דער אמת און די שענהייט, און אין שטויב וועט צופליעהען אַלץ, וועגען וואָס איהר רעדט און טראַכט, אַלע אייערע ווינשענישען מכח גליק פאַר מיר און פאַר אייך. גליק — דאָס הייסט זיין מיט דער נאַטור, זעהען זי און

רעדען מיט איהר. „ער וועט נאָך, נאָט זאָל זיך מרחם זיין, חתונה האָבען מיט אַ פּראָסטער קאָזאַצקע און אין גאַנצען פער־פאַלען ווערען פאַר דער וועלט״, שטעל איך זיך פאָר, ווי מען רעדט וועגען מיר מיט רחמנות. און איך פערלאַנג נאָר איינס: אין גאַנצען פערפאַלען ווערען אין אייער זין, איך וויל חתונה האָבען מיט אַ פּראָסטער קאָזאַצקע און דערוועג זיך דאָס נישט צו טהון, ווייל דאָס וואָלט געווען דער שפּיץ פון מיין גליק, וואָס איך בין דאָס גאָר נישט ווערט.

„דריי מאָנאַט זענען אַריבער, זייט איך האָב געזעהן צום ערשטען מאָל די קאָזאַצקע מאַריאַנען. די בעגריפען און די פאָר־אורטהיילען פון יענער וועלט, פון וואַנען איך בין אַרויס, זענען נאָך געווען ביי מיר פריש. איך האָב דאַמאָלסט נישט געגלויבט, אַז איך קען ליעב בעקומען דאָס מיידעל. איך האָב זיך גע־קוויקט מיט איהר, ווי איך האָב זיך געקוויקט מיט די שענקייט פון די בערג, און האָט נישט געקענט זיך נישט קוויקען מיט איהר, ווייל זי איז אַזוי שען, ווי זיי. דערנאָך האָב איך דער־פיהלט, אַז דאָס קוויקען זיך מיט דער דאָזיגער שענקייט איז געוואָרען אַזוי נויטהיג מיר אין לעבען, אַז איך האָב זיך גע־פרעגט: צו בין איך אין זי נישט פערליעבט? נאָר איך האָב ביי זיך נישט געפונען, וואָס זאָל זיין עהנליך צו דעם, ווי איך האָב זיך פאָרגעשטעלט דאָס געפיהל. דאָס איז געווען אַ געפיהל, וואָס איז גאָר נישט עהנליך נישט אויף די בענקעניש פון אַנ׳איינ־זאַמען מיט דעם פערלאַנגען חתונה צו האָבען, נישט אויף דאָס פלאַטאָנישע געפיהל, נאָך וועניגער אויף די קערפּליבע ליעבע, וועלכע איך האָב שוין אויספּרובירט. איך האָב זי נאָר געדאַרפט זעהען, הערען, וויסען, אַז זי איז נאָהענט און איך בין געווען נישט אַזוי גליקליך, ווי רוהיג. נאָך דעם אָווענד, אויף וואָס איך בין געווען אינאיינעם מיט איהר און איך האָב זיך אָנגע־ריהרט אָן איהר, האָב איך באַלד דערפיהלט, אַז צווישען מיר און דער דאָזיגער פרוי עקסיסטירט אַ בונד, וואָס איז נישט צו־צורייסען, חאָטש פון קיינעם נישט אַנערקענט, אַקעגען וועלכען עס איז אונמעגליך צו שטרייטען. נאָר איך האָב נאָך געקעמפט

ביי זיך; איך האָב זיך געזאָגט: „שוין זשע קען מען ליעב האָבען אַ פּרויענצימער, וואָס וועט קיינמאָל נישט פערשטעהען די ניבּמהד־אינטערעסען פון מיין לעבען? שוין זשע קען מען ליעב האָבען אַ פרוי בלויז צוליעב איהר שענקייט, ליעב האָבען אַ פּרויענצי־מער־אַ סטאַטוע?" האָב איך זיך אַליין געפרעגט, און איך האָב זי שוין געליעבט, חאָטש איך האָב נישט געגלויבט מיין אייגע־נעם געפיהל.

„נאָך דעם אָוועגדעל, אויף וואָסערען איך האָב צום ערש־טען מאָל מיט איהר גערעדט, האָבען זיך געענדערט אונזערע בעציעהונגען. פריהער איז זי מיר געווען פרעמד, נאָר אַ פּראַכ־טיגע זאַך פון דער אויסערער נאַטור; נאָך דעם אָוועגד איז זי געוואָרען פאַר מיר אַ מענש. איך האָב זיך אָנגעהויבען מיט איהר צו בעגעגענען, רעדען מיט איהר, געהען אַמאָל אויף דער אַרבייט צו איהר פאָטער און גאַנצע אָווענדען פלעג איך אָבזיצען ביי זיי. ביי די דאָזיגע נאָהענטע בעציעהונגען איז זי געבליעבען אין מיינע אויגען די אייגענע ריינע צניעות'דיגע און פּראַכטיגע פרוי. זי פלעגט שטענדיג און אויף אַלץ ענטפערען מיט די אייגענע רוהיגקייט, שטאָלצקייט און פרעהליכע גלייכגילטיגקייט. מאַנכמאָל איז זי געווען פריינדליך, נאָר מעהרסטענטיילס האָט אויסגעדריקט יעדער בליק, איטליכס וואָרט, יעדע בעוועגונג איהרע גלייכגילטיגקייט, נישט קיין שטאָלצע, נאָר וואָס פלעגט דריקען אויפ'ן האַרצען און צוגלייך בעצויבערען. אַלע טאָג, מיט אַ געמאַכטען שמייכעל אויף די ליפען. פלעג איך זיך ווע לען צומאַכען צו עפּעס אַ טאָן און מיט האַרץ, געפּייניגט פון פער־לאַנגען און תאוה, פלעג איך פערפיהרען מיט איהר אַ געשפּרעך. זי האָט געזעהען אַז איך מאַך זיך נור, נאָר זי האָט געקוקט אויף מיר גלייך, מונטער און פּראָסט. מיר איז געוואָרען די לאַגע נישט־צו־דערטראָגען. איך האָב נישט געוואָלט זאָגען איהר ליגענס און געוואָלט איהר געבען צו וויסען אַלץ, וואָס איך טראַכט און פיהל. איך בין געווען נישט געוואהנטליך אויפגערעגט; דאָס איז געווען אין די גערטנער. איך האָב גענומען רעדען וועגען מיין ליעבע מיט אַזעלכע דבורים, אַז איך שעם זיך צו דערמאַהנען.

איך שעם זיך צו דערמאַהנען דערפאַר, ווייל איך האָב זיך נישט געדאַרפט דערוועגען צו רעדען אַזוינע ווערטער, ווייל זי איז נישט דער ערך העכער פאַר אַלע די ווערטער און פאַר דעם געפיהל, וואָס איך האָב געוואָלט אויסדריקען דורך זיי. איך בין ענטשוויעגען געוואָרען, און פון דעם טאָג אָן איז מיין לאַגע געוואָרען נישט־צו־דערהאַלטען. איך האָב נישט געוואָלט דערניעדעריגען זיך, בלייבענדיג ווייטער ביי די אַלטע לייכטע בעציעהונגען, און איך האָב געפיהלט, אַז איך בין נישט דערוואַכסען צו נאַטיר־ליכע פראָסטע בעציהונגען מיט איהר. איך האָב מיט פערצווייפ־לונג זיך געפרעגט: וואָס זאָל איך איצט טהון? אין קינדערש־נאַרישע חלומות האָב איך זיך זי פאָרגעשטעלט אַמאָל פאַר מיין געליעבטע, אַמאָל פאַר מיין ווייב און מיט עקעל האָב איך אָבגעשטויסען דעם ווי יענעם געדאַנקען. מאַכען פון איהר אַן'אויס־געלאַסען מיידעל, וואָלט געווען שרעקליך, דאָס וואָלט געווען, ווי מאַכען איהר אַ טוידט. מאַכען פון איהר אַ פריצ'טע, דאָס ווייב פון דמיטרי אַנדרעאיטש אָלענין, ווי איינע פון די היגע קאָזאַצקעס, מיט וועמען עס האָט חתונה געהאַט איינער אַן'אָפי־ציער ביי אונז, וואָלט נאָך ערגער געווען. אָט ווען איך וואָלט געקענט מאַכען פון זיך אַ קאָזאַק, אַ לוקאַשקע, גנב'ענען פערד, זיך אַנ'שכור'ען מיט טשיחיר, זיך צווינגען אויפ'ן קול מיט אַ ליעדעל, צו'הרג'ענען מענשען און שכור'ערהייט אַריינקריעכען צו איהר ביי נאַכט דורך'ן פענסטער, אָהן אַ שום געדאַנקען מכח דעם ווער איך בין און צו וואָס בין איך דאָ — דענמאָלסט איז גאָר אַנ'אַנדער זאַך: דענמאָלסט וואָלטען מיר זיך איינער דעם אַנדערען פערשטאַנען, דענמאָלסט וואָלט איך געקענט גליקליך זיין. איך האָב געפרובט לעבען אַזאַ לעבען אין איך האָב נאָך שטאַרקער געפיהלט מיין שוואַכקייט, מיין צובראָכענקייט. איך האָב נישט געקענט פערגעסען נישט זיך, נישט מיין פערפלאָנ־טערטע נישט האַרמאָנישע צו־קאַליעטשעטע פערגאַנגענהייט. און מיין צוקונפט שטעלט־זיך מיר פאָר נאָך האָפנונגסלאָזער. אַלע טאָג שטעהען פאַר מיר די ווייטע בעשנייעטע בערג און דאָס פראַכטיגע גליקליכע פרויענצימער. און נישט פאַר מיר איז דאָס

איינציגע מיגליכע גליק אויף דער וועלט, און נישט פאַר מיר איז דאָס פרויענצימער! דאָס שרעקליכסטע און זיסעסטע אין מיין לאַגע איז דאָס, וואָס איך פיהל, אַז איך פערשטעה זי, און זי וועט מיך קיינמאָל נישט פערשטעהען. זי וועט נישט פערשטעהען, נישט ווייל זי איז ניעדעריגער פאַר מיר, פערקעהרט, זי דאַרף מיך נישט פערשטעהען. זי איז גליקליך; זי איז ווי די נאַטור, איין מזג, רוהיג און אין=זיך אַליין. און איך אַ צודרעהט שוואַך בעשעפעניש וויל, אַז זי זאָל פערשטעהען מיינע הייקערס און מיין פיין. נעכט האָב איך נישט געשלאָפען און אָהן אַ ציעל פערבראַכט די צייט אונטער איהרע פענסטער און איך האָב זיך נישט אָבגעגעבען קיין רעכענונג, וואָס מיט מיר איז געווען. דעם 18־טען איז אונזערע ראָטע געגאַנגען מאַכען אַנ'אָנפאַל. דריי טעג האָב איך פערבראַכט אויסער דער סטאַניצע. מיר איז געווען אומעטיג און אַלץ איינס. די ליעדער, קאָרטען, די שכרות, די געשפּרעכען וועגען בעלויהנונגען אין פּאָלק זענען מיר געווען עקליגער, ווי אַלע מאָל. היינט האָב איך זיך אומ=געקעהרט אַהיים, זי דערזעהען, די שטוב, פעטער יעראָשקע, די שנעעבערג פון גאַניקעל, און אַזאַ נייע שטאַרק פרייד=געפיהל האָט מיך אַרומגענומען, אַז איך האָב אַלץ פערשטאַנען. איך ליעב דאָס דאָזיגע פרויענצימער מיט אַנ'אמת'ר ליעבע, צו ערש=טען און צו לעצטען מאָל אין מיין לעבען. איך ווייס, וואָס מיט מיר טהוט זיך. איך האָב קיין מורא זיך צו דערניעדעריגען דורך מיין געפיהל, איך שעם זיך נישט פאַר מיין ליעבע, איך שטאָל=ציער מיט איהר. איך בין נישט שולדיג, וואָס איך האָב זיך פערליעבט. דאָס איז געקומען קעגען מיין ווילען. איך פלעג זיך ראַטעווען פון מיין ליעבע=געפיהל מיט נעדאַנקען וועגען זעלבסט=אויפאָפּפערונג, איך האָב זיך אויסגעקלערט אַ שמחה, וואָס מאַר=יאַנקע און דער קאָזאַק לוקאַשקע האָבען זיך ליעב איינאַנדער, און איך האָב נאָר צורייצט מיינע ליעבע און איפערזוכט. זי איז נישט קיין הימלישע, די אַזוי אָנגערופענע הויכע ליעבע, וואָס איך האָב פריהער געשפּירט; דאָס איז אויך נישט אַזאַ מין געפיהל וואָס ציהעט דיך, בעת דו האָסט הנאה פון דיין אייגע=

נער ליעבע, פיהלסט אין זיך אַ קוואַל פון אַנ'אייגענעם געפיהל אין טהוסט אַלץ אַליין. איך פלעג דאָס אויך שפּירען. דאָס איז נאָך אַסך וועניגער. דאָס געפיהל וואָס וויל הנאה האָבען, דאָס איז עפּעס אַנדערש. עס קען זיין, אַז איך ליעב אין איהר די נאַטור, די פּערקערפּערונג פון אַלץ וואָס איז פראַכט אין דער נאַטור; נאָר איך האָב נישט קיין אייגענעם רצון, נאָר דורך מיך ליעבט זי עפּעס אַנ'עלעמענטאַרישע קראַפט, די גאַנצע גאָט'ס וועלט; די גאַנצע נאַטור שטופּט אַריין די ליעבע אין מיין האַרצען און זאָגט: האָב ליעב. איך ליעב זי נישט מיט'ן שכל, נישט מיט דער פאַנטאַזיע, נאָר מיט גאַנצען „איך". האָבענדיג זי ליעב, פיהל איך זיך ווי אַ שטיק, וואָס איז נישט אָבצוריסען פון דער גאַנצער גליקליכער גאָט'ס וועלט. איך האָב פריהער געשריעבען וועגען מיינע נייע איבערצייגונגען, וואָס איך האָב אַרויסבעקומען, צוליעב מיין איינזאַם לעבען; נאָר קיינער קען נישט וויסען, מיט וואָס פאַר אַ מיה זיי האָבען זיך אויסגעאַרבייט ביי מיר, מיט וואָס פאַר אַ שמחה איך האָב זיי דערקענט און דערזעהען אַ נייעם אָפענעם וועג אין לעבען. טייערער פון די איבערצייגונגען איז ביי מיר גאָר נישט געווען.... נו... איז געקומען די ליעבע, און זיי זענען שוין נישטאָ איצט און קיינער איז זיך נישט מצער וועגען דעם! איך קען זיך אפילו שווער פאָרשטעלען, אַז איך האָב געקענט אַזוי טהייער האַלטען אַזוינע איינזייטיגע, קאַלטע, שכל'דיגע שטימונגען. עס איז געקומען די שענקייט און האָט צו שטויב געמאַכט די גאַנצע לעבעדיגע אינעווייניגסטע שווערע אַרבייט. און מען איז זיך גאָר נישט מצער, וואָס אַלץ איז פערשוואונדען! זעלבסט-אויפאָפּפערונג — דאָס איז אַ ריינער שטות. דאָס איז נאָר אַ גאוה, אַנ'ערי מקלט פאַר אַ כשר פערדיענטע צרה, דאָס איז נאָר אַ ראַטונגעק פון קנאה צו אַ פרעמדס גליק. לעבען פאַר אַנדערע, טהון גוטס! צו וואָס? ווען אין מיין נשמה איז נאָר איין איינציגע ליעבע צו זיך און איין פערלאַנג — זי צו ליעבען און צו לעבען מיט איהר, איהר לעבען. נישט פאַר אַנדערען, נישט פאַר לוקאַשקען פערלאַנג איך איצט גליק. איך האָב זיי איצט נישט ליעב, די

אַנדערע. פריהער וואָלט איך געזאָגט, אַז דאָס איז נישט גוט. איך וואָלט זיך געפיינינט מיט פראַגען: וואָס וועט זיין מיט איהר, מיט מיר, מיט לוקאַשקען? איצט איז מיר אַלץ איינס. איך ליעב נישט אַזוי־זיך, נאָר עס איז פאַרהאַן עפּעס שטאַרקערעס פאַר מיר, וואָס פיהרט מיך פאַר'ן שטריקעל. איך קוועל זיך, נאָר פריהער בין איך געוועזן טוידט, נאָר איצט לעב איך. היינט געה איך צו זיי און וועל איהר אַלץ זאָגען".

# XXXIV.

נאָכדעם ווי ער האָט אָנגעשריעבען דעם בריעף, איז אָווענדס אָלענין אַוועק צו זיינע בעלי־הבתים. די אַלטע איז געזעסען אויף דער באַנק הינטער'ן אויווען און געאַרבייט ביי די זייד־ווערעמלעך. מאַריאַנע מיט ענטבלויסטע האָהר האָט גענעהט ביי אַ ליכט. דערזעהענדיג אָלענינען איז זי אויפגעשפרונגען, גענומען דאָס טיכעל און איז צו צום אויווען.

— וואָס איז, זיץ מיט אונז מאַריאַנושקע, — האָט געזאָגט די מוטער.

— ניין, איך בין אָהן אַ טיכעל, — און זי איז אַרויפגעשפרונגען אויפ'ן אויווען,

אָלענין האָט נאָר געזעהן איהר קניע און אַ שלאַנקע אַראָבגעלאָזענע פוס. ער האָט מכבד געווען די אַלטע מיט טהעע. די אַלטע האָט מכבד געווען דעם גאַסט מיט קאַימאַק, וואָס זי האָט מאַריאַנען אַוועק געשיקט ברייגנען. נאָר וויעבאַלד זי האָט אַוועק געשטעלט דעם טעלער אויפ'ן טיש, איז מאַריאַנקע וויעדער אַרויף אויפ'ן אויווען, און אָלענין האָט נאָר געפיהלט איהרע אויגען. זיי האָבען זיך צושמועסט וועגען ווירטשאַפט. די באָבע אוליטע איז זיך צעגאַנגען און אַרויסגעוויעזען איהרע גאַנצע גאַסטפריינדליכקייט. זי האָט געבראַכט אָלענינען געווייקטע טרויבען, אַ קיכעל מיט וויינטרויבען, דעם בעסטען וויין און האָט גענומען מכבד זיין אָלענינען מיט רער בעזונדערער, פּראָסטער, גראָבער און שטאָלצער גאַסטפריינדליכקייט, וועלכע מען געפינט נאָר ביי

מענשען, וואָס האָרעווען אויס זייער ברויט מיט פיזישע כחות, די אַלטע, וואָס האָט פריהער פערוואונדערט אָלענינען מיט איהר גראָבקייט האָט איהם אָפט נעריהרט מיט איהרער איינפאַכער צערטליכקייט אין דער בעציעהונג צו דער טאָכטער איהרע.

צו וואָס גאָט דערצאַרנען, פאָטערעל! מיר האָבען, גאָט צו דאַנק, אַלצעסדינג, און טשיחיר אָנגעשטעלט, נעזאַלצען, און מיר וועלען פערקויפען אַ דריי פעסער וויינטרויבען, און עס וועט נאָך בלייבען אויף טרינקען. דו הייל זיך נישט אַוועקצוגעהען, מיר וועלען נאָך הוליענען מיט דיר אויף דער התונה.

— און ווען איז די חתונה? — האָט געפרעגט אָלענין, פיהלענדיג ווי דאָס גאַנצע בלוט איז איהם אַריין אין פנים און דאָס האַרץ האָט אָנגעהויבען שווער און נישט רעגעלמעסיג צו קלאַפען.

הינטער'ן אויוועו האָט זיך עפּעס אַ ריהר געטהון. און עס האָט זיך דערהערט אַ קנאַקען פון סעמעטשקעס.

— וואָס איז דאָ צו רעדען, מען האָט נאָך געדאַרפט יענע וואָך אָבשפּיעלען. מיר זענען גרייט. — האָט געענפערט די אַלטע פּראָסט, רוהיג, אַזוי ווי אָלענין וואָלט גאָר נישט געווען קיינמאָל אויף דער וועלט. — איך האָב אַלץ פאַר מאַריאַנושקע אָנגעגרייט און אָבגעלעגט. מיר וועלען שוין גוט אויסגעבען אַ טאָכטער. נאָר עס איז עפּעס נישט אין אָרדנונג! אונזער לוקאַשקע האָט זיך שוין צו שטאַרק צוהוליעט. אין גאַנצען צוהוליעט! שטיפט! די טעג איז געקומען אַ קאָזאַק פון ראָטע, האָט ער פערצעהלט, אַז ער איז אַוועק אין די בערג.

— ער זאָל נאָר נישט אַריינפאַלען, — האָט געזאָגט אָלענין.

— איך זאָג אויך דאָס אייגענע: דו לוקאַשקע שטיף נישט. איז ער דאָך אַ יונגערמאַן, פערשטעהט זיך, מאַכט ער זיך קיראַזש. אָבער אויף אַלץ דאַרף דאָך זיין אַ צייט. ווי אָבגעריסען, צונע'גנב'עט, אַנ'אָברעקען דער'הר'געט, אַ לייט! ווי וואָלט ער זיך איצט רוהיג געלעבט. און דאָ האָט ער זיך איצט ווידער צוהוליעט.

— יאָ, איך האָב איהם אַ פּאָר מאָל געזעהן, ער הוליעט בסדר. נאָך אַ פערד פערקויפט, — האָט געזאָגט אָלענין און אַ קוק געטהון אויפ'ן אויוועץ.

— טאָ וואָס, ער טהוט קיינעם קיין שלעכטס נישט — האָט מיט אַמאָל געזאָגט מאַריאַנע, — הוליעט פאַר אייגענע געלד, — און אַראָבלאָזענדיג די פיס, איז זי אַראָפּגעשפּרונגען פון אויוועץ און איז אַרויס, אַ שטאַרקען קלאַפּ געבענדיג מיט דער טהיר.

אָלענין האָט איהר נאָכגעקוקט מיט די אויגען, כל זמן זי איז נאָך געווען אין שטוב; דערנאָך האָט ער געקוקט אויף דער טהיר, געוואַרט און האָט גאָר נישט בענומען פון אַלעם דעם, וואָס עס האָט גערעדט די באָבע אוליטע. אין עטליכע מינוט אַרום זענען געקומען געסט: דער אַלטער, דער ברודער פון אוליטען מיט פעטער יעראָשקען און באַלד נאָך זיי מאַריאַנע און אוסטענקע.

— גאָט העלף! — האָט געפּישצעט אוסטענקע. — די הוליעסט נאָך אַלץ? האָט אוסטענקע זיך געווענדעט צו אָלענינען.

— יאָ, איך הוליע — האָט ער געענטפערט, און ער האָט זיך פערשעמט פאַר עפּעס און ער האָט זיך געפיהלט שלעכט.

ער האָט געוואָלט אוועקגעהען און האָט נישט געקאָנט. שווייגען, האָט איהם אויך געדאַכט זיך פאַר אַנ'אונמעגליכע זאַך. דער אַלטער האָט איהם אַרויסגעהאָלפען; ער האָט פערלאַנגט אַ כוסה און זיי האָבען אויסגעטרונקען. דערנאָך האָט אָלענין געטרונקען מיט יעראָשקען. דערנאָך מיט נאָך עפּעס אַ קאָזאַק. דערנאָך ווידער מיט יעראָשקען. און וואָס מעהר אָלענין האָט געטרונקען, אַלץ שווערער איז איהם געוואָרען אויף'ן האַרצען. נאָר די אַלטע האָבען זיך צוהוליעט. די מיידלעך האָבען זיך ביידע געזעצט אויף'ן אויוועץ און האָבען זיך געשושקעט, קוקענדיג אויף זיי, און האָבען געטרונקען ביז ביי נאַכט. אָלענין האָט גאָר נישט גערעדט און געטרונקען מעהר פאַר אַלעמען. די קאָזאַקען האָבען עפּעס געשריען. די אַלטע האָט זיי אַרויסגעטריעבען און מעהר נישט געגעבען קיין טשיחיר. די מיידלעך האָבען אָבגעלאַכט פון פעטער יעראָשקע, און עס איז שוין געווען צעהן

אַ זיינער, ווען אַלע זענען אַרויס אויפ'ן גאַניק. די אַלטע לייט האָבען זיך אַליין אַרויסגערופען צו פערהוליענען די נאַכט ביי אַלע־נינען. אוסטענקע איז אַ וועק אַ היים. יעראָשקע האָט אַוועקגע־פיהרט דעם קאָזאַק צו וואַניושען. די אַלטע איז אַוועק אויפרוי־מען אין דער קאַלטער שטוב, מאַריאַנע איז געבליעבען אַליין אין שטוב. אָלענין האָט זיך געפיהלט פריש און לעבענדיג, ווי ער וואָלט זיך אָקאָרסט אויפגעחאַפּט. ער האָט אַלץ בעמערקט, און אַרויסלאָזענדיג פאָרויס די אַלטע לייט, האָט ער זיך אומגע־קעהרט אין שטוב; מאַריאַנע האָט זיך צורעכט געמאַכט צום שלאָפען. ער איז צו צו איהר, געוואָלט איהר עפּעס זאָגען, די שטימע האָט זיך ביי איהם אָבגעריסען. זי האָט זיך געזעצט אויף דאָס בעטגעוואַנד, אונטערגעצויגען די פיס אונטער זיך, האָט זיך אָבגערוקט פון איהם אין סאַמען ווינקעל און שטיל געקוקט אויף איהם מיט אַ דערשראָקענעם ווילדען בליק. אָלענין האָט דאָס געפיהלט. איהם האָט געפלאָגט דער געוויסען און עס האָט איהם אָנגענומען אַ רחמנות אויף זיך אַליין, און צוגלייך האָט ער דערפיהלט אַ שטאָלצע הנאה, וואָס ער דערוועקט אין איהר וועניגסטענס חאָטש אַזאַ געפיהל.

— מאַריאַנע, — האָט ער געזאָגט, — שוין זשע וועסטו אויף מיר נישט האָבען קיינמאָל קיין רחמנות? איך וויס שוין נישט, ווי איך ליעב דיך.

זי האָט זיך נאָך ווייטער אָבגערוקט.

— זעהסט, וואָס דער וויין קען אַרויסרעדען. דו וועסט נאָרנישט פועל'ען.

— ניין, נישט דער וויין. האָב נישט חתונה מיט לוקאַש־קען. איך וועל חתונה האָבען מיט דיר... „וואָס רעד איך דאָ אַזוינס?, האָט ער געטראַכט אין דער איינענער רגע, ווען ער האָט אַרויסגערעדט די ווערטער. — צו וועל איך זאָגען דאָס איינענע מאָרגען? איך וועל זאָגען, אודאי זאָגען און באַלד וועט דער איבערחזר'ן" האָט איהם געענטפערט אַנ'אינעווענינסטע־שטים.

— וועסט חתונה האָבען מיט מיר?

זי האָט ערנסט אַ קוק געטהון אויף איהם. און איהר פּחד איז, דוכט זיך, ווי אַוועק.

— מאַריאַנע, איך וועל משוגע ווערען! איך נעהער שוין צו זיך אַליין נישט. — און משוגע־צערטליכע ווערטער האָבען זיך געשאָטען, ווי פון זיך אַליין.

— נו, וואָס באַלבעסטו, — האָט זי איהם איבערגעריסען, מיט אַ מאָל איהם אָנחאַפּענדיג פאַר דער האַנד, וואָס ער האָט אויסגעשטרעקט צו איהר. נאָר זי האָט נישט אָבגעשטויסען די האַנד, נאָר שטאַרק זי געדריקט מיט איהרע שטאַרקע, האַרטע פינגער. — צו האָבען דען ווען פּריצים חתונה מיט קאָזאַצקע מיידלעך? געה!

— יאָ, וואו געהען? איך וואָלט אַלץ....

— און וואו וועלען מיר לוקאַשקען אַהינטהון? — האָט זי געזאָגט לאַכענדיג.

ער האָט אַרויסגעריסען די האַנד פון איהר, וועלכע זי האָט געהאַלטען און האָט שטאַרק אַרומגענומען איהר יונגען לייב. נאָר זי איז אויפגעשפּרונגען, ווי אַ הירש, אַרונטערגעשפּרונגען מיט באָרוועסע פיס און איז אַרויסגעלאָפען אויפ'ן גאַניק. אָלעגין האָט זיך אויסגעטשוכעט און האָט זיך פאַר זיך אַליין דערשראָקען. עס איז איהם געוואָרען עקליג פאַר זיך אַליין און פערגלייך מיט איהר. נאָר נישט האָבענדיג אַ רגע הרטה אויף דעם, וואָס ער האָט געזאָגט, איז ער אַוועק אַ היים און נישט אַ קוק געבענדיג אויף די אַלטע לייט. וואָס האָבען ביי איהם גע'שבור'ט, האָט ער זיך געלעגט און איז איינגעשלאָפען מיט אַזאַ שטאַרקען שלאָף, ווי ער האָט שוין אַ צייט נישט געשלאָפען.

## XXXV.

דער אַנדערער טאָג איז געווען אַ פייערטאָג. פאַר נאַכט איז דער גאַנצער עולם, גלאַנצענדיג אין זיינע אויסגעפּוצטע קליידער אויף דער אונטערגעהענדיגער זון, אַרוים אויפ'ן גאַס. די ווינקעלטערם האָבען געהאַט ווין מעהר ווי אַלע יאָהר. דער

עולם האָט זיך בעפרייט פון דער האָראָוואַניע. די קאָזאַקען האָבען זיך אין אַ מאָנאַט אַרום געקליעבען אין מאַרש אַריין, און אין סך הייזער האָט מען זיך געגרייט צו חתונות.

אויף'ן פלאַץ פאַר דעם סטאַניטשנען פערוואַלטונגס-הויז און נעבען צוויי קרעמלעך, איינס מיט לעקעכלעך און כעמעט-שקעס, דאָס אַנדערע — מיט טיכלעך און אַלערליי קאַטונען איז געשטאַנען דער עולם מעהר ווי אומעטום. אויף די טרעפּלעך פון הויז זענען געשטאַנען און געזעסען אַלטע לייט אין גראָהע און שוואַרצע שטאַטקאָווע זיפונעס אָהן גאַלונען און פּערפוצונגען. די אַלטע לייט האָבען רוהיג מיט אָבגעמאָסטענע שטימען גערעדט צווישען זיך וועגען גערעטהעניסשען און וועגען די יונגע בחורים, מכח כלל'שע ענינים און פון פערצייטיגע זאַכען, קוקענדיג אויפ'ן יונגען דור, גרויסענדיג זיך און גלייכגילטיג. ווייבער און מיידלעך, פערבייגעהענדיג פאַרביי זיי, פלעגען זיך אָבשטעלען און אַראָבלאָזען די קעפּ. די יונגע קאָזאַקען פלעגען מיט בושה לאַנג-זאַמער מאַכען די טריט און אַראָבנעהמענדיג די פּאַפּאַהע, פלעגען זיי אַ ווײַלע האַלטען פאַר'ן קאָפּ. די אַלטע פלעגען שטיל ווערען. זיי פלעגען לאַנגזאַם ענטפערען אויף'ן גרוס און פלעגען אַמאָל שטרענג, אַמאָל פריינדליך קוקען אויף די יונגע לייט.

די קאָזאַצקעס האָבען נאָך נישט אָנגעהויבען די קאַראָראָ-דען, און זיך צונויפזאַמלענדיג אין קופּקעס, אין העל-פאַרביגע בעשמעטען און אין ווייסע טיכלעך, וואָס האָבען פערבונדען דעם קאָפּ און די אויגען זענען זיי געזעסען אויף דר'ערד אָדער אויף די טרעפּלעך פון די שטיבער, אין שאָטען פון די קרומע שטראַהלען און האָבען הויך געפּלוידערט און געלאַכט. די יונגלעך און מיידלעך האָבען געשפּיעלט אין „לאַפּטעס", וואַר-פענדיג די פּילקע הויך אין בלאָהען הימעל, און מיט אַ געשריי און פּישצעריי פלעגען זיי לויפען איבער'ן פלאַץ. קליינע מיידלעך האָבען שוין אין אַנ'אַנדער ווינקעל פון פלאַץ געפיהרט קאַראָ-ראָדען און מיט דינע נישט זיכערע שטימען האָבען זיי געפּיש-צעט ליעדלעך. שרייבער, לגאָטנע און יונגע בחורים אין אויסגע-פוצטע ווייכע און נייע רויטע טשערקעסקעס, בענעהט מיט

גאַלונען, מיט יום־טוב׳דיגע פרעהליכע פּנים׳ער, זיך גנעהמענדיג פּאַר די הענד צו־צוויי צו־דריי, זענען געגאַנגען פון איין קופּקע וויבער און מיידלעך צו אַנ׳אַנדערער און זיך אָבשטעלענדיג, פלעגט מען זיך וויצלען און אַ שפּיעל טהון מיט די קאָזאַצקעס. אַ קרעמער אַנ׳אַרמיאַנין אין אַ בלאָהע טשערקעסקע פון פיינעם טוך מיט גאַלונען איז געשטאַנען ביי אַנ׳אָפּענער טהיר, פון וואַנען עס האָבען זיך געזעהען גאַנצע פּעקלעך צונויפגעלעגטע פאַרביגע טיכלעך, און מיט אַ גאוה פון אַנ׳אָריענטאַלישען קרעמער און מיט דעם בעוואוסטזיין פון דער אייגענער וויכטיגקייט האָט ער געוואַרט אויף קויפער. צוויי באָרוועסע טשעטשענצעס מיט רויטע בערד, וואָס זענען געקומען פון הינטער׳ן טערעק מיט הנאה אַ קוק צו טהון אויף׳ן יום־טוב, זענען געזעסען אויף די פּיסביי׳ן הויז פון זייערען אַ בעקאַנטען און רויכערעדיג מיט קליינינקע לולקעלעך און אַלע וויילע אויסשפּייעדיג, האָבען זיך איבערגעוואָרפען מיט האַסטיגע גאָרגעלענדיגע רעד, קוקענדיג אויף׳ן עולם. זעלטען־ווען פלעגט האַסטיג דורכגעהן איבער׳ן פּלאַץ צווישען דעם יום־טובדיגען עולם אַ וואָכענדיגער סאָלדאַט אין אַנ׳אַלטען שינעל. ערטער־וויז האָבען זיך שוין געהערט די שכור׳ע לידער פון צוהוליעטע קאָזאַקען. אַלע שטיבער זענען געווען צוגעמאַכט, די גאַניקלעך פון פאַרנאַכט אָן — אויסגעוואַשען. אַפילו די אַלטע וויבער זענען געווען אויף׳ן גאַס. אויף די טרוקענע גאַסען אומעטום אין שטויב האָט זיך געוואַלגערט דער שאָלעכץ פון די קאַוואונעס־און מעלאָנען־סעמעטשקעס. די לופט איז געווען וואַרעם און שטיל, דער קלאָרער הימעל בלאָה און דורכזיכטיג. דער מאַט־ווייסער קאַרק פון די בערג, וואָס האָט זיך געזעהען איבער די דעכער, האָט זיך אויסגעדאַכט אַזוי נאָהענט און די שט־אַהלען פון דער פערגעהענדיגער זון האָט בעקומען אַ ראָזע פאַרב. זעלטען־ווען עס פלעגט זיך דערטראָגען אַ וויטער דונער פון אַ האַרמאַט פון יענער זייט טייך. נאָר איבער דער סטאַניצע האָבען זיך געטראָגען פערשיעדענע פרעהליכע יו״ט׳דיגע שטי־מען, וואָס האָבען זיך אינאיינעם צוזאַמענגעגאָסען.

אָלענין איז דעם גאַנצען מאָרגען געגאַנגען איבער׳ן הויף,

מיינענדיג צוטרעפען מאַריאַנען, נאָר זי דערנאָך ווי זי האָט זיך אָבגעפּאַרטיגט איז אַוועק אין צערקווע, דערנאָך איז זי געזעסען אַמאָל אויף די טרעפּלעך מיט מיידלעך, קנאַקענדיג סעמעטשקעס, אַמאָל פלעגט זי אַריינלויפען מיט חבר'טעס אַ היים און פלעגט דערביי מונטער אין פריינדליך קוקען אויף'ן קוואַרטיראַנטען. אָלענין האָט פחד געהאַט זי אָבצושטעלען מיט לייכטע רעד, און נאָך פאַר אַנדערע אין די אויגען. ער האָט געוואָלט ענדיגען די נעכטיגע רעד און בעקומען פון איהר אַנ'ענדגילטיגען ענטפער. ער האָט ווידער געוואַרט אויף אַזאַ מינוט, ווי נעכטען ביי נאַכט, נאָר אַזאַ מינוט איז נישט געקומען און בלייבען אין אַזאַ אינבעשטימטער לאַגע האָט ער מעהר קיין קרעפטען נישט געהאַט. איז ווידער אַרויס אויפ'ן גאַס, און וואַרטענדיג אַ ווײַלע, אַליין נישט וויסענדיג וואו אַהין, איז ער איהר נאָכגעגאַנגען. ער האָט אויסגעמידען דעם עק־ווינקעל, וואו זי איז געזעסען, שיינענדיג מיט איהר אַטלעסענעם בעשמעט און מיט אַ וועהטאָג אין האַרצען האָט ער דערהערט הינטער זיך דעם מיידעלשען געלעכטער.

בעלעצקים שטוב איז געשטאַנען ביים פּלאַץ. אָלענין, פּער־ביינעהענדיג פאַרביי איהם, האָט דערהערט בעלעצקים קול: „קומט אַריין", און ער איז אַריין.

רעדענדיג אַווײַלע, האָבען זיך ביידע געזעצט ביים פענס־טער. באַלד איז צו צו זיי יעראָשקע אין אַ נייעם בעשמעט און האָט זיך צוגעזעצט צו זיי אויף דער פּאָדלאָגע.

— אָט דאָס איז אַנ'אַריסטאָקראַטישע קופּקע, — האָט געזאָגט מיט אַשמייכעל בעלעצקי, ווייזענדיג מיט'ן פּאַפּיראָס אויף די אויסגעפּוצטע גרופּע, וואָס איז געזעסען ביים עק־ווינקעל. — אין מיינע איז אויך דאָרט, איהר זעהט, אין רויטען. דאָס איז אַ נייע קלייד. פאַרוואָס הויבען זיך נישט אָן די קאַראָראָדען? — האָט אויסגעשריען בעלעצקי, אַרויסקוקענדיג דורך'ן פענסטער. — אָט וואַרט אַ ווײַלע, ווי עס וועט נאָר טונקעל ווערען, וועלען מיר אייך אַרויס. נאָכדעם וועלען מיר זיי רופען צו איסטעגקען; מען דאַרף זיי אַ באַל מאַכען!

— און איך וועל אויך קומען צו אוסטענקען, — האָט פּעסט ענטשלאָסען געזאָגט אָלענין. — מאַריאַנע וועט זיין?

— וועט זיין, קומט צו געהען! — האָט געזאָגט בעלעצקי, זיך גאָר נישט וואונדערענדיג. — און עס איז דאָך טאַקע זעהר שען, — האָט ער ווייטער געזאָגט, אָנווייזענדיג אויף דעם אויסגע־פּוצטען עולם.

— יאָ, זעהר, — האָט מודה געווען אָלענין, ווע׳ענדיג זיך מאַכען קאַלטבלוטיג, — אויף אַזוינע פּייערטאָגען, — האָט ער ווייטער געזאָגט, — וואונדערט מיך שטענדיג, פאַרוואָס אַזוי גלאַט זיך, ווייל ס׳איז היינט, למשל, דער 15־טער, ווערען מיט אַ מאָל אַלע מענשען צופריעדענע און פרעהליכע? אויף אַלץ ליעגט אויסגעגאָסען דער יום־טוב. אין די אויגען, די פּנים׳ער, אין די שטימען, אין די קליידער, און די לופט, און די זון — אויף אַלץ איז אַ יום־טוב. און מיר האָבען שוין נישט קיין יום־טובים.

— יאָ, — האָט געזאָגט בעלעצקי, וואָס האָט נישט ליעב געהאַט אַזעלכע חקירות, — און דו אַלטער, פאַרוואָס טרינקסטו נישט? — האָט ער זיך געווענדט צו יעראָשקען.

יעראָשקע האָט אָלענינען אַ פינטעל געטהון מיט׳ן אויג אויף בעלעצקין:

— וואָס איז ער אַזאַ בעל־גאוה, דיין קונאַק דיינער! בעלעצקי האָט אויפגעהויבען דאָס גלאָז.

— אַ ל ל אַ ב י ר ד י, — האָט ער געזאָגט און אויסגע־טרונקען. (אַ ל ל אַ ב י ר ד י, הייסט: גאָט האָט געגעבען; דאָס איז דער „לחיים", וואָס קאַווקאַזער זאָגען, ווען זיי טרינקען צוזאַמען).

— ס אַ ו ב ו ל (זייט געזונד), — האָט געזאָגט יעראָשקע שמייכעלענדיג, און האָט אויסגעטרונקען זיין גלאָז.

— דו זאָגסט: אַ יום־טוב! — האָט ער געזאָגט צו אָלע־נינען, זיך אויפהויבענדיג און קוקענדיג אין פענסטער.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ יום־טוב. דו וואָלסט געזעהען ווי מען האָט פערצייטען געהוליעט! די ווייבער פלעגען אַמאָל אַרויסגעהען אָנגעטהון אין סאַראַפאַנעס, מיט גאַלונען בענעהט.

די גאַנצע ברוסט הענגט מען אָן מיט גאָלדענע מטבעות אין צוויי שורות. אויף'ן קאָפּ האָט מען געטראָגען גאָלדענע קאַקאָש־ניקעם (אַ נאַציאָנאַלער קאָפּפּוץ). טהוט זי נאָר אַ געה, הערט זיך שוין פר! פר! עס ווערט אַ געראויש. איטליבעס ווייב איז געווען ווי אַ פירסטין. פלעגען אַ מאָל אַרויס — אַ גאַנצע מחנה; הייבט מען אָן ליעדלעך צו שפּיעלען, — פערקלינגגט דאָס די אויערען; די גאַנצע נאַכט ווערדט געהוליעט. און די קאָזאַקען קייקלען אַרויס פעסער אויפ'ן הויף, זעצען זיך אַ ניעדער, און טרינקען די גאַנצע נאַכט ביז טאָג. אָדער מען נעהמט זיך אָן אַ מאָל פּאַר די הענד און געהט איבער דער סטאַניצע ווי אַנ'אייזערנע וואַנד. טרעפט מען עמעצען, חאַפּט מען איהם אַריין אין דער קאָמפּאַניע. און מען געהט פון איינעם צום אַנדערען. אַנ'אַנדערש מאָל הוליעט מען דריי טעג נאָכאַנאַנד. עס טרעפט אַמאָל דער פאָטע־רעל קומט, — איך געדענק נאָך, — אַ רוויטער אין גאַנצען געשיואָלען, אָהן אַ היטעל, אַלץ פערלוירען אין די טעג, קומט און לעגט זיך שלאָפען, די מאַמעלע פלעגט שוין וויסען: פלעגט איהם ברייגגען פרישע פיש־אייערלעך און טשיהיר, ער זאָל זיך אויס־ניכטערען, און אַליין לויפט זי אין דער סטאַניצע זובען זיין היטעל, און אָט אַזיי פלעגט ער אָבשלאָפען צוויי מעת־לעת! אָט וואָס פאַר אַ מענשען עס זענען געווען אַמאָל! און היינט וואָס!

— נו, אין די מיידלעך אין די סאַראַפאַנעס? האָבען פאַר זיך געהוליעט? — האָט געפרעגט בעלעצקי.

— יאָ פאַר זיך! פלעגען קומען אַמאָל די קאָזאַקען, אָדער פלעגען קומען אויף פערד און זאָגען: קומט מאַכען קאַראַראָדען, און פלעגען אַוועק, און די מיידלעך פלעגען נעהמען אַ פלאָקען מיט זיך. אויף דעם בלינצעס־יום־טוב צווישעט זיך אַמאָל אַ קאָ־זאַק אַ יונג מיט ביינער, און זיי שלאָגען, שלאָגען דאָס פערד, שלאָגען איהם. רייסט ער דורך די וואַנד, חאַפּט אָן די, וואָס ער האָט ליעב און פיהרט אַוועק. אָי, ווי ער וויל האָלד האָבען די מאַמעלע, די דושענקע! און מיידלעך זענען טאַקע דאָס געווען בת־מלכה'ס!

# XXXVI.

דערוויילע זענען אַרויסגעפאָהרען אויפ'ן פלאַץ פון דער זייטיגער גאַס צוויי רייטער. איינער איז געוועזן נאַזאַרקע, דער אַנדערער — לוקאַשקע. לוקאַשקע איז געזעסען אָן אַ זייט אויף זיין זאַטען ברוינעם קאַבאַרדינער, וואָס איז לייכט געטרעטען אויפ'ן האַרטען וועג און וואָס האָט געמאַכט אַלע וויילע מיט'ן שענעם קאָפּ און מיט דעם גלאַנציגען, פיינעם העלזועל. דער ביקס אין טשיך, דער פיסטאָלעט הינטער'ן רוקען און די צוזאַמענגעוויקעלטע בורקע הינטער'ן זאָטעל האָבען געוויעזען, אַז לוקאַשקע איז געפאָהרען נישט פון אַ פריעדלעך און נאָהענטען אָרט. אין זיין פראַנמעוועטישען זיצען אָן אַ זייט, אין דעם ווי ער האָט כלומר'שט גלייכגילטיג בעוועגט מיט דער האַנד, וואָס האָט קוים צו הערען, אונטער געשמיסען אונטערען בויך פון פערד און בעזונדערס אין די גלאַנציגע, שוואַרצע אויגען, וואָס האָבען, שטאָלץ צוזאַמענגעקנייטשט, זיך אַרומגעקוקט אַרום — האָט זיך אויסגעדריקט דאָס בעוואוסטזיין פון אַ קראַפט און די בעזעסענקייט פון אַ יוגענד. איהר האָט געזעהען אַזאַ יונג מיט ביינער? האָבען געשיינט צו פרעגען זיינע אויגען, קוקענדיג אויף אַלע זייטען. דאָס סטאַטנע פערד מיט דעם זילבערנעם צוימעלגעצייג און די וואַפען און דער שענער קאָזאַק אַליין האָבען צוגעצויגען צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון גאַנצען עולם, וואָס איז געווען אויפ'ן פלאַץ. נאַזאַרקע אַ מאָגערער און אַ קליינגעוויכסינער, איז געווען אָנגעטהון אַ סך ערגער פאַר לוקאַשקען. פערבייפאָהרענדיג פערביי די אַלטע לייט, האָט זיך לוקאַשקע אָבגעשטעלט און האָט אויפגעהויבען די ווייסע פאַפאַחע פון דעם קורץ־געשוירענעם שוואַרצען קאָפּ.

— וואָס, האָסט אַ סך פערד פון די נאַגאַיער בערג אַוועקגעטריבען? — האָט געזאָגט אַ דאַרער אַלטעטשקער מיט אַ ברוגז'דיגען פינסטערען בליק.

— דו האָסט מן הסתם געצעהלט, זיידע, ווען דו

פרענסט, — האָט געענטפערט לוקאַשקע, זיך אָבקעהרענדיג פון איהם.

— דערפאַר פיהרסטו טאַקע דעם בחור אומזיסט מיט, — האָט נאָך מיט אַ פינסטערער מינע געזאָגט דער אַלטער.

— זעהסט, דער שד וויים אַלץ, — האָט פאַר זיך נערעדט לוקאַשקע, און זיין פנים האָט בעקומען אַ פערזאָרגטע מינע; נאָר א קוק געבענדיג אויפ'ן עק גאַס, וואו עס זענען געשטאַנען אַ סך קאָזאַצקעס, האָט ער אַ קעהר געטהון צו זיי דעם פערד.

— גאָט העלף, מיידלעך! — האָט ער אַ געשריי געגעבען מיט אַ שטאַרקען זיננענדיגען קול, אָבשטעלענדיג מיט אַ מאָל דעם פערד — איהר זייט אַלט געוואָרען אָהן מיר, מכשפות! — און ער האָט זיך צולאַכט.

— אַ גוטען טאָג, לוקאַשקע! אַ גוטען טאָג, ברודער! — האָבען זיך דערהערט פרעהליכע שטימען. — אַ סך געלד גע-בראַכט? קייף דאָך די מיידלעך גוטע זאַכען! אויף לאַנג געקומען? אַזוי אויך שוין אַ צייט נישט געווען.

— מיט נאַזאַרקען געקומען צו פליהען אַ נעכטעל דורכ-צוהוליען, — האָט געענטפערט לוקאַשקע, פערפאָכענדיג זיך מיט'ן בייטש אויפ'ן פערד און אַרויפפאָהרענדיג אויף די מיידלעך.

— אַז נישט, האָט דיך שוין מאַריאַנקע אין גאַנצען פערגעסען אָן דיר, — האָט מיט אַ דין קול'בעל געזאָגט אוסטענ-קע, געבענדיג מיט'ן אוילענבויגען אַ שטויס מאַריאַנען און זיך צוגיעסענדיג אין אַ דין געלעכטערעל.

מאַריאַנע האָט זיך אָבגערוקט פון פערד און, פערוואָרפענ-דיג דעם קאָפּ אויף הינטען, האָט זי מיט פינקעלדיגע, גרויסע אויגען רוהיג אַ קוק געטהון אויפ'ן קאָזאַק.

— שוין אַזוי אויך נישט געווען אַ צייט! וואָס טרעטסטו זיך מיט'ן פערד? — האָט זי האַרט געזאָגט, און האָט זיך אָבגעקעהרט.

ל־קאַשקע האָט געשיינט צו זיין בעזונדער פרעהליך. זיין פנים האָט געשיינט פון חוואַטסקייט און שמחה. מאַריאַנעס

קאַלטער ענטפּער האָט איהם, ווי עס איז געווען צו זעהן, שטאַרק פערוואונדערט. ער האָט מיט אַ מאָל ברוגז צוזאַמענגע־צויגען די ברעמען.

— שטעל די פיס אין זאָטעל ריעמען, איך וועל דיך, מאַמעלע, אין די בערג אַוועקפיהרען! — האָט ער מיט אַ מאָל אַ געשריי געגעבען, אַקוראַט ווי ער וואָלט פערטריעבען בייזע געדאַנקען און, מאַכענדיג קינצען מיט פערד צווישען די מיידלעך. ער האָט זיך אַיינגעבייגען צו מאַריאַנען. — איך וועל אַ קוש טהון, אַזאַ קוש, דאָס נו!

מאַריאַנע האָט זיך בעגעגענט מיט איהם מיט די אויגען און איז מיט אַ מאָל רויט געוואָרען. זי האָט זיך אָבגערוקט.

— געה שוין, נעה! דו וועסט נאָך אַריבערפאָהרען, — האָט זי געזאָגט און, אַראָבלאָזענדיג דעם קאָפּ, האָט זי אַ קוק געטהון אויף איהרע שלאַנקע פיס, בעדעקט מיט בלאָהע שטרימף מיט פיילען, אין רויטע נייע פאַנטאָפעל, בענעהט מיט אַ שמאָ־לען זילבערנעם גאַלון.

לוקאַשקע האָט זיך צוגעקעהרט צו אוסטענקען, און מאַר־יאַנע האָט זיך געזעצט נעבען דער קאָזאַצקע, וואָס האָט גע־האַלטען אַ קינד אויף דער האַנד. דאָס האָט זיך אַ ציעה געטהון צו דעם מיידעל און מיט אַ פולינקע הענדטעלע האָט זיך דאָס אָנגעכאַפּט אָן אַ פאָדעם, וואָס זענען געהאַנגען אויף איהר בעש־מעט. מאַריאַנע האָט זיך צוגעבויגט צו איהם און האָט פון דער זייט אַ קוק געטהון אויף לוקאַשקען. לוקאַשקע האָט דערווייל אַרויסגענומען פון אונטער דער טשערקעסקע, פון קעשענע אין שוואַרצן בעשמעט, אַ זעקעלע מיט לעקעכלעך און סעמעטשקעס.

— פאַר אַלעמען מנדר, — האָט ער געזאָגט, איבערגע־בענדיג דאָס זעקעלע איסטענקען, און האָט מיט אַ שמייכעל אַ קוק געטהון אויף מאַריאַנען.

ווידער איז דאָס מיידעל אַביסעל צומישט געוואָרען. די שענע אויגען האָבען זיך בעצויגען, ווי מיט אַ נעפּעל. זי האָט אַרונטערגעלאָזען דאָס טיכעל ביז אונטער די ליפּען און מיט אַ מאָל, צופּאַלענדיג מיט'ן קאָפּ צו ווייסען פּניםעל פון קינד,

וואָס האָט איהר געהאַלטען פאַר'ן פאָדעם, האָט זי אָנגעהויבען איהם דורשטיג צו קושען. דאָס קינד האָט זיך אײַנגעשפּאַרט מיט די הענדטעלעך אין די הויכע ברוסט פונים מיידעל און האָט זיך צושריען, ענפלעקענדיג אַ מיילכעל אָהן ציינער.

— וואָס שטיקסטו דאָס קינד? — האָט געזאָגט די מאַמע פון קינד, איהם צונעהמענדיג פון איהר און עפענענדיג דעם בעשמעט, איהם די ברוסט צוגעבען, — בעסער וואָלסטו זיך מיט'ן בחור צושמאָקצעט.

— כ'וועל נאָר דעם פערד אָבפאַרטיגען, קום איך מיט נאַזאַרקען, די גאַנצע נאַכט וועלען מיר הוליענען, — האָט געזאָגט לוקאַשקע, אַ שמיץ געבענדיג דעם פערד מיט'ן בייטש, און איז אוועק געריטען פון די מיידלעך.

— קום וואָס גיכער! — האָט אַ געשריי געטהון לוקאַשקע צום קאַמעראַדען, אַראָבקריכענדיג ביי'ן דערבייאיגען הויף און האָט אַריינגעפיהרט פאָרזיכטיג דעם פערד דורך'ן געפלאָכטענעם טהויער פון זיין הויף. — אַ גוטען טאָג, סטעפּקע! — האָט ער זיך געווענדעט, צו דער טויב-שטומער, וועלכע איז אויך אַ יום-טוב'דיג-אויסגעפוצטע געקומען פון גאַס צו-צונעהמען דעם פערד, און ער האָט איהר געוויעזען מיט צייכענס, אַז זי זאָל אַריינשטעלען דעם פערד אין פאָרהויז און זי זאָל איהם נישט אָבזאָטלען.

די שטומע האָט זיך צוברומט, אַ טשמאָקע געגעבען, וויזענדיג אויף'ן פערד און האָט עס אַ קוש געטהון אין נאָז. דאָס האָט געהייסען, אַז זי האָט ליעב דאָס פערד און אַז עס איז אַ גוט פערד.

— אַ גוטען טאָג מוטערל! וואָס, ביסט נאָך גאָר נישט אַרויס אויפ'ן גאַס? — האָט זיך צושריען לוקאַשקע, צו האַלטענדיג דעם ביקס און זיך אויפהויבענדיג אויפ'ן גאַניק.

די אַלטע מאַמע האָט איהם אויפגעעפענט די טהיר.

— אָט האָב איך זיך דאָס נישט געריכט, — האָט געזאָגט די אַלטע, — און קירקע האָט געזאָגט, אַז דו וועסט נישט קומען.

— געה, מאַמע, ברײנג טשיחיר. צו מיר װעט קומען נאַזאַרקע, מיר װעלען אַ יום־טוב מאַכען.

— באַלד, לוקאַשקע, באַלד, — האָט געענטפערט די אַל־טע. — אונזערע װײבער שפּאַציערען איצט. איך מײן, אַז די שטומע איז אויך אַװעק.

און נעהמענדיג די שליסלען, איז זי אַװעק אין די קאַלטע שטוב.

נאַזאַרקע, נאָכדעם, װי ער האָט זיך אָבגעפּאַרטיגט מיט זײן פערד און אַרונטערגענומען דעם ביקס, איז אַרײן צו לוקאַשקען.

# XXXVII.

— אויף דײן געזונד, — האָט געזאָגט לוקאַשקע, נאָך דעם, װי ער האָט צוגענומען פון דער מאַמען אַפּולען בעכער טשיחיר און האָט פאָרזיכטיג צוגעטראָגען צום אײנגעבויגענעם קאָפּ.

— געזעהען אַ מעשה — האָט געזאָגט נאַזאַרקע, — ס'געהערט װאָס דער זײדע בורלאַק האָט געזאָגט: „אַסך פערד גע'גנב'עט?" װײס, מן הסתם.

— אַ מכשף! — האָט קורץ געענפערט לוקאַשקע, — מילא װאָס? — האָט ער װײטער געזאָגט, אַ טרײסעל געבענדיג מיט'ן קאָפּ. — זײ זענען שוין הינטער'ן טײך. זוך.

— פאָרט עפּעס נישט גלאַט.

— װאָס עפּעס נישט גלאַט! טראָג איהם אַװעק מאָרגען טשיחיר. אָט אַזוי דאַרף מען טהון, און עס װעט גאָרנישט זײן. איצט לאָמיר הוליענען. טרינק! — האָט לוקאַשקע אַ געשריי געטהון מיט דער אײנענער שטים, װי יעראָשקע פלעגט דאָס מאַכען. — מיר װעלען געהען אַ הוליע טהון אויף'ן גאַס, צו די מײדלעך. דו געה און ברענג האָניג, אָדער כ'װעל די שטומע שיקען. ביז טאָג װעלען מיר הוליענען.

נאַזאַרקע האָט געשמײכעלט.

— וואָס, מיר ווילען דאָ לאַנג בלייבען? — האָט ער געזאָגט.

— לאָז הוליענען! לויף נאָך בראַנפען! נאַ־דיר געלד!

נאַזאַרקע האָט געפאָלגט און איז אַוועק צו יאַמקען.

פעטער יעראָשקע און יערגושאָוו, ווי רוב־פויגלען, וואָס האָבען דערפיהלט, וואו מען הוליעט, ביידע שכור, האָבען זיך אַריינגעקייקעלט אין שטוב.

— גיעב נאָך אַ האַלבען עמער! — האָט אַ געשריי געטהון לוקאַשקע צו דער מאַמען, אַנשטאַט אַן׳ענטפער אויף זייער שכור'ן „שלום עליכם".

— נו, דערצעהל, טייוועל, וואו האָסטו גע׳גנב׳עט? — האָט זיך צושריען פעטער יעראָשקע. — אַ יונג מיט ביינער! כ'האָב דאָס ליעב!

— אָט אַזוי האָסטו ס'ליעב. — האָט געענטפערט, לאַכענדיג, לוקאַשקע. — די מיידלעך ברענגסטו לעקעכלעך פון די יונקערס. עך, אַלטער!

— נישט אמת, און טאַקע נישט אמת! עך, מאַרקאַ! (דער אַלטער האָט זיך צולאַכט). אַי, ווי ער האָט זיך דאָס געבעטען, דער שד יענער. געה, זאָגט ער, רעד איהר איין. אַ פלינט געוואָלט געבען. ניין, גאָט מיט איהם! איך וואָלט אָבגעטהון דעם עסק, נאָר איך האָב רחמנות מיט דיר. נו, דערצעהל, וואו ביסטו געוועזן. — און דער אַלטער האָט אָנגע־הויבען רעדען אויף טאָטעריש.

לוקאַשקע האָט איהם לעבענדיג געענטפערט.

יערגושאָוו, וואָס האָט קנאַפּ געקענט דער טאָטערישען לשון, פלעגט זעלטען־ווען אַריין אין געשפּרעך מיט אַ רוסישען וואָרט.

— איך זאָג: אָבגעטריעבען פערד. איך ווייס אויף זיכער, — האָט ער צוגעבאַמקעט.

— זענען מיר געפאָהרען מיט גירייקין, — האָט דער־צעהלט לוקאַשקע, (וואָס ער האָט גערופען גירייען — גירייקע, דערין איז געלעגען אַ מין העלדישקייט, וואָס איטליכער קאָזאַק

האָט דאָס געפּיהלט). הינטער'ן טייך האָט ער זיך אַלץ גע'בריה'ט, אַז ער קען דעם גאַנצען סטעפּ, וועט פיהרען גלייך צום אָרט, און ווען מיר זענען אַרויס, איז די נאַכט געווען אַ פינסטערע, האָט פערבלאָנדזשעט מיין גירייקע, גענומען אַנ'אַנדער וועג, און מען דערגעהט נישט צו אַ טאָלק. געפינט נישט דעם אַאול, חאָטש טהו זיך אַ מעשה אָן. מיר זענען, וואַהרשיינליך, געגאַנגען צופיעל אויף רעכטס. אפשר ביז האַלבע נאַכט געזוכט. אַ גליק, וואָס די הינד האָבען זיך צובילט.

— שוטים, — האָט געזאָגט פעטער יעראָשקע. — אָט אַזוי פּלענען מיר אַרומבלאָנדזשען אַ גאַנצע נאַכט אין סטעפּ. ווייס זיי דער שד! קריעך איך אַרויף אויף אַ בערגעל דעמאָלסט, הייב אָן צו ברומען ווי אַ וואָלף, אָט אַזוי! (ער האָט צוזאַמענגעלעגט די הענד ביים מויל און האָט זיך צוברומט, אויף איין נאָטע, אַקוראַט ווי אַ מחנה וועלף). פלעגען זיך שוין באַלד די הינד אָברופען... נו ענדיג דערצעהלען. נו, וואָס, געפונען?

— לעבענדיג זיך אָבגעפאַרטיגט. נאַזאַרקען האָבען שוין כמעט געחאַפּט די נאַגאַיער ווייבער, פּראַ!

— יאָ, געחאַפּט, — האָט בעליידיגט געזאָגט נאַזאַרקע, וואָס איז צוריקגעקומען.

— זענען מיר אַרויס געפאָהרען צוריק, האָט זיך ווידער גירייקע פערבלאָנדזשעט, שוין גאָר כמעט אַריינגעפיהרט אין די בורונען. זאָגט אַלץ, אַז ער געהט צום טערק, און מיר פאָהרען אַלץ אָב ווייטער,

— און דו האָסט נאָך די שטערן געדאַרפט קוקען. — האָט געזאָגט יעראָשקע.

— און איך זאָג אויך דאָס אייגענע, — האָט אונטערגעחאַפּט יערגושאָוו.

— יאָ, קוק, ווען אַלץ איז פינסטער אַרום. האָב איך זיך שוין געמאַטערט, געמאַטערט! אָנגעחאַפּט אַ קליאַטשע, זי גרייט געמאַכט, און מיין פערד האָב איך געלאָזען געהען; טראַכט, עס וועט מיך שוין אַרויספיהרען. און וואָס קלערסטו? צוהירזשעט זיך, צוהירזשעט זיך, און מיט'ן נאָז צו דר'ערד...

אַרויסגעשפּרונגען פאָרויס און מיט אַ גלייכען וועג אין סטאַניצע אַרויסגעפיהרט. און דערוויילע, צום גליק, ווערט שוין ליכטיג, קוים אוספעיעט אין וואַלד בעהאַלטען די פערד. נאַגים איז געקומען פון הינטער'ן טייך, צוגענומען.

יערגושאָוו האָט געשאָקעלט מיט'ן קאָפּ. — איך זאָג טאַקע: אַ בריה'שקייט! און טאַקע אַסך?

— אַלע זענען דאָ — האָט געזאָגט לוקאַשקע, קלאַפּענדיג זיך איבער דער קעשענע.

די אַלטע איז דערוויילע אַריין אין שטוב, לוקאַשקע האָט נישט דערענדיגט.

— טרינק! — האָט ער אַ געשריי געטהון.

— אָט אַזוי טאַקע זענען מיר אַמאָל מיט גיריטשקען שפּעט ביי נאַכט אַרויסגעפאָהרען... — האָט אָנגעהויבען יעראָשקע.

— נו, ביי דיר איז דאָך אַ מעשה אָהן סוף! — האָט געזאָגט לוקאַשקע.

— און איך וועל געהען איצט. — און נאָכדעם, ווי ער האָט אויסגעטרונקען דעם ווייַן פון בעכער און ענגער פערצווינגען דעם ריעמען פון גאַרטעל, איז לוקאַשקע אַרויס אויפ'ן גאַס.

## XXXVIII.

עס איז שוין געווען פינסטער, ווען לוקאַשקע איז אַרויס אויפ'ן גאַס. די הערבסטיגע נאַכט איז געווען פריש און אָהן אַ ווינד. אַ פולע גאָלדענע לבנה איז אַרויסגעשוואומען פון הינטער די שוואַרצע בוימער, וואָס זענען געשטאַנען אויף איינע פון די זייטען פון פלאַטץ. פון די שטיבלעך-קוימענס איז געגאַנגען אַ רויך און, זיך צוזאַמענגיעסענדיג מיט'ן נעפעל, האָט ער זיך צושפּרייט איבער דער סטאַניצע. אין די פענסטער האָבען זיך ערטערווייז געזעהען פייערלעך. דער ריח פון קיזיאַק און נעפעל איז געווען צוגאָסען אין דער לופט. דאָס פלאַפּלען, דאָס געלעכטער, די ליעדער און דאָס קנאַקען פון סעמעטשקעס האָבען זיך אויסגעמישט אַלע אינאיינעם, אָבער דייטליכער, ווי

ביטאָג. ווייסע טיכלעך און פּאַפּאַחעס האָבען אַרויסגעשיינט אין דער פינסטערניש קופקעסווייס נעבען די פּאַרקאַנעס און שטיבער.

אויפ'ן פּלאַץ, אַ קעגען דער אָפענער און בעלויכטעטער טהיר פון קרעמעל, וואַרפט זיך שוואַרץ און ווייס אין די אויגען אַנ'עולם קאָזאַקען און מיידלעך, און עס הערען זיך געלעכטערס, פּלאַפּלעריי און הילכיגע ליעדער. זיך אָננעהמענדיג פאַר די הענד, דרעהען זיך די מיידלעך, טאַנצענדיג מיט לייכטע פיס איבער'ן שטויביגען פּלאַץ. אַ מאָגערע און די מאוס'טע פון די מיידלעך זינגט פאָר:

פונ'ם וועלדעל, פונ'ם טונקעלען וועלדעל
אַי־דאַ־לוילי
פונ'ם גערטענדעל, פון גרינעם גערטענדעל
זענען אַרויס, פערביי, צוויי וואוהלע בחורים,
צוויי בחורים, און ביידע לעדיגע;
זענען אַרויס, פערביי, און זיך אָבגעשטעלט,
האָבען זיך אָבגעשטעלט, און שטאַרק צווידעלט זיך.
איז אַרויס צו זיי אַ רויט מיידעלע,
אַרויס צו זיי און געזאָגט צו זיי:
אָט איינער פון אייך וועט מיך צונעהמען.
האָט זי צוגענומען דער ווייסער בחור,
דער ווייסער בחור, דער בלאָנדינער,
ער נעהמט, נעהמט אָן פאַר די רעכטע האַנד
ער פיהרט, פיהרט זי דורך דעם גאַנצען ענגל,
פאַר אַלע חברים שטאַרק בעריהמט ער זיך:
זעהט, ברידער, וואָס פאַר אַ וואוהל, בעל־הבית'טישקע!

די אַלטע ווייבער שטעהען דערביי, און הערען זיך איין די ליעדער. מיידלעך און יונגלעך שפּיעלעך זיך אין דער פינסטער אין „יאָגעניש". אַרום שטעהען די קאָזאַקען, פערטשעפּענען די פערבייגעהענדיגע מיידלעך, אַמאָל רייסען זיי דורך דעם קאַראָראָד און געהען אַריין אין איהם. אויף די פינסטערע זייט פון קרעמעל'ס טהיר שטעהען בעלעצקין און אָלענין אין טשערקעסקעס און פּאַפּאַחעס און רעדען, נישט אויף'ן קאָזאַצקען אופן, נישט

אויפ'ן קול, אָבער גענוג הויך, אַז מען זאָל זיי קענען הערען, און פיהלען, אַז זיי ציהען אויף זיך צו אַלעמענס אויפמערק־זאַמקייט.

אין קאַראָראַד, איינע נעבען די אַנדערע, געהט די פּו־לינקע אוסטענקע אין אַ רויטען בעשמעט און די פּראַכטיגע פיגור פון מאַריאַנען אין אַ נייעם העמד און בעשמעט. אָלענין און בעלעצקי האָבען גערעדט מכח דעם, ווי אָבצורייסען פון קאַראָראַד מאַריאַנקען מיט אוסטענקען. בעלעצקי האָט געמיינט, אַז אָלענין וויל זיך נאָר אַ ביסעל פרעהליך מאַכען, און אָלענין האָט געוואַרט אויפ'ן סוף פון זיין גורל. ער האָט אויף אַלע פעלע געוואָלט זעהען היינט מאַריאַנען איינע אַליין, זאָגען איהר אַלץ און פרעגען איהר, צו קען זי און צו וויל זי זיין זיין ווייב. נישט קוקענדיג דערויף, וואָס די פראַגע איז שוין לאַנג געווען פאַר איהם פערענטפערט אויף „ניין", האָט ער נאָך געהאָפט, אַז ער וועט האָבען די קראַפט, איהר אויסצודערצעהלען אַלץ וואָס ער פיהלט, און זי וועט איהם פערשטעהען.

— פאַר וואָס האָט איהר מיר פריהער נישט געזאָגט, — האָט גערעדט בעלעצקי, — איך וואָלט דאָס שוין געמאַכט פאַר אייך דורך אוסטענקען. איהר זייט אַזאַ טשיקאַוועך!

— וואָס זאָל איך טהון? אַמאָל, גאָר אין גיכען, וועל איך אייך אַלץ זאָגען. איצט אָבער, ווי גאָט איז אייך ליעב, מאַכט, אַז זי זאָל קומען צו אוסטענקען.

— גוט. דאָס איז לייכט צו מאַכען... וואָס זשע טאַקע דער ווייסער בחור וועט דיך צונעהמען, מאַריאַנקע, אַ? נישט לוקאַשקע? — האָט געזאָגט בעלעצקי, פון דרך־ארץ ווענען זיך צוערשט ווענדענדיג צו מאַריאַנען; און נישט דערוואַרטענדיג זיך אויף אַ תשובה, איז ער צו צו אוסטענקען און האָט איהר אָנגעהויבען בעטען, אַז זי זאָל ברייננגען מיט זיך מאַריאַנען. ער האָט נאָך נישט געענדיגט רעדען, ווי די פּאָרזינגערקע האָט אָנגעהויבען זינגען אַנ'אַנדער ליעד, און די מיידלעך האָבען אָנגעהויבען ציע־העך איינס דאָס אַנדערע אין קאַראָראַד. זיי האָבען געזונגען:

היגטער'ן גאָרטען, הינטער'ן גאָרטען

גערהט, שפּאַציערט אַ וואוהלער יונג
איבערן גאַס ביז צום עק.
געהט דורך צום ערשטען מאָל,
ווינקט מיט דער רעכטער האַנד,
געהט צום צווייטען מאָל,
ווינקט מיט'ן פוכיגען היטעל,
און צום דריטען מאָל,
שטעלט ער זיך אין גאַנצען אָב.
שטעלט זיך אָב, מאַכט זיך לייטיש.
„כ'האָב געוואָלט צו דיר געהען
דיר, ליעבינקע, אַביסעל זיעדלען:
פאַרוואָס, מיין גאָלד געהסטו נישט
שפּאַציערען אין גאָרטען?
שוין זשע, מיין טהייערינקע,
שעמסט דו זיך מיט מיר?
דערנאָך, מיין ליעבינקע,
וועסטו זיך בערוהיגען.
כ'וועל שיקען אַ שדכן, אַליין זיין אַ שדכן
כ'וועל מיט דיר חתונה האָבען,
וועסטו נאָך וויינען צוליעב מיר"
איך האָב געוואוסט וואָס צו ענטפערען
און האָב זיך נישט דערוועגט ענטפערען,
אַרוים אין גאָרטען שפּאַציערען.
קום איך אַריין אין גרינעם גאָרטען
בוק זיך פאַר'ן פריינדעלע.
„און איך, מיידעלע, גיעב דיר זיך אַ נייג
און גיעב דיר אַ שען טיכעלע.
זיי אַזוי גוט און נעהם דאָס צו,
אין די ווייסע הענדטעלעך לעג אַריין,
און די ווייסע הענדטעלעך נעהם,
און טיך מיידעלע, האָב־זשע האָלד.
איך ווייס נישט וואָס צו טהון,

וואָס מיין ליעבינקע צו שענקען;
איך וועל שענקען מיין ליובע
אַ גרויס שאַלען־טוך.
פאַר דעם טוך וועל איך דיר
אַ קוש דיר טהון, אַמאָל פיער".

לוקאַשקע און נאַזאַרקע, נאָכדעם ווי זיי האָבען צוריקגען דעם קאַראָראָד, האָבען גענומען אַרומגעהען צווישען די מיידלעך. לוקאַשקע האָט אונטערגעהאַלטען מיט אַ שאַרפען ביי־קול און, מאַכענדיג מיט די הענד, איז ער געגאַנגען אין מיטען קאַראָראָד. „וואָס־זשע, זאָל עמעצער אַרויס!" האָט ער געזאָגט. די מיידלעך האָבען געשטופט מאַריאַנען; זי האָט נישט געוואָלט אַרויסגעהען. דורך'ן ליעד האָט זיך געהערט אַ דין געלעכטער, קלעפּ, קושענישען, און אַ שושקעריי.

פערבייגעהענדיג פאַר אָלענינען, האָט לוקאַשקע פריינדליך אַ שאָקעל געטהון מיט'ן קאָפּ.

— מיטרי אַנדרעאיץ, דו ביסט אויך געקומען קוקען? האָט ער געזאָגט.

— יאָ, — האָט פעסט און קאַלט געענטפערט אָלענין. בעלעצקי האָט זיך צוגעבויגט צום אויער פון איסטענקען און האָט איהר עפּעס געזאָגט. זי האָט געוואָלט ענטפערען, נאָר זי האָט נישט אויספעיעט און, פערבייגעהענדיג אַ צווייטען מאָל, האָט זי געזאָגט:

— גוט, מיר וועלען קומען.

— און מאַריאַנע אויך?

אָלענין האָט זיך צוגעבויגט צו מאַריאַנען. — דו וועסט קומען? איך בעט דיר, חאָטש אויף איין מינוט. איך דאַרף מיט דיר רעדען.

— וועלען קומען די מיידלעך, וועל איך אויך קומען.

— דו וועסט מיר זאָגען, וואָס איך האָב דיר געבעטען? — האָט ער געפרעגט, זיך ווייטער צובויגענדיג צו איהר.

— דו ביסט היינט פרעהליך.

זי איז שוין אַוועק פון איהם. ער איז איהר נאָכגעגאַנגען.

— דו וועסט זאָגען?

— וואָס זאָגען?

— וואָס איך האָב אייערנעכטען געפרעגט, — האָט געזאָגט אָלענין זיך צובויגענדיג צו איהר אויער — דו וועסט חתונה האָבען מיט מיר?

מאַריאַנאַ האָט אַ קלער געטהון.

— איך וועל זאָגען, — האָט זי געענטפערט — היינט וועל איך זאָגען.

אין דער פינסטער האָבען איהרע אויגען מונטער און פריינדליך אַ גלאַנץ געטהון אויף'ן יונגען מאַן.

ער איז איהר בסדר נאָכגעגאַנגען. איהם איז אַזוי גוט געווען זיך נעהענטער צו צובויגען צו איהר.

נאָר לוקאַשקע, ווייטער זינגענדיג, האָט איהר אַ שטאַרקען ציעה געטהון ביי דער האַנד און האָט זי אַרויסגעריסען פון קאַראַראָד אויף'ן מיטען. אָלענין האָט קוים אויספּיעט צו זאָגען: „קום־זשע צו אוסטענקען", און איז צו צום קאַמעראַדען. דאָס ליעד האָט זיך געענדיגט. לוקאַשקע האָט אָבגעווישט די ליפּען, מאַריאַנקע אויך, און זיי האָבען זיך צוקושט. „ניין אַמאָל פּיער", האָט געזאָגט לוקאַשקע. אַ פּלאַפּלעריי, אַ געלעכטער, אַ לויפע־ריי האָבען איבערגעביטען די ליכטע בעוועגונגען און די לייכטע קלאַנגען. לוקאַשקע, וואָס האָט שוין געשיינט צו זיין שטאַרק שכור, האָט גענומען טיילען די מיידלעך לעקעכלעך.

— איך בין אויף אַלעמען מנדר. — האָט ער געזאָגט מיט אַ שטאָלצער ריהרענד־קאָמישער צופריעדענקייט. — און ווער עס געהט צו די סאָלדאַטען הוליענען, זאָל כאַלר אַרויס פון קאַראַראָד, — האָב ער צוגעלעגט מיט אַמאָל, בייז אַ קוק געבענדיג אויף אָלענינען.

די מיידלעך האָבען צוחאַפּט ביי איהם די גוטע זאַכען און, מיט אַ לאַכעריי, האָבען זיי איינס ביים אַנדערען אַרויסגעחאַפּט פון די הענד. בעלעצקי און אָלענין זענען אַוועק ביי דער זייט.

לוקאַשקע, אַקוראַט ווי ער וואָלט זיך געשעמט, וואָס ער איז אַזאַ אויסברייִנגער, אַראָבנעהמענדיג די פּאַפּאַחע און אָבווי־

שענדיג דעם שטערן, איז צו צו מאַריאַנען און איסטענקען.

„שיין זשע מיין טהייערינקע
שעמסט דו זיך מיט מיר?“ — האָט ער איבערגע'חזר'ט די ווערטער פון ליעד, וואָס מען האָט אָקאָרסט געזונגען, און זיך ווענדענדיג צו מאַריאַנען:

„שעמסט דו זיך מיט מיר“

האָט ער ווידער איבערגע'חזר'ט בייזערהייט.

„וועסט חתונה האָבען,
וועסט וויינען צוליעב מיר“

האָט ער צוגעלעגט, אַרומנעהמענדיג אויף אַ מאָל מאַריאַנען און אוסטענקען.

אוסטענקע האָט זיך אַרויסגעריסען און, זיך פערמעסטיגענד, איהם אַזאַ זעץ געגעבען איבער'ן רוקען, אַז זי האָט זיך די האַנד אויסגעלונקען.

— וואָס־זשע, איהר וועט ווייטער פיהרען אַ קאַראַהאָד? — האָט ער געפרעגט.

— ווי די מיידלעך וועלען, — האָט געענטפערט אוסטענקע, — איך אָבער וויל אַ היים געהען, און מאַריאַנקע האָט געוואָלט געהען צו אונז.

דער קאָזאַק, נאָך אַלץ אַרומנעהמענדיג מאַריאַנקען, האָט זי אָבגעפיהרט פון עולם מענשען צום פינסטערען עק־ווינקעל פון שטוב.

— געה נישט, מאַשענקע, — האָט ער געזאָגט, — צו לעצטען מאָל לאָמיר אַ הוליע טהון. געה אַהיים, איך וועל קומען צו דיר.

— וואָס זאָל איך טהון אין דער היים? אויף דעם איז אַ יום־טוב, אַז מען זאָל הוליענען. איך וועל געהען צו אוסטענקען, — האָט געזאָגט מאַריאַנע.

— איך וועל דאָך סיי ווי סיי חתונה האָבען.

— שוין רעכט, — האָט געזאָגט מאַריאַנע — מיר וועלען שפּעטער זעהען.

— טאָ וואָס־זשע, וועסט געהען? — האָט שטרענג געזאָגט

לוקאַשקע און, זי צודריקענדיג צו זיך, האָט ער איהר אַ קוש געטהון אין באַק.

— נו, לאָז אָב! וואָס האָסטו זיך אָנגעטשעפּעט? — און מאַריאַנקע, נאָכדעם ווי זי האָט זיך אַרויסגעריסען, איז אַוועק פון איהם.

— עך, מיידעל!.. ס'וועט זיין שלעכט — האָט מתרה געווען לוקאַשקע, זיך אָבשטעלענדיג און שאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ. וועסט נאָך וויינען צוליעב מיר.

— און זיך אָבקעהרענדיג פון איהר האָט ער אַ געשריי געטהון צו די מיידלעך — זינגט מיידלעך!

מאַריאַנען האָט, ווי ס'ווייזט אויס, דערשראָקען און פערביי־זערט דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט. זי האָט זיך אָבגע־שטעלט. — וואָס וועט שלעכט זיין? —

— אָט דאָס.

— וואָס־זשע?

— אָט דאָס, וואָס דו הוליעסט מיט'ן סאָלדאַט דעם קוואַרטיראַנטען, און מיך האָסטו אויפגעהערט האָלד צו האָבען,

— כ'געוואָלט — האָב איך אויפ־געהערט האָלד צו האָבען. דו ביסט מיר נישט קיין טאַטע און קיין מאַמע. ווען איך וויל, דעם האָב איך האָלד.

— אַזוי, אַזוי! — האָט געזאָגט לוקאַשקע — געדענק־זשע! — ער איז צו צום ק־עמעל — מיידלעך! — האָט ער אַ געשריי געגעבען, — וואָס שטעהט איהר? שפּיעלט נאָך אַ קאַ־ראָהאָד, נאַזאַרקע, לויף, ברייננ טשיחיר!

— וואָס־זשע, וועלען זיי קומען? — האָט געפרעגט אָלענין ביי בעלעצקין.

— באַלד וועלען זיי קומען, — האָט געענפערט בעלעצ־קי, — קומט, מען דאַרף צורעכט מאַכען דעם באַל.

## XXXIX.

שוין שפּעט ביי דער נאַכט איז אָלענין באַלד נאָך מאַריאַ־

נען און אוסטענקען אַרוים פון בעלעצקים שטוב. דאָס ווייסע טיכעל פון מיידעל האָט זיך געוויסט אויף דער פינסטערער גאַס. די לבנה האָט זיך אַראָבגעלאָזען צום סטעפּ־צו. אַ זילבערנער נעפּעל איז געשטאַנען איבער דער סטאַניצע. אומעטום איז געווען שטיל, מען האָט אין ערגעץ נישט געזעהען קיין פייערעל, מען האָט נאָר געהערט די טריט פון די ווייבער, וואָס האָבען זיך דערווייטערט. אָלענינס האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט. דער צופלאַמטער פּנים האָט זיך אָבגעפרישט אויף דער פייכטער לופט. ער האָט אַ קוק געטהון אויפ'ן הימעל, זיך אַ קעהר געטהון, אַ קוק טהון די שטוב פון וואַנען ער איז אַרוים: דאָרטען איז שוין דאָס ליכט אויסגעלאָשען געוואָרען, און ער האָט ווייטער גענומען זיך אַיינקוקען אין דעם שאָטען פון די פרויען, וואָס האָבען זיך דערווייטערט. דאָס ווייסע טיכעל איז פערשוואונדען געוואָרען אין נעפּעל. איהם איז שרעקליך געווען איבערצובלייבען אַליין. ער איז געווען אַזוי גליקליך! ער איז אַראָבגעשפּרונגען פון גאַניק און איז נאָכגעלאָפען די מיידלעך.

— גענוג שוין! מען וועט נאָך דערזעהען! — האָט אוסטענקע געזאָגט

— עס מאַכט נישט אויס!

ער איז צוגעלויפען צו מאַריאַנען און האָט זי אַרומגענומען.

מאַריאַנע האָט איהם נישט אָבגעשטויסען.

— זיך נישט גענוג אָנגעקושט, — האָט געזאָגט אוסטענקע, — וועסט חתונה האָבען, דעמאָלסט קוש, אָבער איצט וואַרט נאָך.

— זיי געזונד, מאַריאַנע, מאָרגען קום איך צו דיין פאָטער, וועל איך איהם אַליין זאָגען. דו דערצעהל גאָר נישט.

— וואָס זאָל איך דערצעהלען! — האָט געענטפערט מאַריאַנע.

ביידע מיידלעך זענען גיך אַוועק. אָלענין איז געגאַנגען אַליין, זיך אַלץ דערמאָהנענדיג, וואָס עס איז געוועזן. ער האָט דעם גאַנצען אָוענד פערבראַכט מיט איהר אַליין אין ווינקעל

ביים איוווען. אוסטענקע איז אַ מינוט נישט אַרויסגעגאַנגען פון שטוב און האָט פערבראַכט מיט די אַנדערע מיידלעך און מיט בעלעצקין. אָלענין האָט מיט אַ שטילער שטים גערעדט מיט מאַריאַנען.

— דו ווערסט התונה האָבען מיט מיר? — האָט ער איהר געפרעגט.

— ווערסט אָבנאַרען, ווערסט נישט חתונה האָבען — האָט זי געענטפערט פרעהליך און רוהיג.

— און צו האָסטו מיך ליעב? ווי ליעב איז דיר גאָט, זאָג.

— פאַרוואָס זאָל מען דיך נישט ליעב האָבען: דו ביסט דאָך נישט קיין הויקער! — האָט געענטפערט מאַריאַנע, לאַכענדיג און דריקענדיג אין איהרע האַרטע הענד זיינע הענד. — וואָס האָסטו דאָס פאַר אַזוינע ווייסע, ווייסע הענד, ווייך ווי קאַימאַק, — האָט זי געזאָגט.

— איך מאַך נישט קיין חוזק, דו זאָג נאָר, ווערסט חתונה האָבען?

— פאַרוואָס נישט, ווען דער טאַטעלע וועט מיך דיר אַוועק געבען!

— געדענק־זשע, איך וועל משוגע ווערען, ווען דו ווערסט מיך אָבנאַרען. מאָרגען וועל איך זאָגען דיין מוטער און פאָטער, כ'וועל קומען זיך שדכנ'ען.

מאַריאַנע האָט זיך מיט אַמאָל פאַרנאַנדערגעלאַכט.

— וואָס איז מיט דיר?

— אַזוי, ס'איז לאַכעדיג.

— אמת! איך וועל קויפען אַ שטוב, אַ גאָרטען, וועל זיך פערשרייבען פאַר אַ קאָזאַק...

— זעה נאָר, האָב נאָר דענמאָלסט נישט ליעב קיינע אַנדערע ווייבער! איך בין דערוויף אַ בייזע.

אָלענין האָט מיט אַ תענוג איבערגע'חזר'ט אין קאָפּ אַלע די דאָזיגע ווערטער. ביי די ערינערונגען פלעגט איהם אַמאָל דאָס האַרץ וועה טהון, אַמאָל פלעגט ער פערליערען דעם אָטהעם

פאַר גרויס גליק. געוועהטאָגט האָט איהם דאָס, וואָס, רעדענ־דיג מיט איהם, איז זי געוועזען אַזוי רוהיג, ווי אַלעמאָל, איהר האָט, ווי עס שיינט, גאָר נישט אויפגערעגט איהר נייע לאַגע. זי האָט איהם, כלומר'שט, ווי נישט געגלויבט און האָט נישט געטראַכט וועגען דער צוקונפט. איהם האָט זיך געדוכט, אַז זי האָט איהם נאָר געליעבט בלויז אין דער געגענוואַרטיגער מינוט און, אַז זי האָט נישט מיט איהם קיין צוקונפט. גליקליך איז ער געוועזען דערפאַר, וואָס אַלע איהרע ווערטער האָבען איהם געשיינט דער אמת אליין און דערפאַר, וואָס זי האָט איינגעשטימט צו זיין זיינע. „יאָ — האָט ער צו זיך אַליין געזאָגט, — נאָר דענמאָלסט וועלען מיר פערשטעהען איינער דעם אַנדערען, ווען זי וועט זיין אין גאַנצען מיינע. פאַר אַזאַ ליעבע איז נישטאָ קיין ווערטער, מען דאַרף אַ לעבען, אַ גאַנצען לעבען דערצו. מאָרגען וועט אַלץ קלאָר ווערען. איך קען אַזוי ווייטער נישט לעבען, מאָרגען וועל איך אַלץ ערקלערען איהר פאָטער, בעלעצקין, דער גאַנצער סטאַניצע..."

לוקאַשקע האָט נאָך צוויי נעכט אָהן שלאָף אַזוי פיעל גע'שכור'ט יום־טוב־צייט, אַז ער איז געפאַלען צום ערשטען מאָל פון די פיס און האָט געשלאָפען ביי יאַמקען.

## XL.

אויפ'ן אַנדערען טאָג האָט אָלענין זיך אויפגעכאַפּט פריהער ווי אַלעמאָל, און אין דער ערשטער מינוט פון זיין דערוואַכען איז איהם געקומען דער געדאַנק מכח דעם, וואָס עס שטעהט איהם בעפויר, און ער האָט מיט פרייד זיך דערמאַהנט איהרע קושען, אין דער דרוק פון איהרע האַרטע הענד און די ווערטער: „וואָס פאַרע וויסע הענד דו האָסט". ער איז אויפגעשפּרונגען און געוואָלט באַלד געהען צו די בעלי־הבתים בעטען מאַריאַנעס האַנד. די זון איז נאָך נישט אויפגעגאַנגען אין גאַנצען, און אָלע־נינען האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז אויף דער גאַס איז אַ זעלטענע קאָכעריי: מען איז אַרומגעגאַנגען, געריטען און מען האָט

געגעדט. ער האָט אַרויפגעזאָרפּעט אויף זיך אַ טשערקעסקע און איז אַרויס אויפ'ן גאַניק. די ווירטען זיינע זענען נאָך נישט אויפגעשטאַנען. פינף קאָזאַקען אויף פערד זענען געריטען אין האָבען ג... וואָס מיט אַ גערודער הויך גערעדט. פאָרויס אויף זיין ב...טען קאַבאַרדינעץ איז געריטען לוקאַשקע. אַלע קאָזאַקען האָבען גערעדט, געשריען: מען האָט נישט געקענט דערגעהן קלאָר, ווענען וואָס מען רעדט דאָ.

— צים אויבערשטען פאָסט פאָהר אַרויס; — האָט געשריען איינער.

— זאָטעל אָן און דעריאָג וואָס גיכער, — האָט געזאָגט אַ צווייטער.

— פון יענע טהויערען איז נעהענטער צו פאָהרען.

— דרעה נישט קיין מח, האָט געשריען לוקאַשקע, — מיט'ן מיטעלסטען טהויער דאַרף מען פאָהרען.

— אויך רעכט, פון דאָרטען אויך נאָהענטער, — האָט געזאָגט איינער פון די קאָזאַקען, אַ פערשטויבטער און אויף אַ פערשוויצטען פערד. לוקאַשקעס פנים איז געווען רויט, פערשוואָ...ען פון דעם נעכטיגען שכרות. די פּאַפּאַחע איז געווען פערוקט אויף הינטען. ער האָט געשריען מיט אַ בעפעהלענדען קול, אַקוראַט, ווי ער וואָלט געווען אַ קאָמאַנדיר.

— וואָס איז דאָס? וואו? — האָט געפרעגט אָלענין, קוים צוציהענדיג צו זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די קאָזאַקען.

— מיר געהען פאַנגען אַברעקען, זיי זיצען אין די בורונעס. מיר פאָהרען באַלד, אָבער נאָך אַלץ נישטאָ קיין עולם.

און די קאָזאַקען, שווייענדיג אַלץ און זיך צונויפקרייבענדיג, זענען ווייטער אַוועק ג...טען מיט דער גאַס. אָלענינען איז אַריין אין קאָפּ, אַז עס ווע... נישט זיין רעכט, ווען ער וועט נישט פאָהרען; ח...ץ דעם האָט ער געקלערט פריה צו קומען צוריק. ער האָט זיך אָנגעטהון, אָנגעלאָדען דעם ביקס מיט קוילען, אַרויפגעשפרונגען אויף דעם ווי-עס-איז אָנגעזאָטעלטען פערד, וואָס וואַניושע האָט אַר...ג...פיהרט און האָט דעריאָגט די קאָזאַקען ביים אַרויספאָהר פון דער סטאַניצע. די קאָזאַקען, זיך ענג

צונויפקלייבענדיג מיט די פערד, זענען געשטאַנען אין אַ קופּקע און, אָנגיעסענדיג טשיהיר פון אַ געבראַכטען פאַס אין אַ הילצער־נעם קרוג, האָט מען דאָס דערלאַנגט איטליכען בעזונדער און האָבען אויסגעבעטען זיי אַ גליקליכען אַרויספאָהר. צווישען זיי איז אויך געווען אַ יונגער פראַנט, אַ האַרונזשע, וואָס איז צופעליג געווען אין דער סטאַניצע און וואָס האָט גענומען די קאָמאַנדע אויף די ניין קאָזאַקען, וואָס האָבען זיך צונויפגעקליבען. די קאָזאַקען זענען אַלע געווען געוועהנליכע קאָזאַקען, און האָטש דער האַרונזשע האָט געמאַכט אַ מינע פון אַ קאָמאַנדיר, נאָר אַלע האָבען נאָר געהאָרכט לוקאַשקען. אויף אָלענינען האָבען די קאָזאַקען נישט געקוקט אפילו. און ווען אַלע האָבען זיך געזעצט אויף די פערד און זענען אַוועקגעריטען און אָלענין איז צו צום האַרונזשען און גענומען אויספרעגען, וואָס איז דאָ אַזוינס, האָט דער האַרונזשע, געוועהנליך, אַ פריינדליכער, זיך בעצויגען צו איהם מיט אַנ'אונגעוועהנליכער גרויסקייט. קוים מיט צרות האָט אָלענין געקענט פון איהם דערגעהען די סבה פון טומעל. די שטאַפּעטען, וואָס זענען געשיקט געוואָרען אָבציאַכטען בעהאַלטענע אַברעקען האָבען ענטפּלעקט עטליכע פון זיי אַכט וויאָרסט פון סטאַניצע אין די בורונעס. די אַברעקען האָבען זיך פערפעסטיגט אין אַ גראָבען, האָבען געשאָסען און מתרה געווען, אַז לעבעדיגערהייט וועלען זיי זיך נישט אונטערגעבען. דער אוריאַדניק, וואָס איז געווען מיט די צוויי שטאַפּעטען איז געבליבען דאָרטען אויף וואַך און האָט געשיקט איין קאָזאַק אין סטאַניצע רופען קאָזאַקען צו הילף.

די זון האָט אָקאָרסט אָנגהויבען אויפצוגעהען. דריי וויאָרסט פון דער סטאַניצע אויף אַלע זייטען האָט זיך געצויגען אַ סטעפּ, און עס איז גאָר נישט געווען צו זעהען, חוץ אַ מאָנאָטאָנע, זאַמדיגע אומעטיגע, טרוקענע פלאַכקייט, מיט אויסגעטרעטענע צייכענס פון בהמות, מיט אַ ביסעל פערוועלקט גראָז שרגעץ וואו, מיט ניעדריגע ריטער־ביימלעך אין די ערד־שפּאַלטען און גראָבענס מיט זעלטענ־ווען צושפּרייטע שטעגלעך און מיט די נאַגאַיערביידלעך, וואָס האָבען זיך געזעהען ווייט ווייט

אויפ'ן האָריזאָנט. פריהער פאַר אַלץ האָט זיך געוואָרפען אין די אויגען דאָס, וואָס אין ערגעץ איז נישט געווען קיין שאָטען אין דער האַרבער טאָן פון דער לאַנדשאַפט. די זון געהט אויף און אונטער אין סטעפּ שטענדיג אַרויטע. ווען עס קומט אַ ווינד, טראָגט דער ווינד איבער גאַנצע בערג זאַמד. ווען עס איז שטיל, ווי אין דעם איצטיגען מאָרגען, איז די שטילקייט וואָס ווערט נישט געשטערט פון קיין בעוועגונג פון קיין קלאַנג, בעזונדערס מאויס'דיג. אין דעם מאָרגען איז אין סטעפּ געווען שטיל, טריב, נישט קוקענדיג דערויף, וואָס די זון האָט זיך אויפגעהויבען. עפּעס איז געווען מאָרנע, וויסט און ווייך. די לופט האָט זיך נישט גערירט; מען האָט נאָר געהערט דאָס טרעטען פון די פערד און זייער הירושען; און אויך דאָס האָט שוואַך זיך געהערט און פלעגט באַלד פערשטימט ווערען.

די קאָזאַקען זענען געפאָהרען מייסטענס שווייגענדיג. די וואַפען ביי אַ קאָזאַק זענען שטענדיג אַזוי צוגעפּאַסט, אַז ווי זאָלען נישט קלינגען און גרילצען. וואַפען וואָס הורשעט — איז פאַר אַ קאָזאַק די גרעסטע חרפּה. צוויי קאָזאַקען פון דער סטאַניצע האָבען זיי דעריאָגט אויפ'ן וועג און האָבען זיך איבערגעוואָרפען מיט צוויי דריי ווערטער. לוקאַשקעס פערד האָט אַ האַסטיגען טריט גענומען, אָבער זיך פערטשעפּעט אין גראָז. דאָס איז אַ שלעכטער סימן ביי קאָזאַקען. די קאָזאַקען האָבען אַ קוק געטהאָן און זיך באַלד האַסטיג אָבגעקעהרט, זיך סטאַרענענדיג נישט צו מאַכען דערפון קיין וועזען, וואָס האָט געהאַט אין דער מינוט אַ בעזונדערע בעדייטונג. לוקאַשקע האָט אַ ציעה געטהון דעם צוימעל, האָט געמאַכט אַ שטרענגע־ברוגז'דיגע מינע, צוזאַמענגעקוועטשט די צייהן און אַ מאַך געטהון מיט דעם בייטש איבער'ן קאָפּ. דער גוטער קאַבאַרדינעץ האָט מיט אַ מאָל אויפגעהויבען אַלע פיער פיס אויף אַ מאָל, נישט וויסענדיג אויף וועלכען פוס צו טרעטען און אַקוראַט, ווי ער וואָלט זיך וועלען הויבען אין דער הויך אויף פליעגלען; נאָר לוקאַשקע האָט אַזוי מכבד געווען זיינע זאַטע זייטען מיט'ן בייטש, מכבד געווען אַ צווייטען מאָל, אַ דריטען מאָל, און דער קאַבאַרדינעץ, זויס־

שטעלענדיג די צייהן און פערנאַנדערלאָזענדיג דעם עק, הירושע־נענדיג האָט אָנגעהויבען געהען אויף די הינטערשטע פיס און איז אָבגעשטאַנען פון דער קופקע קאָזאַקען אויף עטליכע טריט.

— עך, אַ וואוהל פערד! — האָט געזאָגט דער חאָרונזשע.

— נישט קיין פערד, אַ לייב, — האָט צוגעגעבען איינער פון די עלטערע קאָזאַקען.

די קאָזאַקען זענען געפאָהרען, שוויגענדיג אַמאָל טריט ביי טריט, אַמאָל האַסטיגער און נאָר דער דאָזיגער אומשטאַנד האָט איבערגעריסען אויף אַ רגע די שטילקייט און די ערנסטקייט פון זייער בעוועגונג.

אין גאַנצען סטעפ, אַ וויאָרסט אַכט וועג, האָבען זיי נאָר בעגעגענט איין לעבעדיגע זאַך, אַ נאָגאַיסקעביידעל, וואָס איז געשטאַנען אויף אַ פוהר און וואָס עס האָט זיך פאַמעלעך בעוועגט אויף אַ וויאָרסט ווייט פון זיי. דאָס איז געווען אַ נאָגאַיער, וואָס פאָהרט אַריבער מיט זיין פאַמיליע פון איין אָרט אין אַנ'אַנדערען. זיי האָבען נאָך בעגעגענט אין אַ גראָבען צוויי אָבגעריסענע נאָגאַיער ווייבער מיט ברייטע באַקענביינער, וועלכע האָבען מיט קערבלעך אויף'ן רוקען צוזאַמענגעקליעבען מיסט אויף קיזיאַק פון די בהמות, וואָס געהען אין סטעפ. דער חאָרונזשע, וואָס האָט געערעדט שלעכט אויף זייער לשון האָט זיי גענומען אויס־פרעגען עפעס אויף נאָגאַאיש; נאָר זיי האָבען איהם, ווייזט אויס, נישט פערשטאַנען און מיט פחד גענומען וואַרפען מיט די אויגען איינס אויף דאָס אַנדערע.

איז צוגעפאָהרען לוקאַשקע, אָבגעשטעלט דאָס פערד לעבעדיג געזאָגט דעם געוועהנליכען גרוס און די נאָגאַיקעס האָבען, ווי ס'ווייזט אויס, זיך דערפרעהט און האָבען פריי אָנגעהויבען צו רעדען מיט איהם, ווי מיט אַנ'אייגענעם ברודער.

— אַי אַי קאָפ אַברעק! האָבען זיי מיט אַ רחמנות'על געזאָגט, ווייזענדיג מיט דער האַנד אין דער ריכטונג, וואו עס זענען געפאָהרען די קאָזאַקען. אָלענין האָט פערשטאַנען, אַז זיי האָבען געזאָגט: „אַ סך אַברעקען“.

אַזוי ווי ער האָט קיינמאָל נישט געזעהן אַזעלכע זאַכען,

וואָס ער האָט נאָר געהאַט וועגען זיי אַ פאָרשטעלונג לויט די מעשות פון פעטער יעראָשקען, האָט אָלענין נישט געוואָלט אָבשטעהען פון די קאָזאַקען און אַלץ זעהען. ער האָט הנאה געהאַט פון די קאָזאַקען, זיך צו אַלץ צוגעקוקט און צו אַלץ זיך צוגעהאָרכט און האָט געמאַכט זיינע בעאָבאַכטונגען. האָטש ער האָט גענומען מיט זיך אַ שווערד און אַן׳אָנגעלאָדענעם ביקס, נאָר, בעמערקענדיג, ווי די קאָזאַקען דערווייטערען זיך פון איהם, האָט ער זיך גענומען אַ הסכם נישט אַנטייל צונעהמען אין דער זאַך; נאָך מעהר דערפאַר, וואָס זיין העלדישקייט האָט ער שוין בעוויזען אין דער אַרמעע, לויט זיין מיינונג, און, הויפּטזעכליך, דערפאַר, ווייל ער האָט זיך געפיהלט זעהר גליקליך.

מיט אַ מאָל האָט זיך דערהערט פון ווייטען אַשאָס. דער חאָרונזשע איז געוואָרען אַנ׳אויפגערעגטער און האָט אָנגעהויבען געבען אַלערליי בעפעהלען, ווי די קאָזאַקען זאָלען זיך צעטיילען און ווי זיי זאָלען צופאָהרען צו די אַברעקען. נאָר די קאָזאַקען, ווי צו זעהען, האָבען גאָר גישט אַכט געגעבען אויף זיינע בעפעהלען, נאָר זיך צוגעהאָרכט, וואָס עס זאָגט לוקאַשקע און נאָר געקוקט אויף איהם. ביי לוקען אויף פּנים און אין דער פיגור איז געווען צו זעהען אַ רוהיגקייט און אַ וויכטיגע ערנסטקייט. ער האָט אָן אַ זייט געפיהרט זיין קאַבאַרדינעץ, וואָס די טריט־ווייז רייטענדיגע קאָזאַקען האָבען נישט געקענט דעריאָגען און צוזאַמענקנייטשענדיג די אויגען האָט ער שאַרף געקוקט פאָרויס.

— אָט פאָהרט אַ רייטער, — האָט ער געזאָגט, אָבהאַל־טענדיג דאָס פערד און זיך אויסגלייכענדיג מיט די אַנדערע.

אָלענין האָט שאַרף אָנגעשטרענגט דעם בליק, נאָר האָט קיין זאַך נישט געזעהען. די קאָזאַקען האָבען באַלד אונטערשיידט צוויי רייטער און מיט אַ רוהיגען טריט זענען זיי געריטען זיי אַנטקעגען.

— דאָס זענען אַברעקען? — האָט געפרעגט אָלענין.

די קאָזאַקען האָבען נאָר נישט געענטפערט אויף אַ פראַגע, וואָס איז געווען אין זייערע אויגען אַ גרויסע נאַרישקייט. די

אַברעקען וואָלטען שוטים געווען ווען זיי וואָלטען זיך אַריבערגע־
קליעבען אויף דער רוסישער זייט, ניט ריי־טענדיג אויף פערד.

— אָט, דוכט זיך, ווינקט דער בר־דער ראָדקאַ — האָט
געזאָגט לוקאַשקע, ווייזענדיג אויף די ביידע רייטער, וואָס האָבען
זיך שוין קלאָר געזעהן. — אָט פאָהרט ער צו אונז.

אין אין דער'אמת'ן, אין אַ פּאָר מינוטען איז קלאָר געוואָ־
רען, אַז די רייטער זענען געווען קאָזאַקען־שטאַפּעטען, און
דער אוריאַדניק איז צוגעריטען צו לוקאַשקען.

# XLI.

— ווייט? — האָט נאָר געפרעגט לוקאַשקע.

אין דער אייגענער צייט אויף אַ טריט דרייסיג די ווייט
האָט זיך דערהערט אַ קורצער שאָס. דער אוריאַדניק האָט
אַ לייכטען שמייכעל געטהון.

— דאָס שיעסט אין זיי איינער גורקע, — האָט ער
געזאָגט, ווייזענדיג מיט דער האַנד אין דער ריכטונג פון שאָס.

אָבּרייטענדיג נאָך עטליכע טריט, האָבען זיי דערזעהען
גורקען, וואָס איז געזעסען הינטער אַ זאַמד־בערגעל און האָט
אָנגעלאָדען דעם ביקס. פון לאַנגעווײַלע פלעגט גורקע איבע־
שיסען זיך מיט די אַברעקען, וואָס זענען געזעסען הינטער
אַ צווייטען זאַמד־בערגעל. דאָרטען האָט פערביי געפייפט
אַ קוילכעל.

דער חאָרונזשע איז געווען בלייך און פלעגט זיך נישט
אָריענטירען. לוקאַשקע איז אַראָבגעקראָכען פון פערד, עס
איבערגעגעבען אַ קאָזאַק און איז געגאַנגען צו גורקען. אָלענין
וואָס האָט געטהון דאָס אייגענע און, זיך אײַנבייגענדיג, איז
איהם נאָכגעגאַנגען. לוקאַשקע האָט מיט שמייכעל אַ קוק געטהון
אויף אָלענינען און האָט זיך אײַנגעבויגען. ווי נאָר זיי זענען צו
צום קאָזאַק, וואָס האָט געשאָסען, ווי צוויי קוילען האָבען פאַר־
ביי־געפייפט פאַר זיי.

— מ'דיר נאָך דערשיסען, אַנדרעאיץ, — האָט ער

געזאָגט, געה בעסער אַוועק. דו האָסט דאָ נישט וואָס צו טהון.
נאָר אָלענין האָט דורכאויס געוואָלט זעהען די אַברעקען.
פון הינטער'ן בערגעל אַ צוויי הונדערט טריט ווייט האָט ער דערזעהען היטלען און ביקסען. מיט אַמאָל האָט זיך בעוויזען פון דאָרטען אַ רויך'על, עס האָט אַ פייף געטהון נאָך אַ קוילכעל. די אַברעקען זענען געזעסען אונטער'ן באַרג אין אַ זומף. אָלענין איז נתפעל געוואָרען פון דעם אָרט, וואו זיי זענען געזעסען. דער אָרט איז געוועזען אַזוינער, ווי דער גאַנצער סטעפ, נאָר צוליעב דעם, וואָס אַברעקען זענען דאָרטען געזעסען האָט ער זיך אָבגעצייכענט מיט אַמאָל פון אַלץ אַרום און האָט עפּעס בעקומען אַ בעזונדערע בונה. עס האָט איהם זיך אויסגעדוכט, אַז דאָס מוז טאַקע זיין גראָד דער אָרט, וואו עס דאַרפען זיצען אַברעקען.
לוקאַשקע איז צוריק אַוועק צום פערד, און אָלענין איז נאָכגעגאַנגען נאָך איהם.
— מען דאַרף נעהמען אַ פוהר מיט היי — האָט געזאָגט לוקאַ, — אַז נישט וועלען זיי אַלעמען אויס'הרג'ענען. אָט שטעהט טאַקע הינטער'ן בערגעל אַ נאָגאַיער פוהר מיט היי.
דער חאָרונזשע האָט איהם אויסגעהאָרכט און דער אורי־יאַדניק האָט צוגעשטימט. מען האָט געבראַכט די פוהר מיט היי, און די קאָזאַקען, זיך פערשטעלענדיג מיט דער פוהר האָבען אָנגעהויבען צו רוקען אויף זיך דעם היי. אָלענין איז אַרויפגעפאָהרען אויף אַ בערגעל, פון וואַנען מען האָט אַלץ געזעהען אַרום. די פוהר מיט'ן היי האָט זיך בעוועגט; די קאָזאַקען האָבען זיך צוגעדריקט צו דער פוהר. די קאָזאַקען האָבען זיך בעוועגט פאָרווערטס; די טשעטשענצעס, — זיי זענען געוועזען אַ מאַן ניין, — זענען געזעסען קניע ביי קניע און האָבען נישט געשאָסען.
אַרום איז געוועזען שטיל. מיט אַמאָל האָבען פון דער טשעטשענצעס זייט זיך דערהערט טענער פון אַנ'אומעטיג ליעד, עהנליך צום „אַי־דאַ־לאַ־לאַי“ פון פעטער יעראָשקע. די טשעטשענצעס האָבען געוואוסט, אַז פון דאַנען וועלען זיי שוין נישט אַוועק, און זיך צו ראַטעווען פון יצר־הרע, וואָס הייסט אַנטלוי־

פען האָבען זיי זיך מיט ריעמענס צוגעבינדען אַ קניע צו אַ קניע, אָנגעגרייט די ביקסען און אָנגעהויבען זינגען אַ ליעד פאַר'ן טויט.

די קאָזאַקען מיט'ן וואָגען זענען אַלץ נעהענטער און נעהענטער, און אָלענין האָט אַלע מינוט געוואַרט אויף אַ שאָס; נאָר די שטילקייט איז נאָר איבערגעריסען געוואָרען פון די אַברעקענס אומעטיגען ליעד. מיט אַ מאָל איז דאָס ליעד פערשטומט געוואָרען, עס האָט זיך דערהערט אַ קירצער שאָס, דאָס קוילכעל איז אַנידערגעפאַלען אויף'ן היי, עס האָבען זיך דערהערט טשעטשענער זלזולים און אַ קוויטשעריי. אַ שאָס נאָך אַ שאָס, און אַ קוילכעל נאָך אַ קוילכעל פאַלט אַריין אין'ם היי. די קאָזאַקען האָבען נישט געשאָסען און זיי זענען געווען שוין נישט ווייטער ווי אַטריט פינף.

ווידער פערביי אַ רגע, און די קאָזאַקען מיט אַ היקעריי זענען אַרויסגעשפרונגען פון ביידע זייטען פוהר. לוקאַשקע איז געווען פאָרויס. אָלענין האָט מעהר נישט געהערט ווי עטליכע שאָסען, אַ געשריי און אַ קרעכץ. ער האָט געזעהן רויך און בלוט, ווי עס האָט איהם זיך אויסגעדאַכט. לאָזענדיג דעם פערד און, נישט וויסענדיג, וואָס עס טהוט זיך מיט איהם איז ער צוגעלאָפען צו די קאָזאַקען. אַ מורא'דיגער שרעק האָט איהם פערצויגען די בליקען, ער האָט גאָרנישט בענומען, נאָר ער האָט פערשטאַנען, אַז עס איז שוין אַלץ געענדיגט. לוקאַש-קע, בלייך ווי אַ טוך, האָט געהאַלטען פאַר די הענד אַ פערוואונ-דעטען טשעטשענעץ און האָט געשריען: „שלאָגט איהם נישט! איך וועל איהם אַ לעבעדיגען נעהמען" דער טשעטשענעץ איז געווען דער אייגענער געלער, דער ברודער פון דער'הרג'עטען אַברעקען, וואָס איז געקומען נאָך'ן גוף. לוקאַשקע האָט איהם פערדרעהט די הענד. מיט אַ מאָל האָט זיך דער טשעטשענעץ אַרויסגעריסען און אויסגעשאָסען פון פיכטאָלעט. לוקאַשקע איז אַניעדערגעפאַלען. אויפ'ן בויך ביי איהם האָט זיך בעוויעזען בלוט, ער איז אויפגעשפרונגען, נאָר איז ווידער געפאַלען, זיך זידלענ-דיג אויף רוסיש און טאָטעריש. אַלץ מעהר האָט זיך בעוויעזען אויף איהם און אונטער איהם דאָס בלוט.

די קאָזאַקען זענען צו צו איהם און האָבען איהם אָנגעהויבען אָבגאַרטלען. איינער פון זיי, נאַזאַרקע, נאָך איידער ער האָט זיך גענומען צו איהם, האָט אַ צייט נישט געקענט אַריינלעגען דעם שווערד אין שייד, אַלץ נישט טרעפענדיג דעם שפּאַלט. דער שאַרפער קאַנט פון שווערד איז געווען אין בלוט.

די טשעטשענצעס, געלע, מיט אונטערגעשוירענע וואָנסען, זענען געלעגען גע'הרג'עטע און צוהאַקטע. נאָר איין בעקענטער, אין גאַנצען צוואונדעט, דער זעלבער וואָס האָט אויסגעשאָסען אויף לוקאַשקען, איז נאָך געווען לעבעדיג. ווי אַ האַלב געשאָסענער רויב־פויגעל, אין גאַנצען אין בלוט (פון אונטער'ן רעכטען אויג האָט גערונען בלוט), צוזאַמענדריקענדיג די צייהן, אַ בלייכער און אַ פינסטערער, איז ער מיט אויפגערעגטע, גרויסע אויגען, זיך אַרומקוקענדיג אויף אַלע זייטען געזעסען אויף די פיס און געהאַלטען אַדאָלכמעסער, נאָך גרייט זיך צו פערטהיידיגען. דער חאָרונזשע איז צו צו איהם פון דער זייט, אַקוראַט ווי ער וואָלט איהם וועלען אויסמיידען און מיט אַ האַסטיגער בעוועגונג האָט ער אויסגעשאָסען פון פיסטאָלעט איהם אין אויער אַריין. דער טשעטשענעץ האָט זיך אַ ריס געטהון, נאָר ער האָט נאָך נישט אויספעיעט, ווי ער איז שוין געפאַלען.

די קאָזאַקען שטאַרק פערטהון האָבען פאַנאַנדערגעשלעפּט די גע'הרג'עטע און אַרונטערגענומען פון זיי די וואַפען. איטליכער פון די רויטע טשעטשענצעס איז געווען אַ מענש, יעדער האָט געהאַט זיין אייגענעם בעזונדערען אויסדרוק. לוקאַשקען האָט מען אַוועק געטראָגען צו דער פוהר. ער האָט זיך אַלץ געזידעלט אויף רוסיש און טאָטעריש.

— שקר, מיט די הענד וועל איך דערשטיקען! פון מיינע הענד וועסטו נישט אַוועק! אַנאַסעני! — האָט ער געשריען, זיך רייסענדיג. באַלד איז ער פון שוואַכקייט ענטשוויגען געוואָרען.

אָלענין איז אַוועקגעריטען אַהיים. ביי נאַכט האָט מען איהם געזאָגט, אַז לוקאַשקע איז נאָהענט פאַר'ן שטאַרבען, נאָר

אַז אַ טאָטער פֿון הינטער'ן טייך האָט זיך גענומען איהם היילען מיט אַזעלכע גראָזען.

די קערפּערס האָט מען צונויפגעשלעפּט ביי דעם סטאַנישט־נע פערוואַלטונגס־הויז. ווייבער און יונגלעך האָבען זיך גע־איילט לויפען קוקען אויף זיי.

אָלענין איז געקומען פאַר נאַכט און ער האָט נאָך לאַנג נישט געקענט קומען צו זיך פון דעם, וואָס ער האָט געזעהען; נור אויף דער נאַכט זענען ווייטער גקומען צושווימען די נעכטי־גע ערינערונגען; ער האָט אַרויסגעקוקט פון פענסטער: מאַריאַ־נע איז געגאַנגען פון הויז אין שטאַל, אָבפּאַרטיגענדיג זיך מיט דער ווירטשאַפט. די מוטער איז אַוועק צו וויין־קעלטער. דער פאָטער איז געזוען אין דער פערוואַלטונג. אָלענין האָט זיך נישט דער־וואַרט, ביז זי וועט ענדיגען אין גאַנצען די אַרבייט, און איז אַוועק צו איהר. זי איז געווען אין שטוב און איז געשטאַנען צו איהם מיט'ן רוקען. אָלענין האָט געמיינט, אַז זי שעמט זיך.

— מאַריאַנאַ, — האָט ער געזאָגט, — העד נאָר מאַר־יאַנאַ. מען קען אַריין צו דיר?

מיט אַ מאָל האָט זי זיך אומגעקעהרט. אין איהרע אויגען זענען געווען קוים צו זעהען טרעהרען. אויף'ן געזיכט איז געלע־גען אַ שעגער אומעט. זי האָט אַ קוק געטהון שטום און גרויסאַרטיג.

אָלענין האָט איבערגעחזר'ט:

— מאַריאַנאַ איך בין געקומען...

— לאָז צורוה, — האָט זי געזאָגט. איהר געזיכט האָט זיך נישט פערענדערט, נאָר פון די אויגען האָבען אָנגעהויבען גיסען טרעהרען.

— צוליעב וואָס? וואָס איז מיט דיר?

— וואָס? — האָט זיך איבערגע'חזר'ט מיט אַ גראָבער האַרטער שטים, — מען האָט קאָזאַקען אויסגעקוילעט! אָט צוליעב וואָס.

— לוקאַשקע? — האָט געזאָגט אָלענין.

— געה אַוועק! וואָס דאַרפסטו דאָ?

— מאַריאַנע! האָט געזאָגט אָלענין, צוגעהענדיג צו איהר.

— קיינמאָל וועסטו פון מיר גאָר נישט האָבען.

— מאַריאַנאַ, זאָג דאָס נישט. — האָט זיך געבעטען אָלענין.

— געה, נודניק! — האָט אַ געשריי געגעבען דאָס מיידעל, אַ קלאַפּ געגעבען מיט פוס און זיך מורא'דיג פערמעסטיגענדיג איז זי צו אויף איהם. אין איהר געזיכט האָט זיך אויסגעדריקט אַזאַ עקעל, פעראַכטונג און בייזקייט, אַז אָלענין האָט בעגריפען מיט אַ מאָל, דאָס ער האָט נישט אויף וואָס צו האָפען און דאָס, וואָס ער האָט פריהער געטראַכט וועגען איהר, אַז עס איז צו איהר נישט צו צוטרעטען — איז אָהן צווייפעל אמת.

אָלענין האָט איהר גאָר נישט געזאָגט, און איז אַרויסגעלאָפען פון שטוב.

## XLII.

ווען ער איז געקומען אַהיים איז ער אַשעה צוויי געלעגען אויף'ן בעט, זיך נישט ריהרענדיג, דערנאָך איז ער אַוועק צום ראָטנעם קאָמאַנדיר און זיך אָבגעבעטען פון סטאַניצע אין שטאַב. פון קיינעם נישט נעהמענדיג קיין אָבשייד און זיך צורעכענענדיג דורך וואַניושען מיט זיינע בעלי־הבתים, האָט ער זיך געקליבען פאָהרען אין פעסטונג, וואו עס איז געשטאַנען דער פּאָלק. נאָר איין פעטער יעראָשקע האָט איהם בעלייט. זיי האָבען אויסגעטרונקען אַגלאָז, נאָך אַמאָל אויסגעטרונקען און נאָכאַמאָל. אַקוראַט, ווי אין דער צייט, ווען מען האָט איהם בעלייט אין מאָסקווע, איז איצט אויך געשטאַנען אַ פּאָטשטאָווע קאַרעטע מיט דריי פערד איינגעשפּאַנט ביי'ן טהיר. נאָר אָלענין האָט זיך שוין נישט גע'חשבונט מיט זיך אַליין, ווי דאַמאָלס און האָט שוין נישט געזאָגט זיך, אַז אַלץ, וואָס ער האָט דאָ געקלערט און געטהון דאָ איז געווען נ י ש ט ד אָ ס. ער האָט זיך שוין נישט פערשפּראָכען אַ נייעם לעבען. ער האָט געליעבט מאַריאַנען נאָך

מעהר, ווי פריהער, און האָט איצט געוואוסט, אַז ער קען קיינ־מאָל נישט ווערען געליעבט פון איהר.

— נו, זיי געזונד, פאָטער מיינער, — האָט געזאָגט פעטער יעראָשקע. — ווענסט געהען אין דער עקספעדיציע, זיי קלוגער, האָרך נאָר צו דעם אַלטען. אַז ס'ווייט אויסקומען זיין אין אַן אָנפאַל אָדער ערגעץ אַנדערשוואו, (איך בין דאָך עפּעס אַן אַלטער וואָלף, איך האָב אַלץ געזעהען), אָדער ווען מען שיעסט, דו געה נישט אין קופּקע, וואו ס'איז אַן עולם מענשען. אַזוי געוועהנליך, ווען אַ ייערע לייט בעקומען פּחד, אָט שטופּען זיי זיך אַלץ דאָרטען וואו אַן עילם: פרעהליכער מיט אַן עולם מענשען. און דאָרטען איז טאַקע ערגער ווי אַלץ: גראָד אין אַן עולם צילעוועט מען. איך פלעג שטענדיג זעהן צו זיין ווייטער פון אַן עולם, געה איך מיר אַליין: האָט מען טאַקע מיך קיין איינמאָל נישט פערוואונדעט. און וואָס האָב איך נישט אויסגע־זעהען אין מיין צייט?

— און אין רוקען ביי דיר זיצט טאַקע אַ קויהל, — האָט געזאָגט וואַניושע, וואָס האָט געפּאַקט אין צימער.

— דאָס האָבען קאָזאַקען געשטיפט, — האָט געענטפערט יעראָשקע

— וואָס הייסט קאָזאַקען? — האָט געפרעגט אָלענין.

— אָט אַזוי! געשכור'ט. געווען אַ קאָזאַק וואַנקאַ פיטקין, האָט ער זיך צוהוליעט, און ווי ער גיעט דאָס מיר טאַקע אין דעם דאָזיגען סאַמען אָרט פון אַ פיסטאָלעט אַ קנאַק, איז געבליבען זיצען.

— וואָס, עפּעס ווייה געטהון? — האָט געפרעגט אָלע־נין. — וואַניושע, באַלד פאַרטיג? — האָט ער צוגעגעבען.

— עך, וואו הייסטו זיך! לאָז דערצעהלען... ווי ער האָט דאָס מיר אַ קנאַק געגעבען, האָט דער קיהל דעם ביין נישט צובראָכען, און אָט אַזוי געבליבען זיצען. איך זאָג איהם: דו האָסט דאָך מיך דער'הרג'ט, ברודערל מיינער. אַ? וואָסטו מיט מיר געטהון? איך וועל אַזוי די זאַך נישט לאָזען. דו וועסט מיר אַן עמער ווייז מוזען שטעלען.

— וואָס־זשע, עס האָט דיר וועה געטהון? — האָט וויע־דער געפרעגט אָלענין, נישט הערענדיג כמעט די מעשה.

— לאָז דערצהלען ביז'ן סוף. געשטעלט אַנ'עמער. אויס־געטרינקען, און דאָס בלוט גיעסט זיך נאָכאַנאַנד. די גאַנצע שטוב פערגאָסען מיט בלוט. דער זיידע בורלאַק זאָגט דענ־מאָלסט: „דער פאַרשווין וועט דאָך פגר'ן. גיעב נאָך אַ שטאָף זיסען, אַז נישט וועלען מיר דיך פער'משפט'ען". האָט מען גע־בראַכט נאָך צושלעפען. גע'שכיר'ט און גע'שכור'ט,...

— אָבער זאָג־זשע, האָט דיר וועה געטהון? — האָט וויעדער געפרעגט אָלענין.

— וואָס פאַר אַ וועהטאָג! שלאָג נישט איבער די רייד: כ'האָב דאָס נישט האָלד. לאָז דערענדיגען. גע'שכור'ט, גע'שכור'ט, געהוליעט ביז טאָג, ביז איך בין געפאַלען שלאָפען אויפ'ן אויווען אַ שכור'ער. אויף מאָרגען איך חאַפ זיך אויף, עס איז אויף קיין פאַל זיך נישט אָבצובויגען.

— האָט שטאַרק וועה געטהון? — האָט ווייטער איבער־גע'חזר'ט אָלענין, רעכענענדיג, אַז איצט וועט ער שוין בעקומען אַנ'ענטפער.

— צו זאָג איך דיר, אַז עס האָט וועה געטהון! נישט וועה געטהון, נאָר אויסבויגען קען מען זיך נישט, נישט געלאָזען געהען.

— נו, עס האָט זיך פערהיילט? — האָט געזאָגט אָלענין, נישט לאַכענדיג אפילו: אַזוי שווער איז איהם געווען אויפ'ן האַרצען.

— פערהיילט געוואָרען, אָבער דאָס קוילכעל איז געבליע־בען דאָ. אָט, דערלאַנג אַ טאַפּ. — און פערקאַשערענדיג דאָס העמד, האָט ער געוויעזען אַ מורא'דיג געזונדען רוקען, וואו ביים ביין האָט זיך געקוילערט אַ קוילכעל.

— זעהסטו, ווי עס קוילערט זיך, — האָט ער געזאָגט, ווי ס'ווייזט אויס. זיך שפּיעלענדיג מיט דעם קוילכעל, ווי מיט אַ צאַצקע. — אָט האָט דאָס זיך צו געקוילערט ביז צום הינטען.

— וואָס, לוקאַשקע וועט לעבען? — האָט געפרעגט אָלענין.

— ווייס גאָט! נישטאָ קיין דאָקטער. געפאָהרען נאָך איהם.

— פון וואַנען וועט מען איהם ברייננען, פון גראָזני? — האָט געפרעגט אָלענין.

— ניין, פאָטער מיינער. אייערע רוסישע וואָלט איך שוין לאַנג צוהאַנגען אויף תליות, ווען איך וואָלט געווען אַ קיסר. נאָר שניידען קענען זיי. אָט אַזוי האָבען זיי געמאַכט אונזער קאָזאַק באַקלאַשעוו פאַר אויס־מענשען, אַ פוס אָבגעשניטען. מן הסתם, נאַראָנים. צו וואָס טויג איצט באַקלאַשעוו? ניין, פאָטער מיינער, אין די בערג זענען דאָ אמת'ע דאָקטורים. אָט אמאָל האָט מען וואָריטשקען, מיין פריינדעלע פערוואונדעט. אין דעם אָרט, אין ברוסט, האָבען אייערע דאָקטורים איהם אָבגע-זאָגט, און פון די בערג איז געקומען סאַאיב, האָט ער איהם אויסגעהיילט. זיי וויסען, פאָטער מיינער, אַזוינע גראָז.

— נו, גענוג שוין רעדען נאַרישקייטען, — האָט געזאָגט אָלענין, — איך וועל דעם בעסטען דאָקטאָר צושיקען פון שטאַב.

— נאַרישקייטען! — האָט איבערגעמישט דער אַלטער, — שוטה! שוטה! נאַרישקייטען! אַ דאָקטער צושיקען! ווען אייערע וואָלטען געהיילט, וואָלטען דאָך קאָזאַקען און טשעטשענצעס צו אייך געפאָהרען זיך היילען, און איצט שרייבען אויס פון די בערג דאָקטורים אייערע אָפיציערען אין פאָלקאָווניקעס. ביי אייך איז אַלץ פאַלש, אַלץ איז ביי אייך פאַלש.

אָלענין האָט נישט געוואָלט פיהרען ווייטער דעם וכוח. ער איז צו שטאַרק געווען איינשטימיג, אַז אַלץ איז געווען פאַלש אין יענער וועלט, וואו ער האָט געלעבט און צו וועלכער ער קעהרט זיך אום צוריק.

— וואָס זשע איז מיט לוקאַשקען? דו ביסט געווען ביי איהם? — האָט ער געפרעגט.

— ער ליגט, ווי אַ טויטער. טרינקט נישט, עסט נישט, נאָר בראָנפען נעהמט צו די נשמה. נו, בראָנפען טרינקט ער

נישט קשה'דיג • אַ רחמנות אויף דעם פאַרשוין. אַ וואוהלער יונג
נעווען, אַ דזשיגיט, ווי איך. אָט אַזוי בין איך שוין אויך אַ מאָל
נעשטאָרבען: ס'האָבען געיאָמערט די אַלטע ווייבער, געיאָמערט.
אַ הימק געשטאַנען אין קאָפּ. ליעג איך מיר אַזוי, און איבער
מיר אויפ'ן אויוען אַלץ אַזוינע קליינע פייקלערס, און פייקלען
אַלץ אַזוי אָב אַנ'אָווענד־מאַרש. שרייַ איך אָן אויף זיי, הויבען
זיי נאָך אָן שטאַרקער צו פייקלען. (דער אַלטער האָט זיך
צולאַכט). האָט מען צו מיר געבראַכט אַ ווייב אַ זאָגערקע (אַ פּאָפּ),
געוואָלט מיך בעגראָבען. זאָגען זיי: ער האָט זיך געוועל־
טעלט, מיט ווייבער געהוליעט, נשמות פערדאָרבען (גע'הרג'ט
מענשען), געגעסען אין פאַסט־צייט פליישינגס, אויף באַלאַלאַיקעס
געשפּיעלט. טהו תשובה, זאָגען זיי. האָב איך אָנגעהויבען תשובה
טהון. איך בין זינדיג, זאָג איך. וואָס דער פּאָפּ זאָל נישט
זאָגען, זאָג איך: זינדיג. און ער האָט אָנגעהויבען פרעגען מכח
דער באַלאַלאַיקע. וואו איז זי ביי דיר, די פערשאָלטענע, זאָגט
ער? דו ווייז, און צובּרעך. און איך זאָג: איך האָב זי נישט.
אין אַליין האָב איך זי אין דער קאַלטער שטוב פערבעהאַלטען
אין אַ נעין; איך וויים, אַז מען וועט נישט געפינען. האָט מען
מיך אַזוי איבערגעלאָזען דערנאָך. בין איך מיר אַזוי אָבגעגאַנגען.
בין איך דאָס דערנאָך געגאַנגען קראַצען די באַלאַלאַיקע....
וואָס האָב איך עפּעס אָנגעהויבען זאָגען? — האָט ער ווייטער
גערעדט, — דו האָרך נאָר, וואָס איך רעד. פון אַנ'עולם געה
אַוועק וואָס ווייטער, אַז נישט וועט מען שלעכט דער'הרג'נען. איך
האָב מיט דיר אמת רחמנות. דו ביסט אַ שכור. איך האָב דיך
ליעב. און דיינע ברידער האָבען טאַקע ליעב צו פאָהרען אויף
בערגלעך. אָט אַמאָל האָט איינער ביי אונז געוואוהנט, פון
רוסלאַנד געקומען, אַלץ אויף די בערגלעך געריטען, ער האָט
מיט אַזאַ מאָדנעם נאָמען אָנגערופען אַ בערגעל. ווי ער דערזעהט
נאָר אַ בערגעל, שפּרינגט ער שוין אַרויף. אַזוי אַרויפגעשפּרונגען
אַ מאָל. זיך איופגעהויבען ביז'ן שפּיץ און פרעהט זיך. און
אַ טשעטשענעץ האָט געשאָסען און איהם דער'הרג'עט. עך, די
טשעטשענצעס שיסען בריה'ש פון די ביקסען! עס זענען נאָך

דאָ גרעסערע בריה'ס פאַר מיר. איך האָב נישט האָלד, ווען מען דער'הרג'עט אַזוי שלעכט. איך קוק אַמאָל אויף די סאָלדאַ-טען אַייערע, און קען זיך נישט אָפּוואונדערען. איז דאָס אַ נאַרישקייט! געהען די גוטינקע אַלע אין איין קופקע און מען נייהט נאָך אָן רויטע קראַגענס. ווי זאָל מען דאָ נישט אַריינפאַלען! הרג'ט מען צו איינעם, שלעפּט מען דעם גוטינקען אַוועק, קומט אַ צווייטער. איז דאָס אַ נאַרישקייט! — האָט איבערגע'חזר'ט דער אַלטער, שאָקעלענדיג מיט'ן קאָפּ, — פאַר וואָס זיך נישט צושפּרייטען און אייגציג-ווייז? אָט אַזוי געה זיך עהרליך. ער וועט דאָך דיך נישט דערקענען. אָט אַזוי טאָקע טהו.

— נו אַ דאַנק! זיי געזונד, פעטער! וועט דער איבער-שטער געבען, וועלען מיר זיך נאָך אַמאָל זעהען, — האָט געזאָגט אָלענין, אויפשטעהענדיג און געהענדיג צום פאָרהויז.

דער אַלטער איז געזעסען אויף דער פאָרלאָגע און איז נישט אויפגעשטאַנען.

— צו אַזוי געזעגענט מען זיך? שוטה, שוטה! — האָט ער אָנגעהויבען רעדען. — עכ'-מאַ, וואָס פאַר אַנ'עולם עס איז געוואָרען! מיר זענען געווען איין קאָמפּאַניע, אַ גאַנץ יאָהר צוזאַ-מען געווען: זיי געזונד, און אַוועק. איך האָב דאָך דיך האָלד, איך האָב דאָך מיט דיר אַזאַ רחמנות! דו ביסט אַזאַ ביטערער, חלץ אַליין און אַליין. דו קענסט עפּעס נישט צוזאַמען מיט מענ-שען זיין! ס'טרעפט אַמאָל איך שלאָף נישט, טהו אַ טראַכט וועגען דיר, האָב אַזוי רחמנות. ווי דאָס ליעדעל זינגט

„אַ חכמה, לייבליכער ברודער,
אין אַ פרעמדען אָרט צו לעבען".

אָט אַזוי ביסט דו אויך.

— נו, זיי געזונד, — האָט געזאָגט אָלענין.

דער אַלטער האָט זיך אויפגעהויבען און איהם געגעבען די האַנד; ער האָט איהר געדריקט און געוואָלט שוין געהען.

— די מאָרדע דיינע, די מאָרדע אַ הער.

דער אַלטער האָט איהם אָנגענומען מיטביידע גראָבע

הענד פאַר'ן קאָפּ, אַ קוש געטהון דריי מאָל מיט די נאַסע וואָנ־סען און האָט זיך פאַנאַנדערגעוויינט.

— איך האָב דיך האָלד, זיי געזונד!

אָלענין האָט זיך אַריינגעזעצט אין וואָגען.

— וואָס־זשע, אַט אַזוי פאָהרסטו טאַקע אַוועק. שענק חאָטש עפּעס אויף אַ זכרון, פאָטער מיינער. די פלינט דיינע שענק. צו וואָס דאַרפסטו צוויי. — האָט געזאָגט דער אַלטער, חליפּענדיג מיט האַרציגע טרעהרען.

אָלענין האָט אַרויסגענומען דעם ביקס און איהם דאָס אַוועקגעשענקט.

— וואָס האָט איהר דאָס אַוועקגעגעבען דעם אַלטען! — האָט געבורטשעט וואַניושע, — נאָך אַלץ ווייניג! אַנ'אַלטער בעט־לער. עפּעס אַ מיאוס פאָלק. — האָט ער געזאָגט, זיך איינהי־לענדיג אין מאַנטעל און זיך צורעכט זעצענדיג אויף'ן באָק.

— שווייג, חזיר! — האָט אַ געשריי געטהון דער אַלטער, לאַכענדיג, — זעהסט, וואָס פאַר אַ קאַרגער.

מאַריאַנע איז אַרויס פון שטאַל, האָט גלייכגילטיג אַ קוק געטהון אויף'ן וואָגען מיט די פערד און, זיך פערנייגענדיג, איז זי אַוועק אין שטוב.

— לאַ פיל — האָט געזאָגט וואַניושע, אַ פינטעל געטהון מיט'ן אויג און נאַריש זיך צולאַכט.

— ריהר זיך! — האָט בייז אַ געשריי געטהון אָלענין.

— זיי געזונד, פאָטער! זיי געזונד, איך וועל דיך געדענקען! — האָט געשריען יעראָשקע.

אָלענין האָט זיך אַ קעהר געטהון קוקען: דער פעטער יעראָשקע האָט גערעדט מיט מאַריאַנען, ווי צו זעהען, פון איי־גענע זאַכען און נישט דער אַלטער, נישט דאָס מיידעל האָבען נישט געקוקט אויף איהם.

**ענדע.**